# קולטור און מארקסיזם

ש ר י פ ט ע ן

פון

א. וו. לונאטשארסקי

פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר בילדונג אין סאָוועט־פאַרבאַנד

פאָרוואָרט פון מ. אָלגין

אויסגאַבע „פרייהייט"

30 יוניאָן סקווער, ניו יאָרק

— 1926 —

# פֿאַרוואָרט צו דער אידישער אויסגאַבע

אַפֿן גורל פֿון די *רוסישע מאַרקסיסטן* איז אויסגעפֿאַלן צו אַנטוויקלען דעם מאַרקסיזם אַפֿן קולטור־געביט אַ סך ברייטער, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין אייראָפּע. פּלעכאַנאָוו׳ס קלאַסן־אַנאַליז פֿון דער נאַראָדניקעס־ליטעראַטור, זיין פֿונדאַמענטאַלע אַרבעט „צו דער אַנטוויקלונג פֿון דעם מאָניסטישן קוק אַף דער געשיכטע״, ווי אויך זיין אָנווענדונג פֿון דעם מאַרקסיסטישן אַנאַליז צו דער רוסישער געשיכטע; פּאָקראָווסקי׳ס אונטערזוכונגען אַפֿן היסטאָרישן געביט, באָגדאַנאָוו׳ס, באַזאַראָוו׳ס און סטעפּאַנאָוו׳ס פֿאָרשונגען וועגן פֿילאָזאָפֿיע און קולטור, און אַ גאַנצע רייע אַנדערע אַרבעטן פֿון מאַרקסיסטישע קריטיקער האָבן אויסגעברייט דעם מאַרקסיזם אויך אַף אַזוינע דערשיינונגען, וואָס געפֿינען זיך אַפֿן סאַמע שפּיץ פֿון דעם „אויבערי״. צווישן די, וואָס האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט דער מאַרקסיסטישער דערקלערונג פֿון גייסטיקע דערשיינונגען, איז דער איצטיקער פֿאָלקס־קאָמיסאַר פֿאַר בילדונג אין סאָוועט־פֿאַרבאַנד, א. וו. לונאַטשאַרסקי — איינע פֿון די פֿאַרביקסטע פֿיגורן אַפֿן געביט פֿון קולטור. לונאַטשאַרסקי איז ניט נאָר אַ פֿילאָזאָף מיט אַ גרינטלאַכער בילדונג, ניט נאָר אַ מאַרקסיסט און אַ באָלשעוויק, ניט נאָר אַ זשורנאַליסט מיט אַ לייכטן, העלן און פֿליסיקן סטיל, וואָס באַצויבערט מיט זיין שיינקייט, נאָר אויך אַ דראַמאַטורג און דיכטער. לונאַטשאַרסקי ווייסט וועגן די שאַפֿונגס־פּראָצעסן ניט נאָר דורך באַקאַנטשאַפֿט מיט די ווערק פֿון אַנדערע קינסטלער, נאָר דורך באַקאַנטשאַפֿט מיט זיין אייגענער נשמה. לונאַטשאַרסקי׳ס ווערק, סיי קריטישע, סיי דראַמאַטישע, זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַלע שפּראַכן. טייל פֿון זיי זיינען אין פֿאַרשידענע צייטן פֿאַרעפֿנטלאַכט געוואָרן אויך אין אידישע צייטונגען און זשורנאַלן.

פֿאַר די אידישע אַרבעטער דאָ אין אַמעריקע איז דער מאַרקסיסטישער צוגאַנג צו קולטור־פּראָבלעמען איצט געוואָרן אַ דרינגענדיקע באַדערפֿניש. ביז אַהער האָט די אַרבע־

טער־באַוועגונג פון דעם אידישן סעקטאָר פון אַמעריקאַנישן פּראָלעטאַריאַט זיך מערסטנס באַגנוגנט מיט עקאָנאָמישן קאַמף און מיט שטיצן די רעפאָרמיסטישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. אויב אין אָט די געביטן האָבן די אָפיציעלע פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך געפּרואווט דורכפירן דאָ און דאָרטן אַ ליניע צווישן אַרבעטער־קלאַס און בורזשואַזיע (ווי ס'איז באַוואוסט, איז אָט די ליניע ביסלאַכווייז פאַרווישט געוואָרן, אַז איצט איז זי אינגאַנצן פאַרשוואונדן אין דער אידעאָלאָגיע פון דער ס. פּ.־ביוראָקראַטיע, וועלכע גייט האַנט אין האַנט מיט דער ביוראָקראַטיע פון דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר), האָט מען דאָס געביט פון קולטור אינגאַנצן געלאָזט אָן אַ זייט. מ'האָט זיך געהאַלטן פאַרן כּלל, אַז ס'איז ניטאָ אַזאַ זאַך, ווי בורזשואַזע קולטור אָדער בורזשואַזע קונסט, און אפילו אין די בעסערע צייטן פון דעם אַמעריקאַנישן סאָציאַליזם זיינען זיינע וואָרט־פירער געווען צופרידן, ווען זיי האָבן געקראָגן אַ בורזשואַזן פּראָפעסאָר אָדער בורזשואַזן זשורנאַליסט צו האַלטן לעקציעס פאַר די אַרבעטער. דער אַמעריקאַנישער אָפיציעלער סאָציאַליזם, אַף וויפיל ער איז געפּריידיקט געוואָרן פאַר אידישע אַרבעטער דורך דעם „פאָרווערטס", האָט געוואוסט פון „גוטער" ליטעראַטור און „שלעכטער" ליטעראַטור, רייכער קולטור און אָרעמער קולטור, און ווייטער איז ער ניט געגאַנגען.

מיט דעם וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן די אידישע אַרבעטער אין די לעצטע יאָרן, מיט דעם אַנטשטיין און אויפוואַקסן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע (סעקציע פון דער וואָרקערס קאָמוניסטישער פּאַרטיי) צווישן די אידישע אַרבעטער, מיט דער פאַרשפּרייטונג פון קלאַסנבאַוואוסטזיין צווישן ברייטע מאַסן פון אידישע אַרבעטער אונטער דער דירעקטער השפּעה און אָפּט אונטער דער פירערשאַפט פון די קאָמוניסטן, ווערן פאַר דעם אַוואַנגאַרד פון די אידישע אַרבעטער אין אַמעריקע אוועקגעשטעלט מיט זייער גאַנצער שאַרפקייט די פראַגע: ווי זאָלן מיר זיך באַציען צו דער אידישער קולטור? איז דאָס אַ בורזשואַזע קולטור אָדער ניט? איז דען בכלל פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי בורזשואַזע קולטור? וואו איז די פּראָלעטאַרישע קולטור, אויב זי איז פאַראַן, טאָ צי קאָנען מיר זיך מיט איר באַנוצן? ווי זאָלן מיר זיך באַציען צו דער עקזיסטירנדיקער בורזשואַזער קולטור? ווי זאָלן מיר זיך באַציען צו די קולטור־אוצרות פון פאַרגאַנגענע צייטן?

## II

עס וואַקסט דאָס באַוואוסטזיין, אַז די גייסטיקע שפּייז,
וואָס ווערט אונטערגעטראָגן די אידישע אַרבעטער דורך בור־
זשואַזע אינטעליגענטישע קולטור־טרעגער, איז ניט דאָס, וואָס
די אַרבעטער־מאַסן באַגערן. עס וואַקסט דער פּראָטעסט קעגן
די גייסטיקע פּראָדוקציעס פון דער אידישער באַלעבאַטישער
וועלט. מען קומט ביסלאַכווייז צו דעם פּראָסטן געדאַנק,
אַז אויב די באַלעבאַטישע וועלט איז אונזער שונא, דאַרף
אויך די גייסטיקע פּרוכט פון יענער וועלט פאַרבאָרגן אַ
געפאַר. פאַר די אַרבעטער, וואָס שטעלן די פראַגן, — און
זייער צאָל וואַקסט פון טאָג צו טאָג — וועט אָט דער בוך
פון חבר לונאַטשאַרסקי ברייגנען אַ גרויסן נוצן. די אָפּ־
האַנדלונגען, וואָס זיינען אַנטהאַלטן אין דעם באַנד, באַ־
שעפטיקן זיך אויסשליסלאַך מיט קולטור־פּראָבלעמען: לי־
טעראַטור, פּאָעזיע, דראַמע, טעאַטער, מאַלעריי, סקולפּטור,
אַרכיטעקטור, מוזיק. די אָפּהאַנדלונגען געהערן צו פאַרשי־
דענע צייטן, אָבער זיי זיינען אַלע דורכגעדרונגען מיט דעם
זעלביקן גייסט און געבויט אַף דעם זעלביקן אייזנפעסטן פונ־
דאַמענט פון מאַרקסיזם. די זעלטענע קאָמבינאַציע פון קלאָרן
מאַרקסיסטישן דענקען מיט אַ קינסטלער־חוש און אַ קינסט־
לערישן סטיל מאַכט דעם באַנד באַזונדערס אינטערעסאַנט.
די אַרבעטער־לעזער, וואָס זיינען ניט באַקאַנט מיט פילאָזאָ־
פישע פראַגן, זאָלן ניט מורא האָבן זיך אַריינצוואַרפן אין
דעם שטראָם פון לונאַטשאַרסקי׳ס אַרגומענטן, וואָרום לונאַ־
טשאַרסקי׳ס פילאָזאָפישע קענטענישן זיינען איינגעוויקלט אין
דער פאָרמע פון לייכטע, ליבלאַכע, פאַרפיינערטע געשפּרעכן.
דער „וכוח איבער קונסט“ און „די פילאָזאָפיע פון דער טראַ־
געדיע“, די צוויי גרעסטע אַרבעטן אין דער זאַמלונג, לייענען
זיך כמעט ווי בעלעטריסטיק. דער וויסנשאַפטלאַכער שטאַנד־
פּונקט איז דאָ, די וויסנשאַפטלאַכע מעטאָדע באַהערשט די
גאַנצע אַרבעט, זי לאָזט זיך דערקאָנען אין די לאָגישע איבער־
צייגנדיקע שלוסן, אָבער זי שטערט ניט דער לייכטקייט פון
שפּראַך און דער שיינקייט פון אויסדרוק. די לעצטע אַרטיק־
לען אין דער זאַמלונג, די וואָס האָבן צו טאָן מיט דער
סאָוויעט־רעוואָלוציע אין איר באַציאונג צו קונסט־פּראָבלע־
מען, זיינען וויכטיק ניט נאָר פאַר כאָוויעט־רוסלאַנד, נאָר
אויך פאַר אַלע קלאַסן־באַוואוסטע אַרבעטער, וואָס קוקן אַפן
סאָוועט־פאַרבאַנד ווי אַף אַ וועג־ווייזער און לערער.

אין קעגנזאַץ צו חבר טראָצקי׳ן, וועלכער האַלט. אַז אַ
פּראָלעטאַרישע קולטור איז אוממעגלאַך, ווייל אונטער דער

קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט קאָן דער אַרבעטער־קלאַס אַנטוויקלען זייער ווייניק פון זיין אייגענער קולטור, און אין דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור וועט ער קיין צייט ניט האָבן צו באַשאַפן אַן אייגענע קולטור, ווייל דער פּעריאָד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור איז זייער אַ קורצער, און נאָך שפּעטער, ווען ס׳וועט שוין איינגעפירט ווערן די קאָמוניסטישע אָרדנונג, וועלן ניט זיין קיין קלאַסן און ס׳וועט ניט מעגלאַך זיין קיין קלאַסן־קולטור,, — אין קעגנזאַץ צו אָט דער טעאָריע שטעלט חבר לונאַטשאַרסקי אַרויס דעם געדאַנק, אַז אַ פּראָלעטאַרישע קולטור ווערט שוין געשאַפן אין דער איצטיקער צייט, אַז זי וועט פאַרשטאַרקט ווערן אין דער איבערגאַנגס־צייט פון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם. און אַז בעצם וועט צווישן דער פּראָלעטאַרישער קולטור און דער סאָציאַליסטישער קולטור פון דער צוקונפט ניט זיין קיין אונטערשיד. „מען דאַרף ניט מיינען“, שרייבט לונאַטשאַרסקי, „אַז ווייל די קולטורן (די קולטור פון דעם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט פון איין זייט און די סאָציאַליסטישע קולטור פון דער צוקונפט פון דער אַנדערער זייט) זיינען זיך סותר איינע די אַנדערע, זיינען זיי פרעמד צווישן זיך. אדרבא, זיי זיינען זייער גרויסע מחותנים. מען קעמפט דאָך פאַרן אידעאַל פון אַ ברידערלאַכער קולטור, פאַר פולשטענדיקער פרייהייט. דער אידעאַל איז דאָך צו באַזיגן דעם אינדיווידואַליזם און איינפירן דעם קאָלעקטיוון מאַסן־לעבן, ניט דורך צוואַנג, נאָר דורך אַן אָרגאַנישער פרייער צוזאַמענשמעלצונג“. דער דאָזיקער אידעאַל, שרייבט לונאַטשאַרסקי, וואַקסט אַרויס גראַד פון דער באַזונדערער לאַגע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. די פּראָלעטאַרישע קולטור, זאָגט ער, דוקא אַלס קעמפנדיקע, ליידנדיקע און שטרעבנדיקע, האָט אין זיך אַ סך עלעמענטן פון דער צוקינפטיקער סאָציאַליסטישער קולטור.

די לעזער זאָלן ניט זיין איבערראַשט פון דעם, וואָס דאָ און דאָרט באַגעגנט זיך ביי לונאַטשאַרסקי׳ן דאָס וואָרט „גאָט“. אין זיין אַרטיקל וועגן טעאַטער זאָגט ער אפילו, אַז דער וויסנשאַפטלאַכער סאָציאַליזם „דעקט אויף אַבסטראַקט און אין די גרונטשטריכן דעם פיינליכן, רירנדיקן, מאַיעסטעטישן און זונדערבאַרן פּראָצעס פון גאָט־שאַפונג, אַנדערש גערופן דעם ווירטשאַפטלאַכן פּראָצעס“.

דער אויפמערקזאַמער לעזער וועט באַמערקן, אַז לונאַ־

טשאַרסקי׳ס „גאָט“ איז ניט קיין „אמת׳ער“ גאָט. ווען
לונאַטשאַרסקי רעדט וועגן גאָט און רעליגיע, האָט ער אין
זינען דעם יעניקן הויכן עקסטאַז, די יעניקע האַרמאָניע פון
פייערלאַכע גייסטיקע איבערלעבונגען, וואָס מען געפינט
אַמאָל צווישן אמת׳ע גלויביקער. לונאַטשאַרסקי האַלט אָט
די איבערלעבונגען אַן און פאַר זיך פאַר עפּעס ווערטפולעס
און שיינעס. ער וואָלט ניט געוואָלט, אַז דער אַרבעטער־
קלאַס אָדער די צוקונפטיקע קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט זאָל אָנ־
ווערן אָט די עקסטאַטישע געפילן. ער גלויבט, אַז אין דעם
פּראָצעס פון קאַמף און אין דער אָנשטרייננגונג פון בויען אַ
נייע געזעלשאַפט וועט דער אַרבעטער־קלאַס איבערלעבן די
שטאַרקע, טיפע, דערהויבנדיקע געפילן, וואָס זיינען באַקאַנט
אונטערן נאָמען „רעליגיעזע דערפאַרונג“, אָבער מיט אַ נייעם
פּראָלעטאַרישן און רעוואָלוציאָנערן, שפּעטער אַלמענטשלאַכן
ניט־מיסטישן אינהאַלט. צי דאָס איז אַזוי, קען מען נאָך
איצט ניט זאָגן, יעדנפאַלס איז דאָס אַ וואונש און אַ האָפנונג
פון ח׳ לונאַטשאַרסקי, וואָס שטערט ניט די גאַנצקייט פון זיין
מטעריאַליסטישן בנין.

לונאַטשאַרסקי׳ס אויספירונגען קאָנען אָנגעווענדט ווערן
ווערן צו יעדער פּראָלעטאַרישער גרופּע אין יעדן לאַנד און
אויך צו די אידישע אַרבעטער אין אַמעריקע. מיר זיינען
זיכער, אַז אָט דער בוך וועט געפינען אַ וועג צו די קלאַסן־
באַוואוסטע אידישע אַרבעטער און וועט פאַרטיפן זייער באַ־
וואוסטזיין.

מ. אָלגין.

# פאַרוואָרט פון אַ. ו. לונאַטשאַרסקי

צו דער רוסישער אויסגאַבע פון דעם „וכוח איבער קונסט און רעוואָלוציע“, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין מאָסקווע אין 1924.

---

זינט איך האָב אָנגעשריבן אָט דעם דיאַלאָג וועגן קונסט איז אַוועק זייער פיל צייט, און די לאַגע האָט זיך מורא׳דיק געביטן.

געשריבן האָב איך אים אַלס פּאָליטישער פאַרשיקטער אין אַ קליינעם צפון׳דיקן שטעטל טאָטמאַ. מיר זיינען דעמאָלט געווען אַן אונטערערדישע פּאַרטיי, וועלכע האָט אויסגענוצט די טורמע און די פאַרשיקונג צו אַנטוויקלען די טעאָריע פון קלאַסנקאַמף. איצט שרייב איך אָט דאָס פאָרוואָרט אין דעם אַמט פון אַ פאָלקס־קאָמיסאַר איבער בילדונג אין דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעפּובליק פון דער וועלט, אין קרעמל, וואָס איז געוואָרן דער וואוין־אָרט פון דער פראָלעטאַריש־פויערשער רעגירונג.

פערצן יאָר! צוויי רעוואָלוציעס, פון וועלכע איינע איז די גרעסטע פון אַלע ביז אַהעריקע.

און פונדעסטוועגן מוז איך מודה זיין, אַז איך האָב ניט וואָס צו ענדערן אין מיין דיאַלאָג. נאָר דער שלום, וואו די מאַרסעליעזע טרעט אַרויס אַלס אַ מוסטער פון רעוואָלוציאָנערער קונסט, קאָן מאַכן אַ פריקרע איינדרוק אַף דעם אָדער יענעם לעזער. די מאַרסעליעזע איז פאַרפּאַטשקעט געוואָרן דורך די הענט פון בלוטלאָזע האַלב־דעמאָקראַטן און פשרה־מאַכער. אָבער אויך די שורות וועגן דער מאַרסעליעזע ווילט זיך ניט בייטן. די שטאָלצע מאַרסעליעזע פון אונזערע גרויסע זיידעס און עלטער־זיידער בלייבט אונזערע. זי וועט קאָנען אַראָפּטרייסלען פון אירע פליגל דעם גרויען שטויב, וואָס ס׳האָבן אַף איר אָנגעוואָרפן די בורזשואַזע און האַלב־בורזשואַזע שרייבער פון אַלע לענדער, און אַרויספליען אין

דער הויך, צוזאַמען מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל און מיט אונ־זערע צוקינפטיגע הימנען, איבער דעם קאָפּ פון דעם זיג־רייכן פּראָלעטאַריאַט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָ און דאָרט האָט זיך וואָס געענדערט אַפן געביט פון קונסט. איך וואָלט געדאַרפט צו־געבן אַן אַנאַליז פון דעם פוטוריזם אין אַלע זיינע פאָרמען. דאָס וואָלט געפאָדערט אַ סך אַ גרינטלאַכערע אַרבעט, וואָס איך קאָן זי ניט דורכמאַכן אין מיינע ווייניקע פרייע מינוטן. אויך וואָלט עס אין עצם ניט קיין סך פאַרבעסערט מיין אָפּהאַנדלונג. איך דענק, אַז זי איז ניט אַלט, אַז איצט אויך קענען זי מיט נוצן דורכלייענען די יעניקע, וועלכע ווילן קוקן אױף קונסט פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער רעוואָלוציע און אירע גרויסע אויפגאַבן. איך בין גליקלאַך צו קאָנסטאַטירן אַז זייער ווייניק פון דעם, וואָס איך האָב געשריבן אין מיין לעבן, וואָלט מען געדאַרפט ראַדיקאַל ענדערן, ווען מען וואָלט וועלן אַרויסגעבן אַ נייע אויפלאַגע. מיר פאַרווירקלאַכן איצט דאָס, וועגן וואָס מיר האָבן געטרוימט און וואָס מיר האָבן געפּלאַנעוועט.

דאָס לעבן האָט זיך גוואַלדיק פאַרענדערט, אָבער מיר זיינען געבליבן די זעלביקע.

---

# אַ ויכוח איבער קונסט

אַ גרויסער צימער, דעמאָקראַטיש מעבלירט. אָנגערויכערט. עטליכע טישען מיט בראַנפּען, ביער, ברויט, הערינג און וואורשט. אַ פּאָר צעהנדליג יונגע לייט זיצען, שטעהן, געהן אַרום און כמעט אַלע רעדען, שרייען, טומלען. מען רעדט איבער די פערשידענסטע טהעמעס. מעהר ווי אַלץ וועגען קונסט: דער בעל־הבית פון צי־מער איז אַ קינסטלער, אַ מאַהלער, זיין פרוי — אַ גרויסע ליעב־האָבערין פון קונסט. איינינע געסט זיינען אויך נאָהענטע מחותנים מיט קונסט. דער טומעל ווערט גרויס און גרעסער. מישט זיך אריין די יונגע בעל־הבית'טע:

— מיינע הערן! — שרייט זי אויף איהר קלינגענדער שטימע, — אַזוי איז אונמעגליך. אַלע שרייען און קיינער הערט ניט, ניט וואָס אַנדערע זאָגען, ניט וואָס ער אַליין רעדט. פאַר וואָס זאָלען מיר ניט מאַכען אַן אָנשטענדיגע דיסקוסיע? און טאַקע וועגען קונסט, נאָר רעדען, ווי מענשען, איינציגווייז און אַפריהער אויסקלייבען אַ פּאָרזיצענדען, פּונקט ווי אין אייראָפּאַ. ווייסט איהר גאָר וואָס? איך וועל זיין אַ פּאָרזיצענדער. ווילט איהר מיך אויסקלייבען?

— גוט! אודאי! מיר ווילען! איינשטימיג! — שרייט מען פרעהליך פון אַלע זייטען.

— נו, איך זיץ שוין. וועמען גיט מען דאָס וואָרט? יאָ, איך האָב באַמערקט, אַז אַנקיף פּאָמיטש קאָכט זיך מעהר פון אַלעמען, זאָל ער רעדען דער ערשטער.

אַ יונגער מאַן אין אַ סטודענטען־רעקעל, מיט אַ קאָפּ צופּאַל־טעטע האָאָר און אַ געלע נערוועזע געזיכט האָט מיט אַ בייזער מינע אַ קוק געטאָן אויף דער בעל־הבית'טע און אָנגעהויבען צורייצט:

— איך קאָך זיך? פון וואַנען האָט איהר עס גענומען... איהר ווילט, איך זאָל רעדען? וואָס זאָל איך אייך זאָגען? פרעגט מיר

בחרם, וואָס דאָרטען טוט זיך אין דער קונסט אייערער. איך פּער־שטעה אין קונסט גאָר נישט און וויל ניט פערשטעהן. ווען מענשען האָבען לעדיגע צייט, ווייל זיי איז ניט קיין נויט צו אַרבייטען, איז זיי לאַנגווייליג. די לאַנגווייליגקייט איז די מוטער פון פערוויילונג, און קונסט איז פערוויילונג, צושטרייאונג. אַלץ אין דער וועלט ספּעציאַליזירט זיך. פערוויילונגען ספּעציאַליזירען זיך אויך. אויף אַזאַ'ן אופן בעווייזען זיך ספּעציאַליסטען צו פערווײלען לעדיג געהער, וואָס האָבען ניט, וואו די צייט אהין צו טאָן: פּאיאַצען און בויך־קאָמיקער פון פערשידענע מינים, מענשען, וואָס גיבען זיך אָפּ דערמיט, לערנען זיך אויף דעם, מיט איין וואָרט — בעלי מלאכות פון שפּאַס, איך האַלט, אַז אַ מענש, וואָס האָט זיך אויס־געקליבען פאַר אַ ספּעציאַליטעט צו פערווײלען זיינע מיטמענשען, איז אַ נידעריגער מענש. מיר דוכט, אַז ניט נאָר איך, אַ דעמאָ־קראַט, כמעט אַ פּראָלעטאַריער, נאָר אפילו די אַריסטאָקראַטען, וואָס גיבען זיך אַזוי פיעל אָפּ מיט קונסט, פיהלען שטענדיג אַ מין פער־אַכטונג צו פערשידענע מוזיקער, אַקטיאָרען און אַנדערע קינסטלער, ווי איהר רופט זיי דאָרטען. אַ פּשוט'ער אַרבייטער טרינקט אויס אַ זונטאַג אַ פלאַש פּשוט'ען בראַנפען, שלעפּט ער זיך אַ שכור'ער איבער'ן גאַס און שרייט אַ הייזעריג ליעדעל — דאָס איז זיין פער־ווײלונג. אַ רוסישער סוחר לאַקטשעט אויס אַ טוץ שאַמפּאַניער און שלאָגט אויס די שויבען אין אַ רייכען רעסטאָראַן — דאָס איז זיין פערווײלונג. אַנדערע מאַכען עס ניט אַזוי גראָב, ניט אַזוי שרייעדיג, עטוואָס פיינער, אָבער אַלץ דערפאַר, וואָס זיי איז אור־מעטיג, לאַנגווייליג; לאַנגווייליג דערפאַר, וואָס זיי האָבען צו־פיעל און צו שווער געאַרבייט, אָדער דערפאַר, וואָס זיי זיינען צו לאַנג געזעסען לעדיג, אַלץ איינס. דאָס, וואָס אונזער געזעלשאַפט ברענגט אויס אַזוי פיעל געלד אויף טעאַטערען, מוזעען, און דער־גלייכען, בעווייזט נאָר, אַז אין דער געזעלשאַפט איז פאַראַנען אַ סך רייכע לעדיג־געהער, אַז אין אונזער געזעלשאַפט זיינען די רייכטימער ניט גלייך צוטיילט.

— איהר האָט געענדיגט? — האָט די בעל־הבית'טע גע־פרעגט.

— ניין, איך האָב ניט געענדיגט, — האָט דער רעדנער גע־

ענטפערט מיט כעס. נו, גוט, האט פערגעניגען, ווילט זיך אין ברענגט אויס, וואס איהר באקומט פון פרעמדע הארעוואניע און איהר, שפאסמאכער, איהר „מייסטער פון צושטרייאונג", טוט אייער ארבייט, פארשאפט פערגעניגען, העלפט פארטרייבען די צייט. אבער אום גאטעס ווילען, פעררייסט ניט אזוי דעם קאפ. זאל זיך א קארטאפעל ניט ווען זיין קיין אפעלסין. איז ניין — בלאזען זיי פון זיך, ערקלערען זיך פאר דער פער פון דער מענש־הייט, באשאפען גאנצע טעאריעס וועגען דיענען דער קונסט. שפרינגט אזא איינער און ווארפט טעלער אין דער לופטען, ווארפט און כאפט און זאגט מיט שטאלץ: ווארפען טעלער איז א הייליגע קונסט און איך דיען איהר מיט מיין גאנצער נשמה. איך האב אמאל געהערט, ווי א גאראדאוואי האט זיך צוקריעגט מיט א פאיאץ ביים שפילען אין ביליארד. „א פאיאץ ביזטו און ווייטער גארנישט!" האט דער גאראדאוואי געשריען. און דער פאיאץ האט גענטפערט: „גאספאדין גאראדאוואי! א פאיאץ איז אויך אן ארטיסט!" נו, און איך זאג: אן ארטיסט איז אויך א פאיאץ.

אין צימער איז געווארען א טומעל. מען האט דעם רעדנער אי־בערגעריסען, אויפגערעגט געשריען, ניט געוואלט לאזען רעדען. דער רעדנער האט אלעמען איבערגשריען:

— באלעבאסטינקע, ווילט איהר זיין א פארזיצענדער, טוי האלט ארדנונג, אז ניט, וועל איך זאגען, אז האלטען ארדנונג איז בכלל ניט קיין ווייבערשע זאך.

דער עולם האט זיך צולאכט. דער רעדנער איז נאך מעהר אין כעס געווארען.

— קאן איך רעדען צי ניט?

— איהר קאנט, רעדט, מיר הערען.

— א טענצערקע, א טענאר, וואס רייסט זיך די האלז, אזא איינער, וואס מאהלט זון־פליטערלעך אויף א גרינעם דאך, און אלע אנדערע וואס דיענען דער הויכער קונסט צו פארשאפען פארשידענ־ארטיגע פערוויילונגען — זיי רעכענען דאך אלע, אז זייער קונסט איז א צוועק פאר זיך און נויטיגט זיך אין קיין שום אנדער בע־רעכטיגונג ניט. פאר וואס זאל אן ארימער פאיאץ אויך ניט רע־כענען, אז ער איז אן ארטיסט, און וויבאלד אן ארטיסט, איז ער

דאָך וויכטיג, גרויס, הייליג. איז דאָס נאָך קנאַפּ פאַר זיי. מיר ערוועקען, זאָגען זיי, רחמנות צו די געפאַלענע. מיר דעקען אויף די פאַלשקייט פון לעבען, ברענגען ליכט, לערנען ליעבע! אַ, כאַפּט אייך דער טייוועל! איהר זאָגט ליגען! אין גאַנצען ליגען, הגם פיעלע פון אייך מיינען, אַז דאָס איז אמת! די גאָבע בייכער און די דינינקע נערוועז דארפען פאַרשידענאַרטיגקייט, רייצונג — אָט וואָס! דאַמען באַגאַסענע מיט פּאַרפיום, ווילען זעהן בחוש, ווי הונגעריגע וועבער מיט איינגעפאַלענע אויגען בונטעווען, זיי ווילט זיך דעם העכסטען גראַד נאַטוראַליזם, די מיאוסע ריחות פון „דעק“. און זיי ווילען זיך דורכרעדען וועגען דעם, אַ לייכטען זיפץ טאָן, אַ ביסעל טרעהרען פאַרגיסען. אָה, וועבער, אָרימע ברידער אונזערע! לאָמיר לאָזען רינען אויף'ן „דעק“ אַ טרעהר און אַ זילבערנע מטבע אַ נדבה. דאָס הייסט וועקען רחמנות! איין דאַמע זאָגט: „דער פּאָעט האָט אונז געוויזען, אַז אין טראַנטעם קאָן אויך זיין אַ גוטע נשמה!“ און אַן אַנדער דאַמע גיט צו: „אין גרונט גענומען זיינען מיר דאָך אַלע ברידער!“ אַ באַקאַנטע דאַמע, אויסגעפּוצט אין עסיג און אין האָניג, האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „איך לייען גאָרקי'ן... אַך, די באָסיאַקעס! (טרעמפּס) — דאָס איז דאָך אַ נייע וועלט! אָט וואָס קונסט הייסט! אַזוי וואָלט איך דאָך קיינמאָל ניט צוגעגאַנגען רעדען מיט אַ באָסיאַק — איך וואָלט מורא געהאַט, און איצט האָט פאַר מיר גאָרקי געעפענט אַ טיעף אינטערעסאַנטע נשמה פונ'ם באָסיאַק. מיר האָט זיך אפילו גע'חלומ'ט, אַז איך בין אַליין זייערע אַ מיידעל, מאַלוואַ דאַכט זיך, רופט זי זיך ביי גאָרקי'ן, און אַרום מיר זיינען באָסיאַקעס, באָסיאַקעס, פאַרליעבטע, ווילדע, גאַנצע, רייכע נאַטורען.“ ווי געפעלט זי אייך, מיין פאַר-עטישע דאַמע? ווייטער זאָגט מען נאָך, אַז די קינסטלער שטעבען, שמייסען די היינטיגע געזעלשאַפט. זאָלאַ, למשל, אין זיין „זשער-מינאַל“ (די קוילען גרעבער). מעגליך, אַז זאָלאַ אַליין טוט עס טאַקע מיט'ן גאַנצען האַרצען. אָבער ווי פערשטעהט ער עס ניט, אַז זיינע שמיץ זיינען די רייכע אנגענעהם, אַז ניט, ווי וואָלט עס איהם די בורזשואזיע באַצאָהלען פאַר זיינע פאַרשידענאַרטיגע שמיץ אין אַ סך בענדער מיליאָנען האָנאָראַר? ניט די קוילען-גרעבער צו-קויפען דאָך אויף הונדערטער טויזענדער געלינקע ביכעלעך צו דריי

און א האלב פראנק א ביכעל! יעדען מאל ווען מיר קומט ארויף אויפ'ן זינען די דאזיגע קונסט־שמייסער פונ'ם פעטען גאט מאמאן, דערמאן איך זיך אן דעם גענעראל, וואס פלעגט צאהלען פויערשע מיידלאך צו גאלדענעם רענדעל, זיי זאלען איהם אפשמייסען. אייער סאציאלע קונסט איז א נארישקייט. עס לייענען זי אלע אזעלכע מענשען, אויף וועלכע זי קאן סיי ווי ניט ווירקען. און די, וואס וואלטען קאנען העלפען צו די צרות, די וואס לײדען אליין פון זיי, יענע לייענען ניט. און צו וואס זאלען זיי עס לייענען? דארף דען טאקע דער הונגעריגער האבען א זאטער קינסטלער זאל איהם ערקלערען, אז ביי איהם איז דער בויך פוסט? אבער פאר־וואס איז ער הונגעריג? דאס דארף מען ערקלערען אהן פליטערלעך, אהן קונצען. איצט איז ניט קיין צייט צו קלאפען איבער'ן צימ־בעל. קלינגען אין שטורעם־גלאק, אט וואס מען דארף! און צו קלינגען אין גלאק דארף מען קיין קינסטלער ניט זיין. נו, איצט האב איך געענדיגט.

אויף א ווײלע איז געווארען א טומעל. אבער די באלבעאסטע האט באלד ווידער געמאכט ארדנונג. דאס ווארט האט באקומען בארים באריסאוויטש, א שעהנער יונגער מאן מיט א געקרייזעלטען קאפ און א יעזוס־בערדעל ארום זיין בלאסע געזיכט.

— איך מיין, אז עס זיינען פאראן צווייערליי קונסט. יע־דערע פון זיי האט א באזונדערע אפשטאמונג און א באזונדערע ענטוויקלונג. הגם די צוויי מינים קונסט, וועגען וועלכע איך רעד, האבען זיך אפט איבערגעפלאכטען מיט־אנאנדער. דער ערשטער ווארצעל פון קונסט איז — שפיעל. ווען דער שפיעל, די פערווײלונג, דער שפאס, ווי אנקיף רופט עס, וואלט אפילו געווען בלויז א צייט־פארטרייב, בלויז א רפואה געגען לאנג־ווײליגקייט, וואלט עס אויך געווען זעהר א וויכטיגע זאך. יעדע רפואה איז א וויכטיגע און ווינשענסווערטע זאך, פאר יעדע קראנק־הייט איז נויטיג א רפואה. אומעט, לאנגווײליגקייט איז אויך א קראנקהייט, און דער וואס היילט פון לאנגווײליגקייט פארדיענט ניט ווייניגער אכטונג, ווי דער וואס היילט פון אנדערע, פיזישע קראנקהייטען. אנקיף וועט זאגען: א קראנקהייט נעהמט זיך דער מענש ניט אליין, און לאנגווײליגקייט איז א חולאת פון לעדיג־

געהער. דאָס איז דאָך אָבער ניט ריכטיג. ליעדער און טענץ, געפּעס מיט מאָלעריי און אויסגעהאַפּטע אָדער העל־געפאַרבטע קליידער קען מען געפינען ביי די סאַמע האָרעפּאַשנע מענשען. אנקיף האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז צושטרייאונג איז נויטיג פון שווערע האָרעוואַניע אויך. איז אויב קונסט וואָלט נאָר געהאַט איין צוועק: פאַרווייַלען, צושטרייען פון לאַנגווייליגקייט אָדער פון שווערע האָרעוואַניע, וואָלט זי שוין דעמאָלט אויך געווען זעהר וויכטיג און ווינשענסווערט. אָבער אפילו די קונסט, וואָס שטאַמט פון שפּילען, האָט אויך נאָך א באַדייטונג. א קליין הינטעל שפּילט אין יאַכט (פּאָלעוואַניע) ניט ווייל איהם איז אומעטיג און ניט ווייל ער האָט א סך געאַרבייט: ער האָדעוועט זיינע גלידער, ער ניט אויס זייער ענערגיע, כדי אַז דורך דעם, וואָס ער וועט זיי איבען, פריי איבען, זאָלען זיי בעסער וואַקסען, ווערען בויגיגער, עלאַסטישער. דאָס זעלבע, וואָס דער הינטעל, האָט אַמאָל געטאָן די יונגע מענשהייט. זי טוט עס איצטער אויך. זי איבט דעם קערפּער און די נשמה. קונסט און יעדער נאָבעלער שפּיעל — דאָס איז א ספּאָרט־גימנאַסטיק, אין דעם העכערען זין פון וואָרט. דאָס לעבען, די ווירקליכקייט מיט איהר אַרבייט־צוטיילונג און פאַרשידענע נויטווענדיגקייטען וואָלט געמאַכט דעם מענשען זעהר איינזייטיג, אין איהם וואָלטען אָפּגעשטאָרבען א סך זייטען, וואָס קענען איהם אין דעם אָדער יענעם פאַל שטאַרק צוניץ קומען, קענען מאַכען זיין לעבען רייכער. די ווילדע פעלקער שפּיעלען אין מלחמה אין דער צייט פון שלום; דאָס איז א שפּיעל, מעהר ניט ווי א שפּיעל, אָבר דערווייל איבען זיי. די קונסט מאַכט, אַז אין אונז זאָלען לעבען און אַרבייטען אַזעלכע רעדעלעך פון גייסט און קערפּער, וועלכע וואָלטען אָהן איהר פאַרראָסט געוואָרען פון ניט נוצען, ווייל די וואָכיגע ווירקליכקייט באַריהרט זיי ניט, דערגעהט ניט צו זיי. מען קען זאָגען, אַז די היינטיגע קונסט פאַרשטהעט ניט גוט די דאָזיגע אויפגאַבע און פיהרט זי ניט אין גאַנצען אויס. אָבער די אידעע פון קונסט איז דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, און די דאָזיגע אידעע איז א וויכטיגע און א הויכע. א מיידעלע פאַרוויעגט איהר פּופּע, וואָס איז פאַרוויקעלט אין א שמאַטע, — דאָס האָדעוועט זי די צערטליכקייט פון איהר אייגענעם יונגען הערצעל — אין איהר פאַנ־

טאַזיע איז עס איהר קינד. א יונגער איגנגעל האָט זיך צואווייגט איבער דעם שיקזאל פון סאָניע מאַרמאַלאַדאָווא. די דאָזיגע העלדין פון דאָסאָיעווסקי'ס ראָמאַן איז גיכער, ווי אַלץ, גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען. אָבער דער יונגער לעזער וועט געוואוינט ווערען ליידען פאַר די ערנידעריגטע און באַליידיגטע, און אָננעהמען זיך פאַר זיי, ווען זיין צייט וועט קומען. אָבער דאָ האָב איך זיך שוין אריינגעמישט אין אין אנדער געביעט... איך האָב בעסער גע־דאַרפט אויסקלייבען אַן אַנדער ביישפּיעל, ווייל דאָסטאָיעווסקי'ס קונסט געהערט שוין ניט צו דעם מין קונסטשפּיעל, דאָס איז שוין קונסט־טהאַט, און זעהר אַ וויכטיגע טהאַט.

די קונסט, וואָס איך האָב אָנגערופען שפּיעל, שטאַמט פון דעם שפּיעל פון אַ קינד און פון אַ ווילדען, וואָס איז שטענדיג אַ האַלבע קינד, פון דעם, וואָס זיי זיינען פול מיט קרעפטען, וועלכע זוכען אַן אויסוועג, בעטען זיך אויף דער פריי. פאַראַן אַזעלכע עלעמענטען אין אונזער קערפּער, אין אונזער מאַרך, וואָס זייער ארבייט ווערט ניט ארויסגערופען דורך אויסערליכע נויטווענדיג־קייט; זייער ארבייט נעהמט זיך פון אַן אינערליכער בעדירפניש אין איבונג, ווייל עס האָט זיך אָנגעקליבען אַ סך ענערגיע, וואָס זוכט אַן אויסוועג. אַן איינפאַכער ביישפּיעל. אייערע פיס געהען צו דער ארבייט און פון דער ארבייט. דאָס ווערט ארויסגערופען פון אויסערליכע נויטווענדיגקייט. אייערע פיס טאַנצען — דאָס נעהמט זיך פון אינערליכער באַדערפניש אין איבונג, דאָס וויקעלט איהר פאַנאַנדער אַ פולקייט פון קרעפטען, וועלכע זוכט אַן אויס־וועג, דאָס לאָזט איהר ארוים ענערגיע, וואָס בעט זיך אויף דער פריי. אָט יענע עלעמענטען לאָזט עס ארוים פריי דער שעפער. און דער וואָס פאַסט אויף, דער וואָס געניסט פון זיין שאַפונג, זיין נענוס איז אַן — אָפּגעשלאָגענער, אַן אָפּגעשיינטער, ווייל ביי איהם הויבען אויך אָן שפּיעלען אַזעלכע סטרונעס, וואָס זיינען געוועסט פאַרשטומט געוואָרען.

דער מין קונסט, וואָס איך רוף אָן טהאַט, נעהמט זיך, דוכט מיר, פון דער שטרעבונג צו איבערצייגען. איבערצייגען געטער אָדער מענשען. כדי דעם מענשען'ס רייד זאָל ווירקען, זאָל זיין איבערצייגענד, מוז עס זיין רייך מיט בילדער, פול מיט ליידענ־

שאַפט. אָדער צו ווענינסטענס אַזוי: דער פאַרלאַנג צו ווירקען, צו איבערציינען ברענגט שוין ניט ווילענדיג דעם וואָרט־קינסטלער, לאָמיר זאָגען אַ קלוגען זקן אויף דער פאַרזאַמלונג פון זיין שבט, ער זאָל אויפהויבען העכער זיין שטים, זיינע ווערטער און באַוועגונג זאָלען זיין מיט אַ מאָס, מיט אַ ריטם. זוכענדיג אַרגומענטען ברענגט ער ביישפּיעלען, דערצעהלט לעגענדען, געשעהענישען פון דער פאַרגאַנגענהייט און סטאַרעט זיך צו שילדערען זיי אַזוי לעבעדיג, גלייך ווי ער וואָלט עס איצט געזעהן פאַר די אויגען. און אַז איבערציינענדע רעדע, אַ פּרעדיגט קען מען מאַכען ניט בלויז מיט'ן מויל, ניט בלויז מיט דעם געשריבענעם אָדער געזאָגטען וואָרט, נאָר אויך מיט סקולפּטור, מיט מאַהלעריי, אויך מיט מוזיק, ווען זי באַגלייט דאָס וואָרט. רעליגיאָן, מאָראַל, פּאָליטיק — זיי האָבען אַלע זיך באַנוצט מיט דער קונסט, זיי האָבען געפונען אין דער קונסט זייער אויסדרוק. און דאָס איז איינפאַך דערפאַר, וואָס אַ שטאַרקער געפיהל פאַרכאַפּט דעם גאַנצען אָרגאַניזם, ברענגט אַלץ אין באַוועגונג, זוכט שטורעמדיג אַן אַרויסגאַנג דורך אַלע וועגען, און דורך אַלע וועגען זוכט ער אויך אַן אַריינגאַנג אין דער נשמה פון דעם, וועמען ער וויל איבערציינען.

אַ גרויסער פּרעדיגער איז שטענדיג אַ קינסטלער. און אַן אמת גרויסער קינסטלער איז שטענדיג אַ פּרעדיגער. אין דעם איז גערעכט לעאָ טאָלסטאָי; אומגערעכט איז ער נאָר, ווען מיט זיין שמאָלקייט פון אַן אסקעט, פון אַ נזיר, וואָס איז געגען יעדע וועלטליכע פאַרגעניגען און גענוס, נעהמט ער און פאַראורטיילט אין גאַנצען דעם מין קונסט, וואָס איך האָב אָנגערופען שפּיעל. דאָך בין איך איינשטימיג, אַז די קונסט, וואָס איז אַ פּרעדיגט, איז אַ סך העכער פון קונסט, וואָס איז אַ שפּיעל. וואָס פּרעדיגט אַ מענש? דאָס וויכטיגסטע, דאָס טייערסטע, צו וואָס ער האָט זיך דערטראַכט. און דאָס, וואָס זיין פּרעדיגט האָט זיך דערהויבען צו קונסט, דאָס הייסט, וואָס זי האָט זיך אָנגעטאָן אין געפיהל און געשטאַלטען, וואָס ער האָט אָנגעשטרענגט זיינע בעסטע קרעפטען זי אַרויסצוברענגען וואָס מעכטיגער, וואָס שעהנער, דאָס באַווייזט, אַז די געדאַנקען, וואָס ער פּרעדיגט, זיינען ביי דעם מענשען באַזונדערס וויכטיג, באַזונדערס הייליג. די קונסט־שפּיעל איז אַ זעהר אַנ־

גענעהמע און ניצליכע גימנאסטיק. די קונסט — פּרעדיגט. דאָס איז די ענטפּלעקונג פון לעבען אין זיין העכסטער גראד פון זיין ענערגיע. און אין דעם זינען זאָג איך: דער אַלטער קריסט, וועל־כער איז געשטאַנען אויף דער אַרענע פון צירק אינ׳ם אַלטען רום און א מינוט פאר זיין מארטירער־טויט האָט ער מיט אַן עסטעטי־שען זשעסט געגעבען צו פיהלען דעם המון, אז ער איז טריי זיין גאָט און אָהן יעדע וואקלונג וועט ער זיך מוסר נפש זיין, נעהמען אויף זיך טויט און יסורים פאר איהם — דער דאָזיגער אַלטער קריסט איז אין מיינע אויגען א גרויסער אקטיאָר. און אויב ער וויל ווירקען אויף דעם המון וועט ער ניט ווילענדיג אויסרעכענען דעם מהלך וואָס צווישען איהם און דער מאסע, אויסרעכענען, עס זאָל ווירקען אויף דעם ווייטסטען, אין דער ווייטסטער רייהע און ער וועט מאַכען זיין זשעסט... סצעניש.

און איך וועל אייך זאָגען, אז אמת גרויס איז יענער ארטיסט, וועלכער פּרעדיגט זיין גאָט דורך קונסט, וואָס קען לויט דעם מין טאלאנט, וואָס ער באזיצט, מיט וואָרט אָדער מיט׳ן פּענזעל, דורך שטיין אָדער טענער אין דער ווירקליכקייט אויך קעמפען און ליי־דען פאר איהם מיט דער גאַנצקייט פון קונסט, מיט דער שעהנהייט פון א קאָנצענטרירטער, באוואוסטזיניגער קראפט.

אויף אזא׳ן אופן איז דער העכסטער מין פון קונסט — די קונסט, וואָס איז א פּרעדיגט, די קונסט, וואָס איז א טהאט. נאָר דאָ זיי־נען אויך פאראן פארשידענע גראדאציעס, אלערליי מדרגות. איך רעד שוין ניט וועגען א פּרעדיגט, וואָס איז ניט אויפריכטיג; וועגען א פארקויפטען אודאי ניט. מיר וועלע רעדען וועגען א השתפכות הנפש פון א קינסטלער, ווען דער שעפער זינגט ארויס זיין טייערסטען, זיין איניגסטען אני מאמין פּרעדיגען קען מען פאר־שידענע זאכען. לאָמיר זאָגען: ניט רויבערען, פאָלגען טאטע און מאמע און אלערליי קלייניגקייטען... מען קאָן פּרעדיגען דאָס, וואָס איז גרויס... אָבער וואו איז די מאָס איינצושטעלען די גראַ־דאציעס; וואו איז די מאָס צו בעשטימען וואָס העכער און וואָס נידעריגער?

פאר מיר איז די מאָס קלאָר: עס איז ניטאָ קיין אידעע, וואָס זאָל זיין העכער פאר דער אידעע, אז דער מענשליכער גע־

שלעכט איז איינהייטליך; די העכסטע פּרעדיגט איז די, וואָס וויל איבערצייגען, אַז די מענשהייט מוז זיך פאַראייניגען אויף דעם יסוד פון ברידערליכער מיטאַרבייטערשאַפט פאַר דעם גליק און ענטוויקלונג פון יעדען איינצעלנעם איך האָב זיך אייגענטליך געדאַרפט אונטערשרייבען מיטביידע הענט אונטער טאָלסטאָי'ס מיינונג, אַז גוט איז די קונסט, וועלכע פאַראייניגט, און שלעכט — די, וואָס צוטיילט, וואָס צושפּאַלט. איך שרייב אָבער טאָלסטאָי'ס מיינונג ניט אונטער. פאַרקעהרט, איך פּראָטעסטיר שאַרף געגען זיין מיינונג. און איך וועל אייך זאָגען פאַרוואָס. די קונסט וואָס צוטיילט די מענשען, איז שלעכט. אָבער די אינסטיטוציעס, וואָס צוטיילען זיי, זיינען נאָך ערגער. אינסטיטוציעס הענגען ניט אין דער לופטען. זיי ווערען אויפגעהאַלטען פון מענשען. פאַראַנען מנשען גרופּען און גאַנצע קלאַסען פון אַזעלכע מענשען, וואָס צו־טיילען; פאַראַנען פּערזאָנען און פאַראייניגען, וועלכע זיינען פאַר־אינטערעסירט אין דעם, אַז די מענשען זאָלען זיין צוטיילט און יע־דער איינער, וואָס וויל די מענשען פאַראייניגען, מוז זיך מיט אָט די צוטיילער צוזאַמענשטויסען, ער מוז מיט זיי קעמפען. אָבער ווי קעמפט מען? ניט שוין זשע ווי יענער קאַראַס, שטשעדרינס אידעאַליסטישע פישעל, וואָס האַלט פאַר זיין מערדער דעם העכט אַזאַ מין נאָבעלע דרשה: „ווייסטו, רבי העכט, וואָס ליעבע איז? ווייסטו פון יושר?" דאָס וואָלט געוועזען צו נאַאיוו, צו קינדיש.

טאָלסטאָי'ס כלל: קעמפט ניט געגען שלעכטס מיט גוואַלט. ווען אַ ווילדער וואָלט ביי מיר צוגענומען מיין קינד און איהם אויפ־געגעסען פאַר מייענ אויגען, וואָלט איך געגען איהם ניט געקעמפט מיט כח נאָר מיט וואָרט און איבערצייגונג — דעם דאָזיגען כלל איז איצט אפילו איבעריג צו באַשטרייטען. גרויסע ליעבע איז ענג פאַרבונדען מיט גרויסער פיינדשאַפט. דאָס איז אַן אַלטער אמת. עס וועט אויפהערען צו זיין אמת ערשט דעמאָלט, ווען דער לעצטער עקספּלואַטאַטאָר וועט פאַרשווינדען פון דער ערד. ווער עס וויל דיענען דער ליעבע מיט מעשים, ניט בלויז מיט ווערטער, יענער מוז קומען צו פיינדשאַפט. קריסטוס, דער סימבאָל פון ליעבע, האָט געשטורעמט די פאַריסעער מיט צאָרניגע ווערטער און ער הט פאַרטריבען די הענדלער פון בית המקדש — מיט אַ בייטש.

דעריבער האָט די העכערע קונסט צוויי פאָרמען: אויפדעקען די איינהייט אין די מענשען, אין אַלע מענשליכע פאַרשידענהייטען, אין אַלע זייערע מינים און אַרטען זוכען דאָס איינציגע, דאָס פאַר־אייניגענדע, זוכען דעם מענשען; פּרעדיגען ברידערשאַפט, מיט־לייד... דאָס איז איין זייט, פון דער אַנדער זייט, די קונסט פון צאָ־רען, וואו דר קינסטלער דאַרף אַראָפּרייסען מאַסקעס, לעגען אַ שטעמפּעל פון שאַנד אויפ'ן שטערען. איך וויים, דאָס זיינען אַלטע געדאַנקען, אלף בית. אָבער די אַלטע געדאַנקען זיינען אמת, און ווען מען פאַרגעסט זיי, ווען מען וויל זיי באַשטרייטען, מוז מען זיי איבער'חזר'ען, מוז מען זיי נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל באַגרינ־דען.

אנקיף לאַכט אויס די קינסטלער, וועלכע וועקען רחמנות, וועלכע שטראָפען, שמייסען. ער איז אומגערעכט. זיין מיינונג איז אויבערפלעכליך. ער פרעגט, פאַר וועמען דאַרף מען דאָס? אויף דעם באַדריקער וועט עס גיט ווירקען און די געדריקטע איז איבעריג צו דערצעהלען, אַז זיי טראָגען דעם יאָך. ער פאַרגעסט, אַז די געדריקטע האָבען זיך צוגעוועהנט; די שטענדיגע ליידען האָבען זיי פאַרטעמפּט. די געוועהנשאַפטען האָט ביי זיי פאַרשלע־פּערט דעם צאָרן, אויסגעלאָשען די האָפנונג. מען דאַרף זיי אויפ־טרייסלען, וועקען דעם געפיהל פון פּראָטעסט, וועקען דעם גלויבען אין די אייגענע קרעפטען. זיי טרינקען דעם ביטערען כוס טראָפּען פאַר טראָפּען און יעדען טאָג פיהלען זיי נאָר דעם טראָפּען פון היינט. דער קינסטלער דאַרף צונויפנעהמען אַלע טראָפּענס און ווייזען זיי דעם גאַנצען ים פון זייערע צרות, זיי זאָלען דערזעהן און פאַרציטערט ווערען. יעדער געדריקטער זעהט נאָר זיינע צרות און זיינע קרעפטען. מען דאַרף איהם ווייזען אין איין ברען פונקט די צרות פון מיליאָנען און די קרעפטען פון מיליאָנען.

חוץ דעם האָט אנקיף פאַרגעסען אָן דער אינטעליגענץ, אי־בערהויפּט די אינטעליגענטע יוגענד. די דאָזיגע יוגענד האָט דאָך געשפּיעלט אַ ראָלע אין קאַמף פאַר באַפרייאונג. ניט די גאַנצע בורזשואַזע יוגענד, אָבער אַ טייל געוויס. נאָך היינט באַקומט די באַפרייאונגס־אַרמעע איבערגעלאָפענע אינטעליגענטע קרעפטן פון דער בורזשואַזיע. אָט די אינטעליגענץ, אָט די יוגענד האָט מען

דאָך געדאַרפט ערציהען, און דאָס האָבען געטאָן ניט בלויז פּובלי־ציסטען, ניט בלויז היסטאָריקער און עקאָנאָמיסטען, נאָר אויך גרויסע שריפטשטעלער־קינסטלער, בעלעטריסטען־פּרעדיגער.

פאַראַנען אַן אַלטע לעגענדע, אַז אינ'ם אַלטען גריכענלאַנד האָ־בען אַמאָל איינוואָהנער פון אַטהען געדאַרפט שיקען הילף דעם מיליטער פון ספּאַרטאַ. און וועמען האָבען זיי געשיקט? אַ דיכ־טער, אַ פּאָעט. און איך זאָג אייך — דאָס איז געווען אַ גרויסע הילף. די אַרמעען פון ליעבע און הייליגען צאָרן דאַרפען האָבען מענשען, וואָס זאָלען שלאָגען אין פּויק און בלאָזען אין טרומייט, וואָס זאָלען אַריינפלעסען מוט אין די נשמות פון די קעמפער, אויפ־בלאָזען אין זיי דעם צאָרן, פאַרשטאַרקען די ליעבע, וואָס זאָלען רופען און געווינען די יוגענד. איך האַלט אויך, ווי אַנקיף, אַז איצט איז אַ צייט, ווען מען דאַרף ציהען דעם שטורעם־גלאָק. נאָר אַנקיף מיינט, אַז דערצו דאַרף מען ניט זיין קיין קינסטלער, און איך מיין, אַז מען דאַרף, מען מוז. יעדער אַגיטאַטאָר דאַרף זיין אַ קינסטלער, פּונקט ווי יעדער קינסטלער וואָלט אין גרונט גענומען באַדאַרפט זיין אַן אַגיטאַטאָר. מיר ציהען דאָך ניט קיין גלאָק פון קופּער, מיר שלאָגען אַ שטורעם אינ'ם האַרץ פון מענשען, און דאָס איז אַ פיינער מוזיקאַלישער אינסטרומענט.

אַ טייל פּובליקום אַפּלאָדירט. אַ טייל איז ניט צופרידען. אין צימער ווערט ווידער אַ טומעל. מען רעדט אין אַלע ווינקעלעך. דער בעל־הבית, דער מאַהלער סקאָבעליעוו, אַ שעהנער יונג מיט אַ פרעהליכע געזיכט, באַלויכטען פון אַ פּאָאַר בלויע אויגען, שרייט אי־בער אַלעמען. ער בעט זיך ביי זיין ווייב:

— נו, איצטער וויל איך רעדען. ניין, לענאַ, לאָז מיר רעדען. דו דאַרפסט אַמאָל געבען פּראָטעקציע דיין מאַן אויך. לאָז מיר רעדען. די צונג בייסט. אַ שעהנעם דאַנק אייך, באָרים באָריסאָ־וויטש, פאַר דעם אָרט פון אַ פּויקער, וואָס איהר טיילט מיר צו אין אייער אַרמעע. איך וויל זיך דאָך ערלויבען צו זיין אַן עזות פּנים און אָפּזאָגען זיך פון אַזאַ שעהנע שטעלע. איך וויל אייך זאָגען, ליעבער פריינד, אַז איהר האָט קיין שום באַגריף ניט וועגען דער נשמה פונ'ם קינסטלער. מען קען עס ניט באַהאַלטען, געוויס זיינען פאַראַנען צווישען אונז אַזעלכע, וועלכע מאַכען די קונסט

צו דיענען דער אידעע און ניט פארקעהרט. נאָר דאָס זיינען אזעלכע קינסטלער, וואָס די סאָציאַלע מאָטיווען האָבען זיי איי־בערגעפיהרט, אזעלכע, וואָס שאַפען אמאָל רעכטס ניט א דאַנק דער אידעע, נאָר טראָץ די אידעע. היינע האָט געזאָגט וועגען דעם גרויסען האָלענדישען מאהלער רובענס, אז ער האָט זיך אויפגעהויבען אויפ׳ן הימעל ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס צו זיינע פיס זיינען געווען צוגעבונדען הונדערט קילאָגראַם האָלענדער קעז. אזוי האָבען אייניגע מאהלער פון דער סאָציאַלער אידעאישער שולע זיך אויפגעהויבען הויך טראָץ דעם, וואָס זיי האָבען אויף זיך גענומען די זינד פון אונזער וועלט. אָבער אָט דער זינד, אָט די „פרעדיגט“, וואָס איהר האָט אזוי ליעב, ציהט זייער פוס, ווי די קייטען פון א קאַטאָרזשניק, און יעדערער פון זיי וואָלט פריי אָפּגעאָטעמט, ווען זיין געוויסען, וואָס איז קראַנק אויף דער סאָ־ציאַלער קרענק, וואָלט איהם ערלויבט אראָפּצושליידערען די קייטען. אונזער מאהלער קראַמסקאָי, אליין א געבונדענער, האָט נעבעך גע־טרוימט וועגען דעם. דאָס לייווענד דאַרף זיין שעהן — שרייבט ער אין א בריעף צו א פריינד: אידעען, צער און צאָרן — דאָס אלץ וועט פארגעהן; שעהנקייט וועט בלייבען. דער אוראייניקעל וועט גלייכגילטיג פארבייגעהן פארביי היסטאָרישע דאָקומענטען און ער וועט זיך אָפּשטעלען אין ענטציקונג פאר א שעהנעם לייי־ווענד. — איבעריגנס, צום טייוועל מיט׳ן אוראייניקעל! די קונסט בויגט ניט איהר קאָפּ פאר דעם אוראייניקעל אויך. איהר מיינט, אפשר, איך וויל אייך דאָ ענטוויקלען עפּעס א שטיק מעטאַפיזיק, א טייוועלשע פארדרעהעניש... האָט קיין מורא ניט.

— רעדט, רעדט! זאָגט, וואָס איהר ווילט?

—איך בין גאָר ניט קיין מעטאַפיזיקער. מען זאָגט, א טעאָריע אזעלכע, אז קונסט איז נאָר צוליעב קונסט. איך האַלט ניט פון דער דאָזיגער טעאָריע, ווייל איך אינטערעסיר מיך בכלל מיט קיינע טעאָריעס ניט. נאָר... איהר הערט? א פויגעלע זינגט!.. אָט האָט איהר אייך א קינסטלער. דאָס האַרץ קוועלט אָן. די ברוסט אָטהעמט הויך. געהסט און קוקסט ארום זיך מיט לאַכעדיגע אויגען. באַמערקסטו, ווי אין א ווינקעל האָבען זיך מאַי־בלימעלעך פאנאַנ־דערגעבליהט און אזוי שעהן, אזוי רייך. ניטאָ כמעט קיין בלע־

טער, וואָלקענס זיינען דאָס, וואָלקענס פון אַלערליי קאָלירען...
אוך! ווי א שעהנע מוזיק האָט עס א קלאַפּ געטאָן אין די אויגען,
א גאַנצע גאַמע פאַרביגע פלעקען, ס'האָט זיך אָפּגערופען אין האַר־
צען, אָנגעהויבען זינגען... און די זון פערגיסט אַלץ מיט גאָלד, מיט
גאָלד, מיט גאָלד. שטעהסטו אַזוי, זיס פאַר'שכור'ט און גלאָצסט
די אויגען אויף דיינע ליעבינקע מאַי־בוימעלעך... און נאָכהער
טראַכסטו, ריכטיגער געזאָגט, דו בעטסט, טוסט תפילה: „לאָז זיך;
וואונדער שעהנע, גיב זיך מיר, אָרימען!" און עס הויבען זיך אָן
יסורים, הויבסט אָן געבוירען עסקיזען... אָבער עס איז נאָך אַלץ
ניט דאָס... דו מאַטערסט זיך און ביזט מלא שמחה פון זיעג...
געענדיגט דעם עטיוד איז דיר ביטער און גוט..."

— און הינטער'ן פּלויט פון גאָרטען קלינגען פּעטש, — האָט
אַנקיף אויסגעשאָסען: א גאַראַדאָוואָי גיט דאָרטען אין די צייהנער
א שכור'ען ארבייטער.

— אז איך וועל זעהן, ער גיט אין די צייהנער, וועל איך איהם
אריינפאָהרען מיט א שטעקען... ס'האָט זיך שוין געמאַכט אויך...
אָבער האַלטען יעדען אויגענבליק אין זינען, אז וואו עס איז גיט
ווער עס איז ווער עס איז אין די צייהנער, דאָס קען איך ניט
און וויל ניט אויך איך וויל לעבען, איך וויל מאָהלען. דאָס
לעבען איז שעהן, עס מוז זיין שעהן. איך שווער ביי גאָט, און
מיינע חברים ווייסען עס אויך — אז ווען מען וועט מיך דאַרפען,
גיט נאָר א רוף, וועל איך קומען צו לויפען. איך וועל ארויס אויפ'ן
גאַס, אויב מען וועט דאַרפען, און ניט דער לעצטער... — איך בין
ניט קיין שרעקעדיגער האָז. אָבער כל זמן איך לעב: אָך, די
ליעבינקע זון, די מאַמעלע וואַסער, פיעל פאַרביגע... דער קינסטלער
גופא איז דאָך שטענדיג פריי... זעצט אריין א סאָלאָוויי אין שטיי־
געל — זיין גוף איז געפאַנגען, אמת. אָבער זיין ליעד איז פריי
— עס פליהט!

— אודאי, קאַנאַריקעס און אַנדערע פון דער קליינער חברה
זיינען אין שטייגעל אויך פריי. אָבער ווי איז עפּעס דעם אָדלער
צו זיצען אין שטייג, — האָט אַנקיף איהם איבערגעשלאָגען מיט
א צופרידענעם געלעכטער פון א זיעגער.

— שטעך זיך ניט, איך האָב דערפאַר קיין מורא ניט. איהר

וועט מיר קיינמאָל ניט דערוווייזן, אַז עס איז ניט גוט ליעב צו האָבען ליכט און פאַרבען, אַז עס איז ניט גוט זיי צו מאָהלען... אַזוי בין איך שוין באַשאַפען... איך וויל ניט שטאַרבען און וויל זיך ניט בייטען; לעבען וויל איך, לעבען און זיין אַ קינסטלער. איך ווייס — ניט ליכט און פאַרבען אַליין. די נשמה פונ'ם מענ־שען איז אויך שטאָף פאַר'ן קינסטלער. אַן אַנדערס מאָל געלינגט עס מיר אויך. אַט שפּיעלט זיך אַ קליינע מיידעלע מיט אַ גרויסען הונט... זי לאָזט זיך האַלב אַרונטער, ווי זי וואָלט זיך וועלען צוזעצען, קנייטשט צונויף איהר פּנים'על געשייט, אַ קליינער גנב! און באַהאַלט דעם באָל צווישען די פיסלעך... דער הונט בויגט צו דעם קאָפּ צו דער ערד און קוקט, קוקט, און זיינע הינטישע אויי־גען לאַכען... מיט אַמאָל לאָזט דאָס מיידעלע אַרויס אַ געשריי פון שמחה, טוט אַ שליידער דעם באָל אין דער הויך, און זי לאַכט און לאַכט, פאַרגעהט זיך פאַר געלעכטער, און דער הונט טוט אַ קורצען אָפּגעהאַקטען ביל און לאָזט זיך לויפען נאָך דעם באָל... וואָלט איהר אַ קוק טאָן אויף דאָס מיידעלע אין דער מינוט, ווען זי גרייט זיך צו וואַרפען דעם באָל, אַט־אַט לאָזט זי איהם אַרויס פון האַנט, וואָס וועט איהר דעמאָלט ניט געפינען אויף איהר פּנים'על! עפּעס אַ שרעק און אַן ערוואַרטונג, אַ פעסטען באַשלוס און אַ פרייד... איך האָב פון דעם דאָזיגען שפּיעל געמאַכט אַ סך עטיודען.

— ווייסטו אָבער, וואָס דערנאָך איז געווען? — האָט איהם אַנקיף ניט געלאָזט ריידען ווייטער. — דערנאָך האָט דאָס מיידעלע געטראָפען מיט'ן באָל ביי דעם פאָלקאָווניק גליעבאָוו אין פענסטער, און די מאַמע האָט איהר געריסען פאַר די אויערען. אוי, האָט זי געריסען... פאַר וואָס האָסטו ניט געמאַכט קיין עטיודען דערפון? האָסט געדאַרפט אַ קוק טאָן אויפ'ן פּרצוף פונ'ם אַלטען פאָלקאָוו־ניק, בעת ער האָט געשריען דורכ'ן פענסטער... און די צורייצטע, קרענקליכע, קנעכטישע מוטער... האָסט געדאַרפט אַ קוק טאָן אויף איהר פּנים, בעת זי איז אַריינגעקומען אין ווילדען כעס און האָט שיער ניט אָפּגעריסען איהר מיידעלע די אויערען

— איך האָב דאָס ניט געזעהן.

— אַ שאָדען, ברודער. עס וואָלט געווען אַן אויסגעצייכענטער סוזשעט.

— דו ביזט ווי אַ בייזע שוויגער. זעהסט נאָר וואָס שלעכט. אָבער עס שיינט די זון און עס לעבט די קונסט. און מיר זינגען פון זיך אַרויס אונזער שאַפונג, ווי דער סאָלאָוויי זיין ליעד. וואָס דערפון וועט ווערען — דאָס איז שוין ניט אונזער זאַך. איך קען זיין אַ מענש פאַר דער געזעלשאַפט און איך מוז עס זיין. אָבער דאָס איז אַן אַנדער אָפּטיילונג מיט אַן אַנדער טיר.

— דו פאַרנעהמסט אַ גרויסע דירה. וואָס זאָלען מיר אָרימע טאָן — מיר האָבען אין הארצען נאָר איין קליין צימערל. דאָ שלאָפען מיר, דאָ עסען מיר, דאָ ארבייטען מיר — אַלץ אין דעם איין צימערל.

— איהר קענט מיר פאַרדענקען! — האָט סקאָבעלעוו גע־ענטפערט, — נאָר, איך וועל אייך זאָגען: די צרות וועלען פאַר־ביי, אייער קונסט, וואָס קעמפּט אָדער בעט רחמים, וועט מען מעהר ניט דאַרפען. און מענשען, וואָס זיינען פול מיט לייד און קענען זיך אין גאַנצען אָבגעבען צום קאַמף פאַר די ליידענדע, וועט מען אויך ניט דאַרפען מעהר. אָבער דאָס לעבען וועט זיין רייך, שעהן, און אַ „שעהנער לייוועגד“ וועט ווערען אַ וויכטיגע, אַ גרויסע זאַך... דעמאָלט וועט מען די גרויסע בילדער אַרומטראָגען מיט פּאַראַד, ווי אַמאָל אין דער אַלטער פלאָרענץ... די גרעסטע געשעהעניש פון טאָג וועט דעמאָלט זיין דער פאַקט, וואָס אַ גרויסער קינסטלער האָט אויסגעמאָהלט דעם אייביגען מאָרגען־שטערען אויפ'ן אייביגען ים און אין אַן אייביג פרישען, אייביג יונגען מענשען, וועלכער קלייבט נחת קוקענדיג אויף זיי.

— גוט! זעהר גוט געענדיגט! — האָט מען פון אַלע זייטען געלויבט דעם מאָהלער.

דאָס וואָרט האָט באַקומען דער יונגער מוזיקער עהרליך, אַ דעקאַדענט. ער האָט גערעדט לאַנגזאַם, אַזוי ווי פאַרקלעהרט, זיך אָפּגעהאַקט, געזוכט ווערטער.

— איך האַלט דוקא פון מעטאַפיזיק. די קונסט דאַרף זיך אָפּגעבען מיט אַלגעמיינע פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. זי דאַרף זיך אויפהויבען צו די העכסטע פּראָבלעמען פון וועלט־אַל, פון אייביג־קייט, פון אונענדליכקייט, פון אונבאַוועגליכקייט. יאָ, פון אונ־באַוועגליכקייט. ווארום דאָס, וואָס באַוועגט זיך, וואָס עס בייט

זיך, וואָס עס ציהט צו און שטויסט אָפּ, ליעבט, האסט און קעמפט — דאָס איז גאָר ניט, הבל הבלים, נאָר א חלום, א אילוזיע, נאָר שוים אויף דעם אויבערפלאך פון דעם אמת'ן תוך. דער עצם, דער תוך פון אלץ איז דאָס, וואָס איז אונבאוועגליך, באגעהרט ניט, בייט זיך ניט, דאָס אייז קאלטע, איין מאָל פאר אלע מאָל פארגלי־ווערטע. דאָס ניט־זיין איז דאָס אמת'ע זיין. דער וועלט־אַל, דער תוך פון אלע איז דאָס שטיל־שווייגען, דער שטילער טרויער. ניט דער טרויער פון א מענשען, וואָס איז פארבונדען מיט פארלוסט, מיט בענקעניש, מיט אונצופרידענהייט. נאָר דער שטילער, קאַל־טער טרויער פון א וועלט. דאָס גרויסע שווייגען. דאָס איז דער תוך פון זיין, דאָס איז די שעהנקייט. דאָס דארף זיין די קונסט.

אויב קונסט דיענט דעם הונגער, אלץ איינס דעם הונגער פון קערפער אָדער פון גייסט, אויב זי שטעלט צופרידען (ס'הייסט, עס דוכט זיך, אז זי שטעלט צופרידען) אָדער פלאַמט אויף דעם באגעהר... איז עס שלעכטע קונסט. די העכערע קונסט איז די, וואָס פארקיהלט, וואָס פארוואנדעלט אלץ אין וויסען אונבאוועגלי־כען מארמאָר. די קונסט האָט זיך צוגעריהרט — איז יעדע באַ־וועגונג פארגאַנגען. אָבער די העכסטע קונסט איז די, וואָס דורך פארשידענע מיטלען מאכט זי אונז פארגעסען זיך אליין, וואָס פאר־שלעפערט... בעת מען הערט אויף צו פיהלען די צייט און מען ווערט פארזונקען אין שטילשווייגען פון אייביגקייט. דער קינסטלער דארף אונז געבען אזעלכע מאָמענטען.

איהר געדענקט? דער מאָנאך אָלאַף פון קלויסטער, וואָס לעבען קארלסקרוין, האָט ניט געוואָלט גלויבען, אז אין גן־עדן איז פאַראַן אייביגע גענוס אָהן ערמידונג. און אין איין פריהמאָרגען, בעת ער האָט שפּאַציערט אין וועלדעל, איז צו איהם אראָפּגעפלוי־גען א פויגעלע פון גן עדן און האָט אָנגעהויבען זינגען... דער מאָ־נאך האָט געהערט... און זיין גרויער באָרד איז געוואקסען, די האָאָר זיינען געפאלען, קייטיטשען האָבען צואַקערט זיין פנים, דער קער־פער האָט געדאַרט... דאָס פויגעל האָט א שוועב געטאָן אין דער הויך און איז אוועקגעפלויגען. פארזונקען אין זיך האָט זיך דער מאָנאך ד'ערשלעפּט צום קלויסטער. אָבער קיינער האָט איהם דאָרטען ניט

גנעקענט. אַ סך יאָהר איז שוין אַריבער אויף דער ערד. אָט דאָס איז די זאַך פון קינסטלער. צו דעם דאַרף ער דיענען.

איך בין אַ פּיאַניסט, מיינע הערערן. נאָר בעת די מוזיק טאַנצט, רוישט און ברויזט — איז זי שלעכט, בעת זי בליצט מיט אַ קאַלטע ריינע פאָרם — איז זי גוט; בעת זי נעהמט אייך אויף פליגלען און טראָגט אייך אַוועק ווייט פון דער ערד און פון די שטערען — דעמאָלט איז זי געטליך.

און דאָס שווייגען וועט זיעגען. אַלץ פיהרט דערצו. זיעגען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, ווייל דער פּראָגרעס מאַכט אַלץ דינער, פיינער די נערוועז פון מענשען און דורך דעם שטויסט ער איהם פאַמעלאַכען צום טיר, אַרויס פון דעם קלומר'שדיגען זיין. זיעגען אין דער געשיכטע פונ'ם וועלט־אַל, ווייל אַלץ פיהרט דערצו, אַז די וואַרימקייט זאָל גלייך פאַרטיילט ווערען איבער אַלע פונקטען, און עס זאָל אויפהערען יעדע באַוועגונג, אַלץ זאָל פאַרגליווערט ווערען. דעמאָלט וועט הערשען דאָס שטילשווייגען, דאָס בעסטע פון אַלע ליעדער, די העכסטע האַרמאָניע.

דאָס וואָס איז פול חשק, שמוציג, פולבלוטיג, אָט דאָס אַלץ, וואָס שרייט, באַגעהרט — זאָגט אַליין, איז עס ניט מיאוס, ניט עקעלהאַפט? דאָס זיינען דאָך מיאוס'ע גרימאַסען, אַ קאָנוואולסיע איז דאָס. איהר געדענקט אָרפעאוס, דעם גאָט פון מוזיק ביי די אַלטע גריכען? אונטער די קלאַנגען פון זיין ליעד האָבען שטיינער זיך אַליין צוזאַמענגעלעגט אין אַ בנין. איך מיין, עס וועט אַמאָל זיין אַנדערש. אָרפעאוס זינגט און אונטער זיינע טענער צופאַלען זיך שטיל גאַנצע בנינים אויף איינצעלנע שטיינער. שטיינער אויף מאָלעקולען, אַלץ צושווימט; די זון, די לבנה, די ערד און דער הימעל — אַלץ צופאַלט, צוגעהט אין איינהייטליכער אייביגקייט. אַפּילו די אייז־קאַלטע קונסט־שאַפונגען פון מאַרמאָר, אין וועלכע דער גייסט האָט זיך געראַטעוועט פון באַוועגונג, זיי צוגעהן אויך, אָבער ניט צו ריענען, נאָר צו פאַרגעהן אין אונזיכטבאַרען דאַמף, אין אַ מוזיק אָהן קלאַנגען.

דער דעקאַדענט האָט גערעדט שטיל, יום־טוב'דיג געלאַסען, ווי אַ טיעף גלויביגער. אויף אַ ווײַלע איז געוואָרען שטיל. איבערגעריסען די שטילקייט האָט אַנקיף מיט זיין שניידיגער שטים:

— אויב א גרימאסע, א קאנוואולסיע, איז דאס די ראָלע, וואָס איהר האָט אויף זיך גענומען. ווי קען מען עס זיך ארײנשלאָגען אין קאָפּ אזא אונזין.

דער דעקאדענט האָט א ציטער געטאָן און געענטפערט לעב־האפט:

— עס איז ניט קיין ראָלע, ניט קיין פּאָזע. איך זאָג, וואָס איך פיהל.

— מיינע הערן! אפשר וועלען מיר מאכען א קליינע פויזע?

— האָט געפרעגט העלענא. ווער נאָך וויל רעדען וועגען קונסט?

דער געלער נאום וויקטאראָוויטש פּאָרטוגעז איז צוגעגאנגען צו א באיאהריגטער פרוי מיט קורצע האָאר און זיי האָבען א ווײלע געודעדט צווישען זיך שטילערהייט.

— איך וועל נאָך רעדען און פּאָלינא אלעקסאנדראָוונא אויך.

— אָה, א שרעק! — האָט אנקיף א געשריי געטאָן, — פּאָלינא אלעקסאנדראָוונא׳ן קען איך ניט. נאָר אויב זי איז עהנליך אויף נאום וויקטאראָוויטש׳ן, וועלען מיר דאָ פּארפראָרען ווערען אונטער׳ן האָגעל פון סטאטיסטיק.

— וואָס פאר א סטאטיסטיקס? — האָט געפרעגט פּאָר־טוגעז.

— איהר זייט דאָך עפּעס סאָציאל־דעמאָקראטען, מארקסיס־טען. קען דען א מארקסיסט אויסקומען אָהן סטאטיסטיק?

— נארישקייטען — האָט פּאָרטוגעז געזאָגט מיט זיין רו־הינען באס.

— ניין, מיר וועלען היינט אויסקומען אָהן סטאטיסטיקס, — האָט פּאָלינא אלעקסאנדראָוונא אויך צוגעזאָגט.

— הייסט עס, צוויי רעדנער, — האָט העלענא דימיטרעוונא געזאָגט. — עס וועלען נאָך געווים זיין אלגעמיינע דעבאטען אויך. איך לעג פאָר א פויזע. אפשר וועט אונז דערווייל עהרליך עפּעס שפּיעלען.

אלע זיינען געוועזען איינשטימיג מיט דערווירטהין פון הויז. עהרליך, דער יונגער דעקאדענט, וועלכער האָט נאָר וואָס גערעדט איבער קונסט, האָט זיך א ביסעל געלאָזט בעטען, זיך געקלאָגט, אז דער קאָפּ טוט איהם וועה. ער האָט זיך אָבער באלד געלאָזט

איבעררעדען און איז צוגעגאַנגען צום פּיאַנאָ.

ער האָט זעהר גוט געשפּיעלט. דאָס איז געווען אַ משונה מין פאַנטאַזיע. אַ שטורעם פון איילינגע קלאַנגען האָט זיך געטראָגען איבער׳ן צימער. די קלאַנגען האָבען איבערגעיאָגט איינע די אַנדערע; די נאָטען האָבען אויפגעשריִען, זיי זיינען געפאַלען, האָבען זיך אויפגעהויבען, געלאַכט מיט טריאומף, פורכטבאַר געדונערט, ווילד געקרעכצט.

— מוזיק פאַרדעלט דעם ים פון לעבען... אָבער מעהר ניט אונגעפעהר, ניט אין גאַנצען, — האָט עהרליך שטיל געזאָגט צו דער הויז־ווירטין, וועלכע איז געזעסען לעבען איהם. — און איצט אַ שטילער ראָמאַנס, — האָט ער צוגעגעבען נאָך שטילער, פּונקט ווי ער וואָלט איינגערוימט אַ סוד. און אָשטאַט דעם דונערען, אָנשטאָט דעם ברען פון קאַמף איז געקומען אַן איינפאַכער, אַ גאַנץ איינפאַכער ראָמאַנס. נאָר ער איז געווען אַזאַ ווייכער, אַזאַ פאַרטראַכטער...

— איך זיץ מיר אַזוי ביי מיר אין צימער, — האָט עהרליך געפליסטערט, — און שפּיעל עפּעס אונבאַשטימטעס, אַזוי זיך, פאַר זיך. מיט אַ מאָל עפענט זיך אויף די וואַנט, און עפּעס אַ ווייסער, אַ גרויסער געהט איבער דער ערד... אַ גוואַלדיג גרויסער.. און ער הויבט אויף אַ ווייסע האַנט, אַ פאַרוויקעלטע... און לעשט, לעשט די שטערען... די מענשען, מיין איך, שלאָפען און זיי זעהען ניט... נאָר ניין. וואו נאָר דער ווייסער שלייף האָט דורכגעצויגען, דאָרטען איז אַלץ אָפּגעשטאָרבען... הינטער דער פיגור איז שוין גאָר נישטאָ דאָרטען איז אַלץ פאַרזונקען אין שווייגען... מיר כאַפּט אָן אַ גרויל... אַ פינסטערער שווערער מאַרש איז אָנגעוואָקסען, געוואָ־ען שווערער, פינסטערער, ווי ער וואָלט וועלען אַלץ צוטרעטען, אַלץ דערדריקען; מיט אַמאָל האַקט ער זיך איבער מיט קורצע אויפשרייען פון שרעק... די ריזיגע פיגור קומט צו אַלץ נעהנטער. זי האָט פאַרלאָשען דעם שטערענדעל פון מיין לעבען איבער׳ן דאַך פון מיין הויז... אָט איז זי אויף מיר. אַלץ האָט זי באַדעקט מיט אַ פינסטערניש, אַ מילכפאַרביגע, נעבעלדיגע... און פּלוצלונג... אַזוי גוט, גוט... איך געה אויס, איך פאַרגעה זיס, זאַנפט, וואַרים... ווי גוט...

— דער לאָמפּ געהט אויס, — האָט אָנקיף געזאָגט.

מען האָט אָנגעגאָסען קעראָסין. דער לאָמפּ האָט ווידער גע־נומען העל ברענען. וואָרט האָט באַקומען נאום וויקטאָראָוויטש פּאָרטוגעז — דער מאַרקסיסט.

— נאָר אָהן סטאַטיסטיק, — האָט זיך אָנקיף געבעטען.

— איך האָב דאָך אייך צוגעזאָגט, — האָט איהם דער מאַרקסיסט באַרוהיגט. — נו, הויב איך אָן. דער געגענשטאַנד, מיינע הערען, איז זעהר א ברייטער. איך האָב ניט ליעב קיין האַלבע ווערטער, קיין אָפּגעריסענע געדאַנקען. אָבער איך וועל דעם מאָל דאָך מוזען געבען בלויז אַן עסקיז, ניט קיין גאַנצע זאַך. די, וואָס האָבען גערעדט פאַר מיר, האָבען אויך געגעבען נאָר עס־קיזען. וואָס הייסט קונסט? וואָס הייסט שאַפען קונסט, — דאָס הייט שאַפען נוצליכע זאַכען פון א באַשטימטען סאָרט, דאָס איז א באַזונדערער צווייג פון דער אינדוסטריע בכלל, ריכטיגער גע־זאָגט, א טייל פון דער אַלגעמיינער מענשליכער ווירטשאַפט. איך האָב קיין צייט ניט זיך אָפּצושטעלען אויף דעם, מיט וואָס די ווערק פון קונסט זיינען עהנליך צו די פּראָדוקטען, וואָס א בעל מלאכה אַרבייט אויס, און מיט וואָס זיי אונטערשיידען זיך איינע פון די אַנ־דערע. נאָר קיינער וועט ניט לייקענען, אַז קונסט האָט זיך ענט־וויקעלט אין דער ענגסטער פאַרבינדונג מיט מלאכה, מיט האַנד־ווערק. פאַר דער ענטוויקלונג פון מוזיק, מאַהלעריי, סקולפּטור און אַרכיטעקטור איז נויטווענדיג די ענטוויקלונגען פון טעכניק, ווייל אַט די אַלע מינים קונסט זיינען דאָך לויט זייער פאָרם באַ־זונדערע אַרטען פון טעכניק: געצייג ווערען דאָך ערפונדען און ענטוויקעלט לויט די אַלגעמיינע געזעצען. כדי די קונסט זאָל אויפבליהען, איז דורכאויס נויטיג, אַז די טעכניק פון האַנד־ווערק זאָל דערגרייכען א מעהר אָדער וועניגער הויכע מדרגה פון טעכנישער ענטוויקלונג. דער קינסטלער קען זיך אויסטיילען פון דער געזעל־שאַפט, אַלס ספּעציאַליסט, אַלס אַזעלכער, וואָס גיט זיך אָפּ אין גאַנ־צען צו זיין קונסט, נאָר דעמאָלט, ווען די אַרבייטס־צוטיילונג אין דער געמיינדע האָט שוין דערגרייכט צו א הויכער מדרגה. פריהער האָבען עקזיסטירט נאָר קינסטלער־דילעטאַנטען, ביי וועלכע די קונסט איז געווען א נעבען־זאַך. א מענש האָט געמייסטרעוועט שפּיעזען אָדער טעפּ און ער האָט זיי באַפּוצט, דערביי האָט ער זיך

אַליין נים אָפּגעגעבען קיין גענויעם חשבון, וואָס איז דאָ נויטווענ־דיגקייט און וואָס פאַנטאַזיע. ווייל אין דעם שאַפען פון אַן איינ־צעלנעם, וועלכער האָט זיך נאָך שוואַך אויסגעטיילט אויפ׳ן גוף פון זיין געמיינדע האָבען סיי די נויטווענדיגקייט, סיי די פאַנטאַזיע נים געקענט ווייט אַוועק פון די טראַדיציאָנעלע, פון לאַנג אָן אָנ־גענומענע פאָרמען, — ביידע זיינען געווען נאָר אַ שוואַכע וואַ־ריאַציע, עטוואָס אַנדערש פון דעם, וואָס אַלע האָבען געטאָן. זינגען און טאַנצען איז די ערשטע צייט געווען די שאַפונג פון דער גאַנ־צער געמיינדע. אָט די סאָרטען קונסט זיינען געווען די ערשטע ימים טובים, די ערשטע רעליגיעזע צערעמאָניעס, און צוגלייך מיט די קרבנות האָבען זיי ערצויגען און באַפעסטיגט יענע איינהייט־ליכע סאָלידאַרישע געמיינדע־פּסיכאָלאָגיע, וועלכע איז דעמאָלט גע־ווען אַזוי נויטיג אין קאַמף פאַר׳ן לעבען. נאָר שוין גאַנץ פריה האָט זיך גענומען אויסטיילען דאָס אינדיווידועלע ליעד, די שאַפונג פון דעם איינצעלנעם. דאָס איז געווען אַן ערצעהלונג וועגען דער אַלטער צייט, אָדער אַן אויסדרוק פון געפיהלען צוליעב וועלכער עס איז פּייערליכער געשעהעניש אינ׳ם פּערזענליכען לעבען, איבערהויפּט צוליעב אַ חתונה אָדער אַ לויה. און דאָ האָט זיך אויך געקענט אויסטיילען אַ ספּעציאַליסט נאָר דעמאָלט, ווען די ווירטשאַפט האָט אָנגעהויבען געבען איבעריגע, און עס איז געוואָרען מעגליך, אַז אַ סך, וואָס אַרבייטען, זאָלען אויסהאַלטען איינעם, וואָס אַרבייט נים. נאָר וואָס פאַר אַ ספּעציאַליסטען זיינען דאָס געווען? סיי דער גרויער דיכטער פון אַלט־גריכענלאַנד, האָמער, סיי דער קאָרזער פון קליין־רוסלאַנד, וואָס שפּילט צו אויף דער באַנדורע די טרויעריגע העלדען־ליעדער פון זיין פאַטערלאַנד, סיי די זינגער פון אַלע פעל־קער אין דעם גרויען עלטער פון דער געשיכטע זיינען געווען זקנים, בלינדע, מענשען נים אַרבייטס־פעהיגע. אָט אַזעלכע מענשען האָ־בען זיך דאָס ספּעציאַליזירט אין אויסטראַכטען און געדענקען לידער וועלכע זיי פלעגען איבערגעבען זייערע תלמידים, אַזעלכע אומ־גליקליכע קאַליקעם, ווי זיי אַליין. דער אָנפאַנג פון דעם אינדי־ווידועלען ליעד איז געווען טרויעריג. ווי שפּעט עס האָבען זיך ענטוויקעלט די מינים קונסט, וואָס זיינען ענג פאַרבונדען מיט טעכניק, קען מען זעהן דערפון, וואָס ערשט צום סוף פונ׳ם דרייי־

צעהנטען יאָהרהונדערט האָט זיך דער צעך פון סקולפּטאָרען אין פלאָרענץ אָפּגעטיילט פון די בוי־ארבייטער, פון די געוועהנליכע מוליארעס. און ערשט אין יענער צייט האָבען זיך די קונסט־מאהלער צוזעגענט מיט די פארבער און פשוט׳ע מאהלער בעלי מלאכות. אָבער די גאנצע צייט פון רענעסאנס האָט נאָך ניט עקזיסטירט קיין אָפּגרונד צווישען דעם קינסטלער און דעם בעל־מלאכה. עס איז זעהר שווער צו באשטימען, וואָס איז אזוינס א יובעליער, א בעל־מלאכה, צי א קינסטלער. נו, און א טעפּיך־מאכער, און א מייסטער פון געוועהר? אין דער גאנצער צייט פון רענעסאנס פלעגט דאָס געוועהר זיין באפּוצט און אין יענער צייט איז גאָר שווער געווען זיך פאָרצושטעלען א מייסטער פון געוועהר, וואָס זאָל ניט זיין קיין קינסטלער. דאן אין יענער צייט האָט יעטוועדער קינסטלער געקענט א סך מלאכות. אויפ׳ן גרונט פון פיעלע פאקטען בין איך געניוגט צו קלעהרען, אז אינ׳ם אלטען גריכענלאנד, אין דער בליהענדער עפּאָכע פון דער גריכישער קונסט, איז אויך אזוי געווען. וועגען דער רוימישער עפּאָכע און וועגען דער קונסט פון מיטעל־אלטער איז דאָך שוין אָפּגערעדט. דער קינסטלער איז דעמאָלט געווען פשוט א האנד־ווערקער, א מעהר אָדער ווייניגער קוואליפיצירטער (טעכניש געלערנטער) בעל הבית פון א ווערקשאפּט. אין דער רוימישער עפּאָכע — כמעט שטענדיג א שקלאַף.

פון דעם אלעם, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, איז שוין קלאָר, אז די קונסט וואַקסט און פאלט נאטירליך צוזאַמען מיט דעם, ווי עס וואַקסט און פאלט דאָס האנד־ווערק בכלל. יעדע גרויסע קונסט איז א קינד פון א ניט־ווייניגער גרויסען האנד־ווערק. דער אלט־גריכישער קלאסיציזם, די מיטעל־אלטערליכע גאָטיקע, דער רענע־סאנס זיינען געווען עפּאָכען פון גרויסען האנד־ווערק. ווארום זיי דאַרף מען שטודירען און ליעב האָבען ניט בלויז אין די גרויסע סטאטוען, נאָר אויך אין די וואזעס, וואָס מען האָט באנוצט ביים טיש אין א פאמיליע פון מיטעלען וואוילשטאנד אין אלטען אטהען. ניט בלויז אין דעם גרויסען קאטעדראל פון קעלן, נאָר אויך אין דעם איינבונד פון א מאנוסקריפּט ערגעץ וואו אין א קלויסטער. ניט בלויז אין די גרויסע בילדער ראפאעל׳ס, נאָר אויך אין דער

קליין־מאהלעריי, מיט וועלכע ער האָט באַפּוצט דעם וואַטיקאַן, דעם פּאַלאַץ פון'ם פּאַפּסט אין רוים. אויף אַזאַ'ן אופן איז קלאָר, אַז כדי עס זאָל עקזיסטירען אַ גרויסע קונסט, איז טעכניש נויטווענדיג, עס זאָל עקזיסטירען אַ ברייט ענטוויקעלטע האַנד־אַרבייט.

איז דאָרום פאַרשטענדליך, וואָס ביי אַזעלכע סאָציאַלע עסטעטיקער, ווי מאָריס און ראָסקין איז די פראַגע וועגען אויפלעבען דעם געשמאַק און די קונסט ענג פאַרבונדען מיט דער פראַגע וועגען דעם, ווי מאַכט מען, אַז די האַנד־ווערקער זאָלען איבער אַ נייעס פאַרנעהמען דעם אָרט פון די פאַבריקען און מאַשינען. אָבער אַן עקאָנאָמיסט מיט אַ געזונדען קאָפּ קען אפילו ניט דערלאָזען דעם געדאַנקען, אַז אַזאַ זאַך זאָל ווען עס איז מעגליך זיין. מיר געהען צו דעם, אַז די פּראָדוקציאָן זאָל ווערען נאָך מעהר קאָמפּליצירט, אַז די נאַטור־קרעפטען זאָלען נאָך אין אַ גרעסער מאָס, ווי איצטער, אַרבייטען פאַר'ן מענשען. עס איז גרייליך מעגליך, איבערהויפּט אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אַז די פאַבריק־אינדוסטריע זאָל סוף כל סוף אין גאַנצען פאַרלירען דעם כאַראַקטער פון פיזישער אַרבייט, אַז זי זאָל זיך פאַרוואַנדלען דורכאויס אין קאָפּאַרבייט. אַלץ וועט געשאַפען ווערען מיט דער ענערגיע פון די נאַטור־קרעפטען, אַלץ דורך מאַשינען. דער מענש וועט נאָר דאַרפען אויפמערקזאַם אַכטונג געבען אויף דעם גאַנג פון די מאַשינען. און אַזוי ווי צוליעב זיין האַרמאָנישער ענטוויקלונג נויטיגט זיך דער מענש אין פיזישער איבונג פאַר זיינע מוסקולען, וועט ער דעמאָלט צופרידען שטעלען דורך פאַרשידענע מינים פיינעס, קרעפטיגענדען ספּאָרט און אויך דורך קונסט־האַנד־ווערק. אין דער שולען־בילדונג, וואָס אַ מענש מאַכט דורך אין דער יוגענד, וועט אריין דער אָדער יענער מין קונסט־אַרבייט, לויט די נאַטירליכע נייגונגען פון דעם קינד. דעמאָלט קענען מיר ווידער ערוואַרטען אַן עפּאָכע פון גרויסער קונסט; אַזאַ גרויסע קונסט, וואָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרען, וועט ווידער אַ מאָל אַרומנעהמען דעם מענשען. די פאַבריק וועט צושטעלען אין גרויסע מאָסען און ביליג האַלב־פאַבריקאַטען, פּראָדוקטען, וועלכע מען דאַרף נאָך פאַרענדיגען; און די גאַנצע באַפעלקערונג, דורכאויס פרייע האַנד־ווערקער, וועט זיי פאַרענדיגען, בעאַרבייטען, באַפּוצען, יעדער לויט זיין פרייען גע־

שמאק, לויט זיין אינדיווידועלען געלוסט. איך וועל זיין גענויגט איינצובינדען ביכער מיט א ראפינירטען געשמאק, און אַז די קונסט־זאכען וועל איך צושטעלען אין א שטאָדטישען מוזעאום, און פון דאָרטען וועט זיי קענען נעהמען יעדער חבר, וועמען זיי וועלען נאָר געפעלען ווערען. איך אַליין וועל פונ'ם זעלביגען מו־זעאום נעהמען אַנדערע קונסט־זאכען לויט מיין גוסט, פאַר מיין נעברויך.

— וואָס פאַר אַן אוטאָפּיע! — האָט דער מוזיקער עהרליך געפּליסטערט, טרויעריג צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

— אונגעפעהר אַזוי ברענגט האָבסאָן דעם סאָציאַליזם מיט דעם קונסט־האַנד־ווערק צו איין האַרמאָנישער פאַראייניגונג. אַזוי האַלט אויך דער בעלגישער סאָציאַליסט דעסטרע און בכלל זעה איך ניט איין פאַר וואָס דאָס קען ניט פאַרווירקליכט ווערען. נאָר לאָמיר אַוועקוואַרפען דאָס, וואָס איהר רופט אַן אוטאָפּיעס. איך וויל נאָר זאָגען, אַז דער מאָדערנער קינסטלער האָט זיך אָפּגעריסען פון האַנד־ווערק. מיר אַלע — די רייכע נאָך מעהר ווי די אָרימע — לעבען אין א גראָבער, עקעלהאַפטער אַטמאָספערע. דעריבער איז אונזער קונסט־קולטור ניט קיין גאַנצע, ניט פון איין סטיל, נאָר פון פאַר־שידענע קאָלירען, ניט האַרמאָניש צוזאַמענגעזעצט, און סוף כל סוף א באַרבאַרישע.

אַזוי, צום ווענינגסטען, באַהויפּטען די גרעסטע עסטעטישע טאַלאַנטען פון אונזער צייט; ראַסקין, ווייל‍ד, מאָפּאַסאַן, ניטשע, מאָרים און א גאַנצע רייהע קלענערע טאַלאַנטען. די מאָדערנע קונסט־טעכניק איז א שרייעדיגע, אָהן א גלייכגעוויכט; זי האַלט שטענדיג אין איין זוכען, אָבער מען מוז זאָגען דעם אמת, זי זוכט ניט אַזוי שעהנקייט, ווי נייעס, סענסאַציע, עפעקטען... און דאָס איז ניט בלויז דערפאַר אַליין, וואָס די שילדערענדע קונסט פון אונזער צייט האָט ניט קיין פעסטע שטיצע, וואָס איהר פעהלט א ברייטע קונסט־האַנדווערק, וואָס זאָל אַריינדרינגען אין אַלע שפּעלטעלעך פון דער געזעלשאַפט. דאָס איז אויך דערפאַר, וואָס דער קינסטלער שאַפט איצטער ניט לויט דעם געזעץ פון דער לעבעדיגער ענער־גישער געמיינדע, וועלכע איז איהם נאָהענט און אייגען אין גייסט, אפילו ניט לויט דער באַשטעלונג פון א מעצענאַט, וועלכער רעכענט

זיך מיט זיין אינדיווידועלען געשמאַק. דער קינסטלער שאַפט איצטער פאַר דעם מאַרק, וואָס האָט קיין נאָמען ניט. און די מאַרקקונסט גיט דעם טאָן.

— יאָ, געוויס... טיילווייז איז עס אַזוי... — האָט דער מאַהלער סקאָבעליעוו צוגעגעבען.

— דער קינסטלער אַרבייט מיט זיין גאַנצער נשמה, ווען ער פיהלט, אַז צווישען איהם און זיין שאַפונג איז פאַראַן אַ צוזאַמענהאַנג מיט אַזאַ גרויסע, טיעף געליעבטע און פאַרעהרטע זאַך, ווי, למשל, זיין שטאָדט. און איך וועל אייך זאָגען, אַז ביז איצטער איז די גרויסע קונסט שטענדיג געוועזען אַזוי צו זאָגען אַ מוניציפּאַלע אָן אַלגעמיין־שטאָדטישע. די גרויסע שטאָדט, די גרויסע, קרעפּטענפולע, ניט אַנדערש מעהר אָדער וועניגער דעמאָקראַטישע, שטאָדטישע געמיינדע — זי איז דאָס געוועזען די גרויסע קינסטלערין. די דעמאָקראַטישע שטעדט פון אַלטען גריכענלאַנד, אַטהען, למשל; די דייטשע פרייע געמיינדען; מילאַן, פלאָרענץ, פּיזאָ אין איטאַליען אין דער עפּאָכע פון רענעסאַנס. און פאַרגעסט ניט, דאָס איז אַלץ געוועזען אָן עפּאָכע פון פאַרהעלטניסמעסיגער פרייהייט, ריכטיגער, פון קאַמף... כל זמן די אַריסטאָקראַטיע און דער דעמאָס, די טיראַנען און דאָס פאָלק, פיהרען צווישען זיך אַ קאַמף און לאָזען ניט איינע די אַנדערע אַריבערוועגען, כל זמן ביידע צדדים שטעלען נאָך העכער פאַר אַלץ דעם גליק פון זייער שטאָדט — לעבט נאָך די גרויסע באַגייסטערונגספולע קונסט. נאָכהער קומט די צייט פון מעצענאַטען, איינצעלנע גבירים־באַשטעלער, וואָס פון זייער „גנאָד“ לעבען די קענסטלער. דעמאָלט קומען די קינסטלערעפּיגאָנען, וואָס ענטפּלעקען אַליין קיין נייע קוואַלען פון קונסט. נאָר זיי שעפּען פון די ברונימער, וואָס זייערע גרויסע פאָרגענגער האָבען געגראָבען. אָט די עפּיגאָנען נעהמען די פּראַכטפולע פאָרמען, וועלכע האָבען אויסגעדריקט די אידעאַלען פון אַ פרייער געמיינדע און קאָמבינירען זיי, בינדען צונויף פאַרשידענע פאָרמען אָהן אָן איינהייטליכען גייסט און כדי צו מאַכען זייער אַרבייט פּיקאַנט, פאַרקריכען זיי אין ווילדע עפעקטען, לאָזען זיי זיך אויף גוזמאות, אויף איבערטרייבונגען; זיי פיהרען די שעהנע פאָרמען צו אַ ירידה, צו אָן אונפאַרמיידליכען דעקאַדענס. נאָר אין אָן

אטמאָספערע פון פרייהייט און קאַמף פון איין זייט, פון מעהר אָדער ווייניגער דעמאָקראַטישער איינהייט פון דער אַנדער זייט — נאָר אין אַזאַ אַטמאָספערע קען דאָס פאָלק אַרויסרוקען פון זיך אַזוי פיעל גרויסע טאַלאַנטען, וואָס דריקען אויס פעסט און בולט דעם חוב פון זייער קולטור, איהרע יסודות און איהר ציעל, גרויסע טאַלאַנטען, וועלכע שאַפען אַ סטיל.

איצטער האָבען מיר דאָס ניט. אַ טעמפעל און אַ מאָנומענט, אַ קאַטעדראַל און אַ ראַטהויז (סיטי האָל) — דאָס זיינען געווען די לעבעדיגע קאָנצענטרירונגס־פּונקטען פון דער לעבעדיגער קונסט אין די אַלטע צייטען. און איצטער וואָס האָבען מיר? אַ מוזע־אום — אַ שעהנער בית עולם פאַר דער פאַרגאַנגענהייט — און אַן אויסשטעלונג — אַ ניט האַרמאָנישער, שרייאיגער מאַרק, וועל־כער באַליידיגט דעם פיינעם געשמאַק, פון וועלכען עס פאַרדרעהט זיך דער קאָפּ.

נאָר ווען דאָס פרייע פאָלק וועט איבער אַ נייעם אָנהויבען אויפשטעלען ריעזיגע געזעלשאַפטליכע בנינים: ראַטהייזער, קאָאָפּעראַטיווען, קלובען, טעאַטערען, וועלכע זאָלען אַרייננעהמען צעהנדליגע טויזענדער מענשען און ווערען אמת'ע קולטורעלע צענטרען, נאָר דעמאָלט וועט אויפלעבען די גרויסאַרטיגע מאָנומענטישע קונסט, נאָר דעמאָלט וועט זיך אויסאַרבייטען אַ סטיל.

די קונסט, מיינע הערען, איז דעמאָקראַטיש. געוויס, די אַריסטאָקראַטיע, די מינדערהייט האָט געבויט אָדער געהייסען בויען פּראַכטפולע פּאַלאַצען, ריזיגע טעמפּלען, גרויסאַרטיגע מאָ־נומענטען. אָבער די מינדערהייט האָט עס געבויט כדי צו געפינען חן אין די אויגען פון די מאַסען, כדי צו דערוויזען די מאַסען די מאַכט און דעם רוהם פון דער שטאָדט, כדי צו רעכטפערטיגען זייער הערשאַפט. ווען די אַריסטאָקראַטיע הערט אָבער אויף אויס־צודריקען די טענדענצען פון פּראָגרעס, אין געגענטייל זי נעהמט קעמפען געגען די פּראָגרעסיווע טענדענצען, ווען זי הויבט בכלל אָן צו דעגענערירען, צופאַלען, פוילען, דעמאָלט הויבט זי אָן צו באַ־פּוצען איהרע אייגענע וואוינונגען מיט בילדער פון אויסגעלאַסענער תאוה, וואָס רייצען די מיעדע ליידענשאַפט, צוברענגען דעם אי־בערגעזעטיגטען חשק. דעמאָלט רינגעלט זי זיך אַרום מיט באַרבאַ־

רישען געשמאַקלאָזען לוקסוס, וואו דער עיקר איז ניט די שעהנ־הייט, נאָר די פאַרשווענדערענדע פּוסטע גאוה. און אויב זי בויט עטוואָס גרויסעס, קומט עס ביי איהר אַרויס משונה, ווילד, משוגע.

דאָס זיינען איינינגע שטריכען וועגען דער טעכניק פון קונסט. איצט וועגען דער אינערליכער זייט פון קונסט, וועגען די אידעען און געפיהלען, וועלכע זי דריקט אויס, און דאָ וויל איך אויך מיינע געדאַנקען ניט ענטוויקלען אין זייער גאַנצער ברייט. איך וועל ווידער געבען נאָר אַן עסקיז.

קונסט שפּיגעלט שטענדיג אָפּ די אידעען און געפיהלען פון דער אָדער יענער געזעלשאַפטליכער גרופּע; זי דריקט אויס די וועלט־אַנשויאונג פון דעם אָדער יענעם קלאַס. איך לאָז אין גאַנ־צען איבער די שילדערענדע קונסט, סקולפּטור און מאהלעריי, פון די אַלטע אָריענטאַלישע מאָנאַרכיעס, ווי אשור, בבל, מצרים. דאָר־טען האָט די קונסט נאָר געדיענט צו באַפּוצען די טעמפּלען און פּאַלאַצען אַזוי, אַז זיי זאָלען פאַרבלענדען, וואַרפען אַ פּחד אויף די אונטערטאַנער; און די טעמפּלען און פּאַלאַצען גופא זיינען געווען אַזוי געבויט, אַז זיי זאָלען מיט זייער גרויסער שווערער מאַסע דערשטיקען יעדען פרייען געדאַנק, פאַרזינקען די פעלקער אין ציטערניש, אין עהרפורכט. דאָס לעבען איז דעמאָלט געווען נעשמיעדט אין קייטען פון טראַדיציע. די קונסט אויך. די אידעען און געפיהלען פון יענער קונסט זיינען געווען מורא'דיג שמאָל: די גדולה פון קייזער, זיין שטרענגער משפּט, זיין עשירות, זיינע נצחונות און אַזוי ווייטער אין דעם זעלביגען שניט, און אַלץ מורא'־דיג איבערטריבען, מיט אַ גוזמא, אין אַ טאָן פון הלל, פון שפּרינגען קדוש. די געטער האָט מען אויך געשילדערט, ווי מעכטיגע דעס־פּאָטען, וואָס וואַרפען אַן אימה. די מאָנאַרכען פון אַלטערטום האָבען צונויפגעזאַמעלט אין איינע הענט גוואַלדיגע רייכטימער. האָבען זיי געקאָנט בויען גוואַלדיגע בנינים, געקאָנט מאַכען אַלץ גרויס אויף חדושים, ריזיג, אַז דער קאָפּ האָט אָנגעהויבען שווינד־לען. אָבער פרייע שאַפונג, טיעפקייט פון געפיהל און געדאַנקען, פיינקייט פון פאָרם — דאָס זאָלט איהר אין דער באַרבאַרישער קונסט ניט זוכען. איהר וועט עס ניט געפינען.

בעת דער הערשענדער קלאַס איז געזונד און יונג, איז זיין

הערשאפט היסטאָריש געזעצליך, װײל זי איז היסטאָריש נויטװענ־
דיג. ער רעגולירט די טייכען, אָרגאַניזירט די באַװאַסערונג פון
לאַנד, אָדער ער פאַרטיידיגט די דאָרפישע באַפעלקערונג פון פײנד־
ליכע איבערפאַלען — הכלל ער אָרגאַניזירט דעם קאַמף פון זיין
פאָלק פאַר'ן לעבען, פיהרט זיין פאָלק אויפ'ן װעג פון פּראָגרעס.
דער הערשענדער קלאַס איז דעמאָלט זיכער אין זיך און אין זיין
ממשלה. געװיס האָט ער פריהער פאַר אַלץ אין זינען זיינע אייגענע
אינטערעסען, אָבער צוליעב דער װיכטיגער, נוצליכער ראָלע, װאָס
ער שפּיעלט אין דער געזעלשאַפט, קומט שוין ממילא אַזױ אױס
אַז היטענדיג זיינע אייגענע אינטערעסען, היט ער ביז צו אַ געװיסען
גראַד די אינטערעסען פון פאָלק אויך. פאַרשטעהט זיך, אַז די
דעמאָקראַטיע איז ניט צופרידען, זי קעמפט; אָבער אין אַזעלכע
עפּאָכעס, װען די אַריסטאָקראַטיע טוט נאָך אַ נױטיגע אַרבײט,
האָבען די אידעאַלען פון דער דעמאָקראַטיע ניט קיין אייגענעם
בולט־אויסגעדריקטען כאַראַקטער. זי איז ניט צופרידען מיט אײנ־
צעלהייטען, אָבער בכלל נעהמט זי אָן די אידעאַלען פון דער אַריס־
טאָקראַטיע. אין אַזאַ צושטאַנד איז שװער צו זאָגען, אַז די קונסט
דריקט אױס די אידעאַלען נאָר פון דער אַריסטאָקראַטיע אַליין.
אױסדריקענדיג די אידעאַלען פון דער אַריסטאָקאַטיע, שפּיגעלט
די קונסט אין גרױסען און גאַנצען אָפּ דעם אַלגעמײנעם פאָלקס־
אידעאַל. דעמאָלט איז עס דער אידעאַל פון האַרמאָנישער ענט־
װיקלונג. אַזױ איז אײן צייט געװען אינ'ם אַלטען גריכענלאַנד.

אָבער װען די אַריסטאָקראַטיע האָט שוין איהר זאַך געטאָן,
איהר ראָלע אָפּגעשפּיעלט, װען זי האָט שוין אױסגעפיהרט איהר
היסטאָרישע מיסיאָן, װען די געזעלשאַפט איז איהר איבערגעװאַק־
סען, האָט זיך פאַרקערעװעט אױף נײע װעגען, דעמאָלט הערט
די אַריסטאָקראַטיע אױף צו זיין נױטיג, זי װערט איבעריג, נאָר אַ
שטערונג פאַר די נײע כּחות; די גוטע זייטען איהרע זיינען פאַרבײ
און די שלעכטע לאָזען זיך שטאַרקער פיהלען, איהרע אינטערעסען
זיינען געגען די אינטערעסען פון דער אַלגעמײנער ענטװיקלונג.
װען די אַלטע פּאָליטישע פאָרמען קומען אין װידערשפּרוך מיט
דער עקאָנאָמישער נויטװענדיגקייט, אין װידערשפּרוך מיט די טענ־
דענצען, װאָס דער נייער עקאָנאָמישער אינהאַלט פון געזעלשאַפט־

ליבען לעבען האָט ארויסגערוקט, דעמאָלט הויבט זיך אָן אַ קריזיס.

די אריסטאָקראַטיע פארלירט יעדע סימפאטיע אין פאָלק, זי זעהט שוין מעהר נים קיין ציעל פאר זיך, זי פארלירט די זיכער־קייט אין זיך, פארלירט דעם פּלאַן פון לעבען, דאָס פארשטענדעניש פון לעבען. אנשטאָט דעם געהויבענעם גייסט פון זייער געמיינ־שאַפט, אנשטאָט דעם פאטריאָטישען גייסט קומט דער אינדיווי־דואַליזם, די פערזענליכקייט, אלס אַ ציעל פאר זיך. פריהער איז דאָס לעבען פונ׳ם אריסטאָקראַט געוואָרען פולער, גאַנצער, פּאַרט־נעזעצט געוואָרען אין דעם לעבען פון דער גרויסער געמיינדע, צו וועלכע ער האָט באַלאַנגט. איצט איז ער פאר זיך, זוכט ער אַזאַ מין פולקייט, אַזאַ פאָרטזעצונג — אין נעבעלהאַפטען הימעל, אין מיסטישע גלויבונגען, אָדער ער מאַכט אויף אלץ אַוועק מיט׳ן האנט און שטרעבט וואָס שטאַרקער אויסצוברענגען זיין לעבען. דערביי שטרעבט די אריסטאָקראַטיע צו באַפעסטיגען דעם אַלטען בנין מיט נייע שטענגלעך און הינטערקלעצלעך; זי מיהט זיך אויפצוהאַלטען די אַלטע פרומקייט; זי כאַפּט זיך פאר לאַנג אָפּגעלעבטע אַלט־פרענקישע פאָרמען; אין דער זעלביגער צייט געפינען זיך אַזוינע, וואָס גיבען זיך אין גאַנצען אָפּ צו אויסגעלאַסענע תאוות. די קונסט נעמט דעמאָלט אָן אַ נייעם כאַראַקטער: דאָס איז אַן ארכאַאיזא־ציע, אַ גריבלען זיך אין אלץ, וואָס איז אַלט, אַ פארגעטערען אלץ, וואָס איז אָפּגעלעבט; דאָס זיינען איבערגעטריבענע גלוסטען און ליידענשאַפטען, דאָס איז אַ שילדערונג פון ליידען, אָדער דאָס זייי־נען געשוואָלענע, גוואַלדיג גרויסע מאַרמאָר שטיינער און לייווענ־דען, אָהן אַ גייסט, אָהן אַ זינן. אלץ איז אויסגערעכענט צו קיצלען די אינדיווידועלע נשמה פון שררה אָדער צו באַטויבען די מאַסע, וועלכע איז פרעמד און פיינדליך.

אויב די אַלגעמיינע ווירטשאַפטליכע ענטוויקלונג האָט צו־געגרייט נייע לעבענס פאָרמען, ארויסגערוקט אַ רעוואָלוציאָנערען קלאַס, וועלכער איז פעהיג צו שטירצען די אַלטע פּארפוילטע הערשער — ווערט געבוירען אַ נייע קונסט, וועלכע דריקט אויס דעם נייעם אידעאַל. דאָס רוב שטעהט די נייע קונסט אין אַ שאַר־פען קאָנטראַסט צו דער קונסט פון די פאַרהאַסטע געוועזענע הער־שער. וואָס די אַלטע קונסט האָט גערעכענט פאר שעהן, רעכענט

די נייע פאַר מיאוס, און פאַרקעהרט. אויב אָבער די נייע קרעפטען זיינען צו שוואַך, אויב זיי קאָנען ניט אריינבלאָזען אין דער אַלטער געזעלשאַפט קיין נייעם לעבען, הויבט זי אָן קרענקליך אָפּשטאַרבען, הויבט זיך אָן א פּיינליכע גסיסה; ביז עס קומט אָן אויסערליכער פיינד און גיט דער דאָזיגער גוסס׳ער געזעלשאַפט דעם לעצטען קלאַפּ און מאַכט א סוף צו איהר לעבען און איהרע ליידען צוזאַמען.

די דעמאָקראַטיע, די עקספּלואַטירטע מאַסען נאַרען, נאַטירליך, שטענדיג נאָך א רעוואָלוציאָן, שטרעבען אין גאַנצען אומצוברעכען די עקזיסטירענדע אָרדנונגען, זיי דורשטען ראַכע, לעכצען דעם אונטערגאַנג פון די הערשער. ווען די דעמאָקראַטיע איז צו שוואַך און זי קאָן ניט שטירצען די עקספּלואַטאַטאָרען אין א זיעגרייכען קאַמף, דעמאָלט נעמט איהר קונסט אָן א מיסטישען כאַראַקטער, שפּיגעלט זי אָפּ מיסטישע האָפנונגען אויף א רעוואָלוציע פון אויבען — גאָר פון אויבען, פון הימעל. אויף די אייגענע כחות דופעט מען ניט; מען וואַרט אויף ישועות פון איבערנאַטירליכע קרעפטען. פאַרקעהרט, א דעמאָקראַטיע, וואָס וואַקסט, וואָס פיה׳לט און אַנערקענט איהר אייגענע מאַכט, אזא דעמאָקראַטיע טרעט ארויס אונטערן פאָהן פון טיטאַנישער, שטורמיש־ראָמאַנטישער קונסט, וועלכע פאַרהערליכט, הויבט אויף ביז׳ן זיבעטען הימעל, דעם קאַמף און די קעמפּער. עס טרעפט אמאָל אויך, אז די אטאַקע פאַלט דורך, די קעמפּער זיינען צוקלאַפּט, און די טיטאַנען־קינסטלער, וועלכע האָבען נאָר וואָס געזונגען פון מאַכט און האָפנונג, הויבען אָן ברעכען די הענט און פלוכען. די געשיכטע פון קונסט האָט צו באַווייזען גרויסע מוסטערען פון א יאוש ראָמאַנטיק, א ראָמאַנטיק פון פאַרצווייפלונג אָהן א שיין פון מיסטישע האָפנונגען. איך זאָג נאָך אמאָל: אזוי איז עס אין א עפּאָכע פון א קאָנטער־רעוואָלוציע. איך לאָז דורך א סך איינצעלהייטען, ברענג ניט קיין ביישפּיעלען, קיין באַווייזען. איך קאָן אַנדערש ניט. איך זאָל וועלען ערקלערען מיינע געדאַנקען פּלאַנמעסיג און באַגרינדען זיי סיסטעמאַטיש, וואָלט איך געדאַרפט דערויף צעהנדליגע לעקציעס. בקיצור איז מיין קוק אויף קונסט אזוי: די קונסט רופט ניט דירעקט צום קאַמף פאַר איין אידעאַל אָדער פאַר דעם אַנדערען,

ווי באָריס באָריסאָוויטש האָט דאָ פריהער געזאָגט. אָבער, אַזוי ווי זי באַפּוצט דעם לעבען אויף אַ באַשטימטען שטייגער, אַזוי ווי זי מאָלט באַשטימטע אידעאַלען, איז זי ממילא אַ געצייג אין די הענט פון וועלכען עס איז קלאַס; פון אַ שטאַרקען קלאַס צי פון אַ שוואַכען, פון אַ זיעגרייכען צי פון אַ שלימ׳מזל׳דיגען; העלפט זי אין דער אמת׳ן לעבען און קעמפען. ווען זי וואָלט ניט געהאָלפען, וואָלט זי ניט עקזיסטירט. די קונסט שפּיגעלט אָפּ דעם לעבען, און אין דער דאָזיגער אָפּשפּיגלונג אידעאַליזירט זי די האָפנונגען. אָדער די קונסט באַפּוצט דאָס טעגליכע לעבען גופא און מאַכט עס דירעקט שעהנער, ליכטיגער.

מיר ווילט זיך איצטער זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען די מיינונגען, וואָס זיינען דאָ פריהער אַרויסגעזאָגט געוואָרען פון אַנדערע רעדנער. איך וויל ווייזען, ווי אין זייערע מיינונגען האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט די האָפנונגען פון פאַרשידענע קלאַסען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט. אנקיף, וועלכער האָט אַזוי שאַרף אַטאַקירט די קונסט בכלל, דריקט אויס די שטימונג פון די אומבאַוואוסטזיניגע מאַסען, וועלכע קאָנען שוין מאַכען בונטען און קאָנען נאָך ניט פיהרען קיין סיסטעמאַטישען קאַמף, לאָזען זיך נאָך ניט אָרגאַניזירען. אַזא מין פאַרשלאָגענער המון, ווען אין איהם דערוועקט זיך אַ סטיכישער, נאַטור־בלינדער פּראָטעסט, הויבט ער פריהער פאַר אַלץ אויף זיין האַנט אויף דעם פאַרברעכערישען לוקסוס פון דער רייכער קולטור, וועלכע איז איהם פרעמד, נור ער ווייס, אַז זי איז געקויפט פאַר זיין שוויים און בלוט. אַזוי ווי ער ברעכט די מאַשינען, אַזוי וואָלט ער וועלען פאַרניכטען די קונסט. ער מעסט אַלץ מיט דער מאָס פון עלעמענטאַרע נוצען און די אַלע שעהנהייטען זעהען ביי איהם אויס, ווי פּוסטע שפּילכעלאַך. אנקיף דריקט אויס דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט נאָך ווילדער, נאָך עסקטרעמער, ווייל ער אַליין געהערט דאָך ניט צו דער דאָזיגער אָפּגעשטאַנענער מאַסע; ער וויל זיך נור אַראָפּלאָזען צו איהר; ער איז אַ בעל תשובה און כאַפּט אַריבער די מאָס. די באַוואוסטזיניגע, אָרגאַניזירטע, קעמפענדע מאַסען ברעכען איצט ניט קיין מאַשינען, ברענען ניט קיין פאַבריקען — זיי וועלען איבערלאָזען די מאַשינען מיט די פאַבריקען מיט דער גאַנצער עשירות פון דער

היינטיגער וועלט, זיי ווילען נור, אז דאָס אַלץ זאָל געהערען צו זיי, צו אַלעמען, צו דער גאַנצער געזעלשאַפט. די באַוואוסטזיניגע אָרגאַניזירטע, קעמפענדע מאַסען האָבען גאָר ניט בדעה צו פארניכטען די קונסט־ווערטען, צו פאַרמינדערען די מאָס שעהנהייט אויף דער וועלט; זיי ווילען איינהיטען די קונסט־ווערטען, פאַרדאָפּלען די שעהנהייט, אָבער דאָס זאָל געהערען ניט צו איינצעלנע, נור צו אַלעמען, פאַר דעם גענוס פון יעדען איינעם, וואָס האָט אַן אויג צו זעהן און אַן אויער צו הערען. זאָלען די איצטיגע הארען פון דער וועלט ניט טרייבען רכילות אויף די מאסען. זאָלען זיי ניט ווארפען קיין פחד אויף די לייכטזיניגע און לייכטגלויביגע, אז ווען די מאסען וועלען זיעגען וועלען זיי מאכען א חורבן פון דער קולטור, א תל פון דער קונסט. איהר מעגט זיין זיכער: די זיעגרייכע מאסען וועלען אויפהויבען די קונסט און די גאַנצע קולטור אויף א סך א העכערער מדרגה, ווי זי איז איצט.

באַריס באַריסאָוויטש האָט אונז דאָ געזאָגט, אז דער עיקר אין קונסט איז די טענדענץ, און דער העכערער קינסטלער דארף זיין א פּרעדיגער, א פּראָפּאַגאַנדיסט, אַן אַגיטאַטאָר. ער איז אַן עכטער פאָרשטעהער פון יענער אינטעליגענץ, וואָס האָט ניט פארבונדען איהר גורל מיט די רייכע, מיט די באַדריקער; זי האַלט אָבער אויך ניט פון קלאַסען און קלאַסען־קאַמף. דאָס איז פאַר איהר „צו שמאָל“, „צו גראָב“. זי גלויבט אין „פאָלק“, אלס א גאַנצע איינהייט. אַלץ, וואָס געהערט ניט צו די גבירים, געהערט צום פאָלק און עס קאָן זיין עס דארף געהן צוזאַמען אויפ׳ן וועג פון באַפרייאונג. די דאָזיגע אינטעליגענץ שטיצט זיך ניט אויף אינטערעסען, וואָס טרייבען צום קאַמף, וואָס אָרגאַניזירען און גיבען מאַכט; און ניט אויף אידעאַלען, וואָס וואַקסען ארויס פון אינטערעסען און באַלייכטען דעם קאַמף פאַר אינטערעסען; זי שטיצט זיך אויף מיינונגען, אויף יושר, אויף אידעאַלען, וואָס האָבען א העכערען יחוס, ווי פּשוט׳ע אינטערעסען — דאָס איז פאַר א אידעאַל צו פּראָסט, צו נידריג. דער אידעאַל האָט א העכערע אָפּשטאַמונג. ער וואַקסט ארויס ביי דער „קריטיש־דענקענדער פּערזענליכקייט“ פון קאָפּ. די אינטעליגענטע פּערזענליכקייט איז דערום די שעפּערין פון דער געשיכטע, דאָס זאַלץ פון דער

ערד; די מאַסע איז נור דער באָדען. די אינטעליגענץ זוכט א פרייען מאַרק פאַר איהרע כחות. זי וויל שאַפען אַזאַ אָרדנונג, וואו זי זאָל קאָנען געפינען א ברייטען פּלאַץ פאַר איהר ארבייט. דאָס איז איהר נויטיג מאַטעריעל. דאָס איז איהר אויך נויטיג גייסטיג — אויסצולעבען וואָס ברייטער איהרע פעהיגקייטען און טאַלאַנטען. אָבער אליין איז די דאָזיגע אינטעליגענץ שוואַך, מאַכטלאָז; איינצעלנע פּערזאָנען, מעגען זיי זיין ווי העלדיש, קאָנען ניט באַשאַפען די נייע אָרדנונג, וואָס די אינטעליגענץ באַ־דאַרף. זי נויטיגט זיך אין פאָלק, אין מאַסען; וויל זיי געווינען, זי זוכט אומעטום אנהענגער. איהר הויפּט־ארבייט איז דערום פּראָפּאַגאַנדא, אַפּעלירען צום געפיהל און יושר; אין איהר פּראָ־פּאַגאַנדא ווענדט זי אָן אַלע מיטלען. און קונסט ווערט ביי איהר אויך א געצייג פון פּראָפּאַגאַנדא. חוץ דעם איז די אינטעליגענטע פּערזענליכקייט פול מיט איינדריקען און ליידען, וואָס רייסען זיך פון הארצען, זוכען אַן אויסוועג. אין מוטיגע צייטען גיסט זיך דאָס אויס אין א הייסען צורוף. אין פינסטערע צייטען ווערט דערפון א איכה, א אומעטיגע צעצויגענע קלאָג־ליעד.

אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד, וואו עס עקזיסטירט פּאָליטישע פרייהייט, און די אינטעליגענץ איז ניט געבונדען, זי האָט גענוג פּלאַץ פאַר איהר טעטיגקייט — דאָרטען האָבען דאָס רוב אינטעליגענטען גאָר ניט צו טאָן מיט'ן פאָלק; זיי שטעהען אין דיענסט ביי דער בורזשואזיע און ביי דעם בורזשיאַ־זען שטאַאט. נור איינצעלנע, „ווייסע ראָבען“ זיינען אריבער צו דעם קעמפענדען פּראָלעטאַריאַט. אין רוסלאַנד, וואו עס הערשט נאָך טיראַניי, וואו די אינטעליגענץ האָט ניט קיין פרייהייט פאַר איהר וואָרט, קיין פרייהייט פאַר איהר קולטור־ארבייט, — דאָ געפינט איהר נאָך א סך אינטעליגענטען, וואָס שטעהען אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון באָרים באָריסאָוויטש, אינטעליגענטען ליעבהאָ־בער פון פאָלק.

אָבער אין רוסלאַנד איז שוין אויך פאַראַן אַן אנדער אינטע־ליגענץ, א בורזשואזע, דאָס זיינען קינדער פון דער בורזשואזיע, אָדער איהרע דיענער. און די אינטעליגענץ, וואָס האָט פאַר־בונדען איהר מזל מיט די רייכע, וואַקסט און ווערט

וואָס אַ טאָג גרעסער אין צאָהל און אין איינפלוס. אַ בורזשואַ, אַ אינדיווידואַליסט וויל גוט טאָן זיין זאַך, פאַר אַנדערע זאַכען קימערט איהם ניט. אַ בורזשואַ אַ באַנקיר פיהרט מיט פאַרגעניגען זיינע פינאַנציעלע אָפּעראַציעס, ער באַשרייבט אפשר פּאָעטיש דעם שפּיעל אויף דער בירזע און ער זאָגט: „לאָזט מיר רוהיג טאָן מיין זאַך; זי איז אַזוי שעהן. ציהט ניט אָפּ מיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַנדערע זאַכען“. אַ בורזשואַזער קינסטלער באַציהט זיך צו זיין קונסט אויך אַזוי. דאָס איז זיין ספּעציאַליטעט; אין איהר געפינט ער זיך, און דאָס איז פריהער פאַר אַלץ. דאָס גיסט זיך ביי איהם ניט צונויף מיט זיין מענשליכער פעראַנטוואָרטליכקייט. ער פאָדערט פרייהייט פאַר זיין ספּעציאַליטעט אָן אַן פאַר זיך. סקאָבעליעוו זאָגט, אַז אויב מען וועט דאַרפען, וועט ער אַרויס אויפ׳ן גאַס קעמפען. געוויס, ווייל אין רוסלאַנד האָט נאָך די בורזשואַזיע ניט די גאַנצע דעה, וואָס זי פאָדערט פאַר זיך. עס לעבט נאָך דער צאַריזם. אָבער ווען די בורזשואַזיע וועט באַקומען די דעה; ווען זי וועט ווערען באַלעבאָסטע, וועט מען זיך קאָנען באַרוהיגען. אַנדערע קינסטלער, ביי וועלכע דער מענש איז שטאַרקער, לעבען איבער יסורים, ווייל זיי קאָנען ניט אויסדריקען זייער אידעאַל, ווייל זיי זוכען איהם... סקאָבעלעוו ווייס פון אַזעלכע יסורים ניט. ער טוט זיך זיין זאַך. זיין אַרבייט איז מאָלען מיי־בלימלאַך; וואָס האָט עס צו טאָן מיט אידעאַלען? אָבער סקאָבעלעוו דריקט אויס די מיינונגען און באַרלאַנגען פון דער געזונטער, טיכטיגער בורזשואַזיע, וועלכע איז שוין אויסגעמאַטערט פון צופיעל לעבען און צופיעל געניסען, איבערגעזעטיגט, מיט אַ ירושה פון שוואַכע נערווען, ראַפינירט ביז צו קראַנקהייט. ביי אונז האַלט נאָך די בורזשואַזיע אין געהן באַרג אַרויף. פאַראַנען שוין אָבער אויך אַזאַ גרופּע, ניט קיין גרויסע דערווייַלע, וואָס קוקט שוין באַרג אַראָפּ אויף צוריק. ביי איהר הויבט זיך שוין אָן דער פּראָצעס פון פוילען. אין דער ציוויליזירטער אייראָפּאַ, וואו די בורזשואַזיע איז שוין ווייט פאַרגאַנגען, געפינט איהר מעהר עהרליכעס. אָבער אונזערע לערנען זיך ביי זייערע, נעמען איבער זייערע שטימונגען. זיי זאָגען אויפ׳ן לעבען: ניין! ווייל זיי פיהלען אינסטינקטיוו, אַז דאָס לעבען זאָגט אויף זיי: ניין!

זיי האָבען ליעב קברים, ליעב אויסצופוצען דעם בית עולם מיט בלומען. ווייל די גע שיכטע שטויסט זיי פאַמעלאָך אין דעם קבר פון זייער קלאַס, ווייל דער בית־עולם וואַרט שוין אויף זיי. אַזעל־כע, ווי עהרליך, מיהען זיך צו שטאַרבען שעהן. איך האַלט ווענינ וואָס פון אַזאַ בית־עולם שעהנהייט. אויף אמת׳ע שעהנהייט, וועלכע איז פריי און קאָמפּסלוסטיג צוזאַמען, אידעאיש און אין דער זעלביגער צייט דורך און דורך קינסטלעריש, אויף אַזאַ שעהנ־הייט זיינען פעהיג נור די קינסטלער, וועלכע וועלען זיך שטעלען אויף דער זייט פון די ארבייטענדע מאַסען, וועלען אויסדריקען דעם העכסטען מאָמענט פון אונזער געזעלשאפטליכען לעבען — דעם קאַמף פון די מאַסען פאַר אַ וועלט, וואָס וועט אַלעמען געהערען.

איך האָב שוין גערעדט צו לאַנג. זאָל זיין גענוג.

פאָלינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, אַ הויכע מאָגערע פרוי מיט קור־צע האָר און גרויסע שוואַרצע אויגען, האָט אָנגעהויבען אַזוי שטיל, אַז מען האָט זי קוים געהערט. איהר שטים איז אָבער באַלד גע־וואָרען העכער און שטאַרקער.

— מיינע הערען און דאַמען! איך בין אין גאַנצען איינ־שטימיג מיט דעם, וואָס נאום וויקטאָראָוויטש האָט דאָ געזאָגט. איך וויל נור צוגעהן צו דער פראַגע אביסעל פון אַנ׳אַנדער זייט. אין אייניגע פונקטען שטעה איך נאָהענט צו די ערשטע פיער רעדנער. נאָהענט און דאָך זעהר ווייט. איהר ווייסט דאָך, ווען צוויי מענשען זאָגען איינס און דאָס זעלבע, איז עס אָפט דורכאויס ניט איינס און דאָס זעלבע.

אַזוי צום ביישפּיעל מיין איך, אַז אנקיף האָט דאָ ריכטיג אָנגעוויזען אויף די פאַלשקייט, אויף דעם ליגען, וואָס הערשט אין דער מאָדערנער קונסט.. בכלל מענשען, וואָס קריטיקירען די מיאוסע זייטען פון דער היינטיגער קונסט, וויסענשאַפט און טעכ־ניק, זיינען שטענדיג ביז צו אַ געוויסער גראַד גערעכט. אָבער זיי זיינען קורצזיכטיג, זייער קוק איז צו שמאָל, אויב זיי זעהען נור די שלעכטע זייטען אליין, אויב זיי ווילען צוליעב די פעהלערען אין גאַנצען ארויסוואַרפען קונסט, וויסענשאַפט און טעכניק. די מיאוסע זייטען זיינען פאַרבונדען מיט די אומשטענדען אויף זי

געוויסער מדרגה פון ענטוויקלונג. און זיי, די קורצזיכטיגע, מיי־נען, אז די מיאוסע זייטען ליגען אין תוך, אין דער נאטור פון קונסט, וויסענשאפט און טעכניק, אין אלע צייטען, אונטער אלע אומשטענדען. זיי באמערקען נור דאס, וואס אונטער זייער נאז; זיי קאנען ניט זעהן ווייטער, קאנען ניט קוקען פארווערטס. זיי איז פרעמד דער שטאנדפונקט פון ענטוויקלונג.

קונסט מוז מען באטראכטען היסטאריש, פארבינדען מיט דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט; און אין דער דאזיגער ענטוויקלונג האלט זיך עס אלץ אין בייטען, בלייבט קיין זאך ניט שטענדיג מיט דעם זעלביגען כאראקטער, מיט דעם זעלבען ווערט. גוטס ווערט פארוואנדעלט אין שלעכטס. חכמה אין אונזין, און פארקערט. פארטוגעז האט דא אנגעצייכענט אזא היסטארישען שטאנדפונקט. ער איז א סך העכער גיט בלויז פאר דעם שטאנד־פונקט פון דעם שוין צו פשוט'ען ניין־זאגער אנקיף; ער איז אויך א סך העכער פאר דער צו שמאלער נוצליכקייט, וועלכע באריס באריסאוויטש וויל מאכען פאר א מאס פון קונסט.

באריס באריסאוויטש זאגט: א קינסטלער דארף זיין נוצ־ליך. איך זאג: ניין, ער קאן ניט זיין ניט־נוצליך, עס איז אונ־מעגליך, ער זאל זיין ניט־נוצליך, אויב ער איז נור א קינד פון א קלאס, וואס געהט פארווערטס. און אויב ער איז עס ניט, קאנען מיר, די פארשטעהער פון צוקונפטס־קלאס, צו אזא קינסטלער בכלל ניט שטעלען קיינע ערנסטע פאדערונגען. און ווייטער, וואס מאכט די קונסט נוצליך? ווען זי שטראפט, דעקט אויף די פעה־לערען פון דער געזעלשאפט, זאגט באריס באריסאוויטש, ווען זי רופט צו מיטלייד און קאמף. איך מיין, אז דאס איז א שמאלער קוק, אויב מיר זאלען אזוי מעסטען, וועלען שעקספיר און האמער זיין קלענערע דיכטער, ווי ניעקראסאוו און אדא נעגרי: די לעצ־טע צוויי זיינען דאך דורכאויס דיכטער פון פאלקס־ליידען. און דאך דוכט מיר, אז אין באריס באריסאוויטשעס רייד איז פאראנען א פונק אמת. געווים קאן מען קונסט ווערק מעסטען לויט זייער סאציאלער נוצליכקייט. אבער די מאס איז ניט קיין אבסאלוטע, איינמאל פאר אלע מאל און איינע פאר אלעמען. דאס איז א

קלאַסען־מאַס, און די מאָס ליגט ניט דאָרטען, וואו באָרים באָרי־סאָוויטש זוכט זי.

דער מאַלער סקאָבעליעוו איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז באָרים באָריסאָוויטש פאַרשטעהט דורכאויס ניט די נשמה פונ'ם קינסטלער. באָרים באָריסאָוויטש האַלט, אַז די הויפּט טרייב־קראַפט, וואָס באַוועגט דעם קינסטלער, צום ווע־ניגסטענס דעם אידעאַלען קינסטלער, איז דער אינווענינגסטער דורשט צום פּרעדיגען. איך מיין, אז אין דעם קינסטלער דאַרף דער קינסטלער זיין פריהער און שטאַרקער, ווי דער פּרעדיגער. לויט באָרים באָריסאָוויטש'עס מיינונג, איז ער א קינסטלער, ווייל ער איז א פּרעדיגער. אָט די אינערליכע שטרעבונג צו באַלעהרען טרייבט עס איהם צו שאַפען. איך ווידער האַלט, אַז דער קינסטלער ווערט א פּרעדיגער דוקא צוליעב דעם, וואָס דער קינסט־לער, וועלכער לעבט אין איהם, טרייבט איהם אָפּצושפּיגלען דעם לעבען אין זיין תוך, אין זיין וועזענטליכען אינהאַלט; אָפּשפּיג־לען קאָנצענטרירט, א סך לעבען אין איין פונקט. צוליעב דעם טאַקי זוכט ער, צוליעב דעם גאַרט ער נאָך שעהנע פאָרמען. סקאָ־בעליעוו איז גערעכט, ווען ער שטעלט אַרויס אויפ'ן ערשטען פּלאַן די ריין־קינסטלערישע אימפּולסען.־ וואָס זיינען דאָס פאַר א ריין־קינסטלערישע טרייב־קרעפטען, וואָס באַוועגען דעם קינסטלער צו שאַפען? דאָס זיינען צוויי. ערשטענס: דער קינסטלער פּאַסט אויף די ווירקליכקייט היים, ליידענשאַפטליך אין אַלע איהרע פאַרבען און שעהנהייטען, אין אַלץ, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש. צווייטענס, דער קינסטלער באַזיצט א הייסען ליידענשאַפטליכען דורשט אויסצודריקען דאָס שעהנע, דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער ריינסטער פאָרם. דאָס איז דער אמת'ער קוואַל פון דער העכערער קינסטלערישער שאַפונג. אָבער סקאָבעליעוו האָט פאַר־טיידיגט זיין שטאַנדפּונקט מיט קליינע און קליינליכע ביישפּיע־לען. פונקט ווי דער קינסטלער קאָן און דאַרף זיך באַנוגענען מיט אָפּשפּיגלען בלויז שעהנע שטיקלאַך פון לעבען און ער קאָן ניט ארומכאַפּען דעם לעבען אין זיין גאַנצער גרויס. עהרליך פאָדערט פון קינסטלער, ער זאָל זיין א מעטאַפיזיקער, א פילאָזאָף. פאָר־מעל איז זיין שטאַנדפּונקט העכער פאַר סקאָבעליעוו'ס, ווייל ער

וויל פארבינדען דעם קינסטלער מיט דער מענשהייט און מיט די גרויסע אלגעמיין־מענשליכע פראגען. ער ווייזט אן ריכטיג, אז א גרויסער קינסטלער איז א פילאזאף, און אין זיין שאפונג דריקט ער אוים א באשטימטע באציהונג צו די גרעסטע פראבלעמען פון לעבען און טויט. אין דער אמת'ן: פון א צווייגעל מיט מיי־בלימלאך הויבט דער קינסטלער זיך אליין אויף און ער הויבט אונז אויף הויך צום הימעל, פון וואנען עס זעהט זיך די פארגאנ־גענהייט, די געגענווארט און די צוקונפט פון דער מענשהייט און די טיעפסטעווארצלען פון לעבען. וואס העכער דער קינסטלער הויבט זיך אויף אין זיין ריין קינסטלערישע שטרעבונג אפצושפיג־לען דאס, וואס איז כאראקטעריסטיש אין לעבען, אלץ נעהנטער ווערט ער צו א פילאזאף. איהם טיילט אפ פון פילאזאף נור דאס, וואס דער לעצטער קומט צו זיינע אויספיהרונגען מעהרער דורך אנאליז, דורך לאגישען סיסטעמאטישען דענקען, און ביים דיכטער ווירקט מעהר די אינטואציע, פאר איהם שיינט דער געדאנקען אויף פלוצלונג, ווי א בליץ, וואס באלייכט מיט אמאל א פינסטע־רען געביעט, ווי א זעהונג, וואס רייסט זיך ארויס פון טיעפע פאר־בארגענע קוואלען; ביים קינסטלער איז דאס פיהלען שטארקער פאר'ן דענקען; ריכטיגער: ער דענקט ניט מיט רינגען אין א קייט פון לאגיק, נור מיט געשטאלטען, מיט בילדער. יא, איך בין איינשטימיג מיט עהרליך'ן, ווען ער דערנעהנטערט די קונסט צו פילאזאפיע, ווען ער שטרעבט צו געבען דער קונסט א ראלע אין די העכסטע, אין די אלגעמיינסטע, אין די וויכטיגסטע שיקזאלען פון דער מענשהייט. אבער וועלכע שיקזאלען זיינען די אלגע־מיינסטע, די וויכטיגסטע און די העכסטע — אין דעם געה איך זיך דורכאויס פאנאנדער מיט עהרליך'ן. איך שאץ אפ די קינסט־לעריש־פילאזאפישע טענדענצען פונקט קאפויר, ווי ער. עהרליך און זיין גלייכען האלטען, אז דער עצם, דער גרונד פון דער וועלט איז — מיעדקייט, טרויער, טויט, שטילקייט, אונבאוועגליכקייט; באוועגונג, לעבען — דאס איז א זייטיגע זאך, נאר א שאטען, א אילוזיע. פאר וואס זיי האלטען אזוי, האט איך שוין פארטור־געז פריהער גאנץ ריכטיג ערקלערט. מיר אבער זיינען די אנ־הענגער פון א קלאס, וועלכער איז פול מיט לעבען מעהר, ווי אלע

אנדערע קלאַסען, פון א קלאַס, וואָס די צוקונפט איז זיינע; ניט קוקענדיג אויף די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע דער דאָזיגער קלאַס לעבט דערווייל, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס מיר, זיינע אנהענגער, טיילען דאָס רוב מיט איהם די זעלביגע באַדינגונגען, סאַי מאַטעריעל, סאַי מאָראַליש — האָבען מיר דאָך ליעב דעם לעבען, רופען מיר איהם און באגריסען, וואַרטען מיר גוטס דערפון, וואָס אַלע רעסורסען פון לעבען וועלען זיך ענטוויקלען, וואַרטען גוטס פונ'ם גאַנצען קאַמף, וואָס דאָס לעבען טראָגט אין זיך; וויסען מיר, אז די שלעכטס פון דער ענטוויקלונג וועט זיך פאַרוואַנדלען אין גוטס. מיר רופען דעם לעבען; מיט אַלע כחית העלפען מיר אַלע אינערליכע געגענזאַצען פון דער געזעלשאַפט, זיי זאָלען זיך ארויסווייזען און ענטוויקלען. מיר חלום'ן ניט צו שאַפען שלום און הארמאָניע דורך דעם, וואָס מיר וועלען נאָכלאָזען, פאַרקלענערען אונזערע פאָדערונגען. דאָס לעבען איז א קאַמף, א שלאַכטפעלד: מיר באַהאַלטען עס ניט, דאָס פאַרשאַפט אונז פרייד, ווייל דורך שווערע מיה און מאַטערניס, אפשר דורך טייכען בלוט זעהען מיר דעם זיעג פון העכערע, שעהנערע און מענשליכערע פאָרמען פון לעבען. וואָס מעהר ליכט, קאַמף, ענערגיע, לעבען, וואָהדהאַפטיגקייט צו זיך אליין און צו אנדערע; נידער מיט אַלץ, וואָס איז קראַנק, וואָס גאַרט נאָך רוה, לעכצט נאָך שלום אונטער אַלע באַדינגונגען, נידער מיט אַלץ, וואָס איז זויער, פאַרעלטערט, בלוט־אָרים!

מיר האָבען קיין מורא ניט פאַר דעם רויהען אמת, פאַר'ן קאַלטען ווינד, וואָס בלאָזט פון די בערג. און אפילו די אַלטעגליכקייט, די וואָכעדיגקייט, וועלכע איז שרעקליכער פון אַלץ דערמיט, וואָס מיר האָבען זיך שוין צו איהר צוגעוואָהנט, און איהרע שרעקען זיינען אונז מעהר „ניט שרעקליך“ — אפילו פאַר איהר האָבען מיר אויך קיין מורא ניט, ווייל אונזער דורשט צום קאַמף באַלויכט די גרויע אַלטעגליכקייט מיט אן אָפּגלאַנץ פון געוועזענע שרפות און מיט דעם רויטען פלאַם פון שרפות, וואָס דאַרפען זיך באַלד אָנצינדען. מיר זיינען פאַר'ן לעבען, ווייל דאָס לעבען איז פאַר אונז. וואָס פאַרלאַנגען מיר פון קינסטלער? — ער זאָל לערנען ליעב צו האָבען דעם לעבען. אָבער ניט בלויז דאָס זיסע,

דאָס צוקערדיגע אין לעבען, ניט בלויז זיינע ראָזינקעס, נור דאָס גאַנצע לעבען מיט אַלע זיינע סתירות, מיט גאָר זיינע שרעקען. מיר זיינען ניט קיין אָפּטימיסטען. מיר זאָגען ניט: עס איז גענוג א קוק צו טאָן אויפ'ן לעבען, אזוי ווי עס איז, און מען באַקומט עס שוין ליעב. ניין, פארקערט: מיר ווייסען, ווען מען זאָל מעכטיג און וואהרהאפטיג אויסמאָלען דאָס בילד פון לעבען, אויפכאַפּענדיג דאָס טיעפסטע, דאָס העכסטע כאראקטעריסטישע, וועט דער טראגישער אומגליק פון אזא פאָרטרעט גיכער ארויסרופען ביים מענשען אין הארצען א גרויל, אַן אימה. אָבער דער קינסטלער דארף קאָנען מאכען אונז צו ליעבען דעם לעבען מיט זיין קאמף, מיט זיין האָרעוואניע, ליעבען דעם לעבען טראָץ זיין גרויל און אימה. ער דארף אונז לערנען ליעב צו האָבען דעם לעבען מיט א מוטיגער ליעבע, וועלכע איז פעהיג דורכצוטראָגען די פאָהן פאָרווערטס דורך קרעכצען און צייהן־קריצעריי; פעהיג ארומצונעמען די פארגאנגענהייט, מיט באגייסטערונג לעבעדיג פאָראויסזעהן די צוקונפט, געפינען דעם אָרט אינ'ם קאמף פון דעם מענשליכען שכל געגען די בלינדע קרעפטען פון דער גזעלשאפט און פון דער נאטור, געפינען דעם אָרט און בענשען איהם, אויפנעמען מיט פרייד קאמף און ליידען, זיעג און קרבנות. די גרעסטע קונסט איז די קונסט צו לעבען. א קינסטלער דארף זיין און א טאלאנט מוז זיין דירעקט אָדער אונדירעקט א לעהרער פון דער דאָזיגער העכסטער קונסט. און פון דעם שטאנדפונקט זיינען האָמער און שעקספיר — אייביגע און גרויסע לערהער.

ניט בלויז א טראגעדיע, נור יעדע קונסט דארף אונז באפרייען פון אימה פאר'ן לעבען, באפרייען פון איבריגע מיטלייד, וועלכע מאכט שוואך און אָפּהענגיג, דארף לויט אונזערע קרעפטען און פעהיגקייטען פארוואנדלען אונז אין קליינע אָדער גרויסע העלדען. א צווייגעל מיי־בלימלאך, ווען עס וועט זיין געמאָלט מיט טאלאנט, וועט עס אויך ארויסרופען זיין טאָן, זיין צופלוס פון פריהלינגס־מוטיגקייט, וועט עס אויפוועקען דעם פאָרגעפיהל דערפון, וואָס די נאטור, וועלכע איז אמאָל אזוי צערטליך, וועט נעבען דעם מענשען אין יענער גליקליכער צוקונפט, ווען א גאָראָדאָוואָי וועט ניט שלאָגען אן ארבייטער אין די צייהנער הינטער'ן

פאַרקאַן פון א גאָרטען מיט מיי־בלימלאַך, נור מענשען אזעלכע ווי דער גאָראָדאָוואָי מיט דעם ארבייטער, נור באפרייט פון זייער ביטערען גורל דורך דער נייער הארמאָניע פון דער געזעלשאַפט, וועלען ביידע שפּאַצירען האנט אין האנט איבער דעם גאָרטען מיט מיי־בלימלאַך און צוזאַמען געניסען זייגע דופּטען און פאַרבען. אין דער אמת׳ער קונסט איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל ניט רופען צו לעבען, וואָס זאָל ניט לערנען פאַר קיין זאַך זיך ניט אָפּשרעקען, טאָפּפער געהן זיין וועג, מיט א שמייכעל אָפּרייסען די בלומען, וואָס זיינען נאָך דערוויילּ אזוי זעלטען, מיט ענטוזיאזם געבען קלעפּ, מיט געדולד איבערטראָגען געפאַנגשאַפט, אויב מען קאָן עס ניט אויסמיידען. יעדע לעבעדיגע, עכט שעהנע קונסט איז אין איהר גרונט קאַמפּסלוסטיג, און אויב זי איז ניט קאַמפּסלוסטיג, אויב מוטלאָז און אָפּהענגיג, אָהן פרייד און האָפנונג, אויב דעקאַדענטיש, א קונסט פון ירידה, פון אונטערגאַנג, וואַרפען מיר זי אָפּ, ווי א קראַנקהייט, ווי אזעלכע, וואָס שפּיגעלט אָפּ א מאָמענט, ווען דער אָדער יענער קלאַס הויבט אָן פאַלען גוסס׳ט, שטאַרבט אָפּ.

די קונסט איז אַלץ העכער, וואָס פולער און העלער דאָס לעבען שפּיגעלט זיך אָפּ אין איהר; און וואָס מעהר זי איז דאָס, איז זי אויך אַלץ נוצליכער. דער גרונט פונ׳ם מענשליכען לעבען איז קאַמף, א פּסיכאָלאָגיע פון קאַמף, מוט — אָט דאָס איז עס, וואָס דער מענש דאַרף. א געניאַלער קינסטלער שפּיגעלט אָפּ געניאַל וועלכע עס איז פאָרם פון קאַמף, און געניאַל און מעכטיג פרישט ער אָפּ און שטאַרקט הערצער. אָבער כדי צו פאַרשטעהן יעדע קונסט, די קונסט פון אַלע צייטען, פעלקער און קלאַסען, דאַרף מען פאַרמאָגען א היסטאָרישען חוש, דאַרף מען קענען פאַרבינדען יעדע קונסט מיט איהר קולטורעלער סביבה, מיט די אומשטענדען פון איהר עפּאָכע, פון איהר פאָלק — פון איהר קלאַס; און דאַמאָלט וועט מען קומען דערצו, אז דאָס וואָס האָט אויפ׳ן ערשטען קוק אויסגעוויזען קאַלט, פרעמד און בארבאריש — וועט זיך אויסווייזען פאַר לעבעדיג, אייגען און מענשליך. קיין זאַך, וואָס איז מענשליך, איז ניט פרעמד פאַר א היסטאָריש ענטוויקעלטען מענשען. אָבער הגם מיר זיינען מיטבירגער צו די מענשען פון אַלע

דורות און פעלקער, דארפען מיר פריהער פאר אלץ זיין קינדער פון אונזער צייט. און מיט שטאָלץ און פרייד זעהען מיר, אז מיר זיינען אנטיילנעמער פון דער גרעסטער קולטורעלער באוועגונג, וואס די וועלט האט ווען געזעהן, אז מיר זיינען בארופען צו שפּיעלען, זאָל זיין אפילו א באשיידענע ראָלע, אָבער אין דער גרעסטער דראמא, וועלכע וועט זיך ענדיגען מיט דעם גרעסטען, מיט דעם ליכטיגסטען זיעג.

ווען מיר טוען א קוק אויף די מאָדערנע קינסטלער, זעהען מיר, אז אין גרויסען און גאנצען באדיענען זיי א קלאַס, וואָס שטאַרבט אָפּ, לעבען זיי מיט פּאראזיטישע אינטערעסען, מיט נעבאכדיגע געפיהלען, אידעען פון עלעמנטען, וואָס גוסס'ן אָדער אָטעמען נור מיט רויב; זיי קאָנען ניט, זיי וואגען ניט, זיי האָבען קיין כח ניט אָפּצושפּיגלען די באוועגונגען און האָפנונגען פון די עלעמענטען, וואָס טראָגען א ליכטיגע צוקונפט. דאָס איז דער טרויעריגער כלל. אויסנאַמען זעהען מיר ליידער זעהר ווענ׳ג. אין דער קונסט פון די קאַמפּס־עפּאָכען פון דער פּארגאנגענהייט געפינען מיר מעהר אזעלכעס וואָס שטימט מיט אונזערע באגריפען וועגען קונסט, מעהר אמת'ע נייעס, איידער אין דער מאָדערנער קונסט. בלויז די ליטעראַטור איז אין דעם פּרט אן אויסנאַם; איז דאָס אויך נור ביז א געוויסען גראַד.

אָבער לאַנג קאָן דאָס שוין ניט ציהען. דער פּראָלעטאַריאַט וואַקסט, ער הויבט זיך און פאנגט שוין אָן צו אנערקענען דעם ווערט פון קונסט. דעם אמת'ן קינסטלער דריקט די פּארקויפטקייט, די אפּהענגיקייט פון פּריוואטע קאַפּריזען, די געשמאַקלאָזיגקייט פון איבערגעזעטיגטע. ער געפינט ניט רוה אין זיין קלאַס און איז ניט צוגעשטאַנען צו קיין נייעם קלאַס. ער וואַרפט זיך אויף אַלע זייטען, זוכט אן אויסוועג. איז קלאָר, אז די אויפגאַבע פון א סאָציאַל־דעמאָקראַט א עסטעטיקער, פון א סאָציאַל־דעמאָקראַט א קריטיקער איז — זעהן באַקאַנט מאַכען די אַרבייטער מיט אַלל דאָס בעסטע, וואָס די קונסט פּאַרמאָגט; ערקלערען, פּאַרטייטשען, באַטאָנען, ביז וואַנען די ארבייטער־מאַסען וועלען ניט קריגען קיין געוואָהנשאַפט צו א פּרוכטבאַרען עסטעטישען גענוס, וועלכער ערהויבט די נשמה, א געוואָהנשאַפט צו

שעפען פאַרגעניגען פון אַלץ, וואָס איז גרויס אין קונסט, פון דער אַנדער זייט שטעהט פאַר דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען קריטיקער נאָך אַן אויפגאַבע: נעמען די אינגערע קינסטלער, וועלכע קאָנען זיך נאָך אָפּרופען אויף אַלץ וואָס נייַ, און עפענען זייערע אויגען, זייערע אויערען, זיי זאָלען הערען, זיי זאָלען ווערען פול מיט דעם „גערויש און קלאַנג" פון דעם גרעסטען וועלט־קאַמף, זיי זאָלען דאָס אונז איבערשאַפען אין ליעדער פון פרייד און שטאָלץ, ליע־דער, וואָס זאָלען אַרויסרופען צום קאַמף און וואַרפען אַ שרעק אויף די פיינד, ליעדער, וועלכע אַטעמען מיט דעם פאָרגעפיהל פון זיעג, ליעדער פון אחדות, פריינדשאַפט, פון אַ האַרמאָניע, וואָס דאַרף נאָך ערשט געשאַפען ווערען. זאָלען זיי אונז זינגען די דאָזיגע ליעדער אין טענער און קלאַנגען, אין פאַרבען און ליניען, מיט אַלע מיטלען, וואָס די קונסט פאַרמאָגט.

מען דאַרף ניט פרעדיגען, ניט נויטיג קיין מיט גוואַלד אַנ־געבונדענע טענדענצען. זינג, קינסטלער, זינג, ווי אַ פויגעלע. נור אויב דיינע אויגען האָבען געזעהן, אויב דיינע אויערען האָבען געהערט, וועסטו זינגען אַ ליעד פון אייזען, אַ ליעד פון גאָלד, וועסטו שלאָגען אין אַ שטורם־גלאָק, וואָס מענשען האָבען נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

— עהרליך! האָט פאַלינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ אויפגעהויבען איהר שטים און זי איז אויף איין מאָמענט געוואָרען שעהנער, ליכטיגער. — איהר האָט ליעב די מוזיק, אונטער וועלכע מען פאַרטראַכט זיך. איהר האָט ניט ליעב די, אונטער וועלכע מען טאַנצט. איך האָב ליעב אי די, אי יענע. נאָר מעהר פאַר אַלץ האָב איך ליעב די מוזיק, אונטער וועלכע מען טוט אויף גרויסע מעשים, אונטער וועלכע מען סעמפט פאַר דעם זיעג פון מענש־ליכקייט. מיינע פריינד! איך בין ניט קיין רעדנערין. איך האָב אַ שוואַכע שטים. איך וואָלט אייך דאָך וועלען איבערגעבען דעם ענטוזיאַזם, וועלכער דאַרף אָנפילען אי די קינסטלער, אי די לעזער, אי די קריטיקער...

זי איז צוגעגאַנגען צו דער פיאַנאַ און מיט אַ קראַפט, וועלכע עס איז שווער געווען צו ערוואַרטען פון אַזאַ שוואַכער פרוי, האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן איבער די קלאַווישען. זי האָט געשפּיעלט די קעניגין פון אַלע מאַרשען — די געטליכע מאַרסעליעזע.

# די פילאָזאָפיע און דאָס לעבען

„ווער דארף דאָס יעצט פילאָזאָפיע?„ — פרעגט דער לעזער מיט אונצופרידענהייט. — מען טאָר ניט אָבציהען דעם געדאַנק פון דער היינטיגער קאָנקרעטער ווירקליכקייט, וואָס איז אַזוי רייך אין פּאַסירונגען.

יאָ. די פילאָזאָפיע און דאָס לעבען זיינען צוויי פארשידענע ענינים. זיי זיינען קליינע מחותנים. איהר האָט מן הסתם באַמערקט, ליעבער לעזער, מיט וואָס פאר א נגון איינער ווענדט זיך צום צווייטען: „עה, ברודערעל, דאָס איז שוין פילאָזאָפיע“. דער וואָס זאָגט דאָס איז ביי זיך זיכער, אז די פילאָזאָפיע פליהט ארום ערגעץ אריבער דעם מענשליכען לעבען און, אז דער, וואָס שוועבט אין איהרע עולמות, פארלירט יעדען אָנהאַלט מיט דער ווירקליכקייט.

דזשיימס מילל האָט אמאָל אָפּגעשמיסען דזשאהן סטוארט מילל'ן דערפאר, וואָס ער האָט געזאָגט: „טעאָריע האָט וועניג שייכות צו פראַקטיק“ — אָדער עטוואס עהנליכעס. דזשאהן סטוארט איז דעמאָלט אַלט געווען א יאָהר אכט, ניט מעהר. נאָר אויב דזשאהן זאָל געוועזן זאָגען „פילאָזאָפיע“, אנשטאט „טעאָריע“ און „ווירקליכקייט“ אנשטאט „פראַקטיק“, וואָלט דזשיימס'ס צאָרן געווען אומגערעכט.

וועגען מעטאפיזיק ריידען מיר שוין אפילו ניט. די מעטאַפיזיק, לויט איהר טעאָריע פון „פרייען ווילען“, פארבויגט דאָך די ווירקליכקייט איינגאנצען און טראכט אויס א גאַנץ אַנדער וועלט מיט אַלע פּיטשעווקעס. זי פארבייט פשוט די ממשות'דיגע עמפּירישע וועלט אויף א צוגעטראַכטער טויזענד־און־איין־נאכט סיסטעם.

נאָר לאָמיר נעמען די וויסענשאַפטליכע פילאָזאָפיע מיט איהרע באַגריפען, ווי ספּענסער האָט זי אונז געגעבען. יעדע וויסענשאַפט נעמט ארום איהר סכום קאָנקרעטע ערשיינונגען און פון זיי ברייננט זי ארויס איהרע אַלגעמיינע געזעצען.

עס באַשאַפט זיך אַ בילד פון אַ רייהע פּיראַמידען, וואָס פאַרדעקען
מיט זייערע פונדאַמענטען די גאַנצע ווירקליכקייט און זייערע
שפּיצען שווינדלען הויך־הויך איבער איהר. די פילאָזאָפיע אָבער
שפּאַרט זיך לכתחילה אָן אויף די שפּיצען פון אָט די הויכע פּיראַ־
מידען. דאָס וואָס עס איז אין יעדער וויסענשאַפט דער סאַמע
שפּיץ פון אַבסטראַקציע, איז פאַר דער פילאָזאָפיע, אין איהר
שוואונג, עטוואָס „קאָנקרעטעס“, „צופיעל קאָנקרעטעס“. קוים־
קוים באַריהרט די פילאָזאָפיע, מיט איהרע רוחניות'דיגע פיס דעם
שפּיץ פון אָט די פּיראַמידען און ערשט פון אַזאַ הויך, פאַנגט זי אָן
צו בויען דעם העכסט אַבסטראַקטען בנין פון איהרע געזעצען.
־י מאַטעריאַלען, וואָס זי נוצט פאַר אָט דעם בנין זייגען נאָך
־ינער פון שפּינוועבס.

דאָס לעבען רוישט. קאַנאָנען קראַכען.*) עס פאַלען הרוגים.
־ער קוים־באַוואָפענטער העלדענמוט פאַרמעסט זיך געגען געפאַנ־
צערטען אידיאָטיזם. די אַרבייטער הונגערען פרייוויליג אין זייע־
־ע פינסטערע היימען. זייער צאָרן וואַקסט און וואַקסט. און די
גוויושעטע „האַררען“ זיצען זיך אין זייערע, מיט גאָלד געפלאַס־
טערטע, קאַבינעטען און צושיקען עמי־האַרצישע און גרויזאַמע
פּריקאַזען“ איבער גאַנץ רוסלאַנד. און אין דעם שרעק, אין דעם
זויסברויך פון'ם סאַמע ריינסטען פייער, וואָס די מענשהייט פאַר־
אָגט נור, ציהען זיך רוהיגע גאַסען, שטעלט זיך אויף אַ רגע ניט
פּ דער קליינינקער גראָשען־האַנדעל. שפּרינגט עמיצער אויף,
ז צופּאַטעלטער, אויף די גאַסען פון פּעטערבורג און שרייט מיט
אַנומענע קולות: „מאָסקווע! מאָסקווע! מאָסקווע!“ ער
צהט אוים ווי ירמיהו הנביא אין אַ פּידזשאַק. די פאַרבייגעהער
־אָבען מורא זיך אָפּצושטעלען, מאַכען זיך ניט הערענדיג, געהען
עשעפּטסמעסיג פאַרביי און וואַרפען, מיט שרעקעדיגע אויגען, אַ
ליק אויפ'ן „חסר־דעה“. ירמיה'ן אינ'ם פּידזשאַקעל נעמט מען
אין „אוטשאַסטאָק“; מען וועט איהם דאָרט מן הסתם שלאָגען.
און יעדער געהט זיך זיין גאַנג און טראַכט: „אי, וועט מען איהם
־אָרט אָנברעכען די ביינער“. און אין מאָסקווע איז לעבעדיג.

---

*) געשריבען געוואָרען ענדע דעצעמבער 1905.

צעהנדליגער טויזענדער, ביז איצט ווילד־פרעמדע, פּאָליטישע זעמ־דלאָך האָבען איין אלגעמיינעם אינטערעס. צוליעב אָט דעם אינטערעס איז מען איינפאַך, שטיל און אָהן טומעל, מקריב דאָס לעבען. און מיט'ן נגון פון דער מארסעליעזע, אונטער א האַגעל פון קוילען, שפּארען זיך די מאָסקווער פּעטקאַס און וואנקעס צו בויען באריקאַדען. פּעטקא דערצעהלט וואנקען: „גרישקא'ן האָט דאָך א קויל גלייך אוועקגעלעגט!" און אזוי לויפען זיי, פּעטקא מיט וואנקען, אונטער א האַגעל פון קוילען, און פייפען אונטער דעם נגון פון דער מארסעליעזע. און אין דער מינוט שטעלט דער פּריסטאַוו יערמאָלאַוו אָפּ דר. וואָראָביאָוו'ן און בעט איהם גאַנץ העפליך צו צייגען די ערלויבעניש ארומצוטראָגען א רעוואָל־ווער. דרעהט זיך דער דאָקטאָר אָפּ עטוואס אין א זייט, כדי אָפּ־צווזכען די ערלויבעניש, און דעם פּריסטאַוו'ס קויל דער'הרג'עט איהם אויפ'ן שטעל, געטראָפען איהם אין רוקען...

און אזוי וויקעלט זיך דער קנויל אָהן א סוף. עס כאַפּט אָן א קאָפּ־ווערהטאָג. עס שטארבט אָפּ דאָס הארץ. אפשר וואָלטען מיר א רוף־געטאָן א פילאָזאָף? אָן אמת'ן, א וויסענשאפטליכען פי־לאָזאָף? מיר רופען איהם, און אָט דער שפּינען־פארמיגער נפש לויפט שנעל איבער די געאָמעטרישע ליניעס פון זיין שפּינוועבס צום נאָהענטסטען, פאר איהם צוגענגליכען, פונקט, ד. ה. צו יענעם מאטעמאטישען פונקט, מיט וועלכען עס פארענדיגט זיך די העכסטע פּיראמידע. נאָך אלעמען קריגען מיר ביי איהם נאָר צוויי ווערטער: „דיפערענציאציע" און „אינטעגראציע", אָדער אנדערש געזאָגט: „די וועלט איז, לויט איהר עצם, אָן עמפפינ־דונג און, לויט איהר פאָרם — באוועגונג" אָדער עטוואס עהנלי־כעס פון דעם מין. און אזוי רעדט אונזער שפּינען־פארמיגער נפש וועגען אונזער פארפּלאָנטערטען לעבען, רעדט און ווייסט אליין נעבעך ניט וואָס.

און ווען מיר צובייזערען זיך, למשל, אויף אונזער נפש און שעלטען איהם: „פארשאָלטען זאָלסטו זיין, וואָס, אנשטאט ברויט, גיסטו אונז שטיינער! וואס איז דיין בארוף אין לעבען, די שטויביגע שפּין, די אוננוצליכסטע פון אלע ברואים? פארנעהם זיך שנעל ערגעץ אויף דיינע אבסטראַקציעס, איידער אונזער צאָרן

נעהט איבער אין מעשים". אויב מיר וועגדען זיך מיט אזעלכע דבורים צו דער סינטעטישער שפּין, וועט ער ממזריש א שמייכעל טאָן און זאָגען: „גוטע ברידער, שפּייט ניט אריין אין'ם קוואַל פון חכמה. זייט־זשע מוחל, הייבט זיך ארויף צו מיר נאָר אויף איין מינוטקעלע. אַט האָט איהר דאָ דאָס עקאָנאָמישע סטעזש־קעלע... געהט, פאַרזיכטיג, אריבער אָט די משופע ,סאָציאָלאָגיע', און יעצט, ביטע, כאַפּט זי נאָר פעסט אָן ביים ,פילאָזאָפיש־היס־טאָרישען' שטריק: דאָס איז נאָר איינער פון די וועגען, וואָס פיהרען צו מיר... אַט אזוי!... יעצט זייט איהר שוין אין מיין שפּינוועבס. קוקט זיך אום".

יאָ, מיר זיינען זעהר הויך, ליעבער לעזער. און האסטיג באַוועגט זיך אונזער ערדליכע נשמיות'דיגע ברוסט אין אזא שיטערער לופט. אן אונענדליכע ברייטקייט אַנטפּלעקט זיך פאַר אונזערע אויגען. אָבער וואו איז ערגעץ נראף וויטטע, וואָס האָט אראָפּגעוואָרפען זיין נייאינקען מונדיר און געבליבען שטעהן פאר אונז אדם־נאַקעט? און וואו איז דובאסאוו, וואָס ציעלט זיך, פון איוואן דעם גרויסען'ס טורם מיט'ן גרעסטען הארמאט אינ'ם סאמע הארץ פון רוסלאנד? און וואו זיינען אונזערע אומגליקליכע, פאַרשכורטע ברידער, וואָס שיסען אפילו אויף מיידלעך, ווען יענע קוקען ארויס פון די פענסטער? וואו זיינען יענע דאָמען, וואָס קויפען אויף, אין צייט פון פּאָגראָם, ביי די ווילדע רוצחים אלעס, אפילו קנעפּלאך און שפּיצען, פאַרפלעקט פון נאָך ניט־אָפּגעטריקענטען קינדערשען בלוט?...

דערפון איז אפילו קיין סמן ניטאָ. און וואו נאָר דו ווענסט א וואָרף טאָן מיט'ן אויג איז לויטער דיפערענציאציע און אינטעגראציע; אלעס איז אן עמפּינדונג לויט'ן עצם און באוועגונג לויט דער פאָרם. גוט. ריין. אָ, ליעבער לעזער, הלואי וואָלטען מיר זיך כאָטש ניט פאַרפּלאָנטערט אין אָט דעם שפּינען־נעץ, ווי יענע מיטעלמעסיגע פליעגען פון האמסון'ן. אונזער פילאָזאָף אָבער רייבט זיך פון נחת די הענד און וויעגט זיך אויף א געאָמעטרישער ליניע.

ניין, פילאָזאָפיע האָט יע א שייכות צום לעבען. דער ווייבסטער געלעגער וועט אייך אזוי ניט בארוהיגען. עס גיסען זיך

טרערען. פארשידענע אויסרופען פילען אָן די לופט. אויף צו־בלוטיגטע אקסלען, צווישען געדיכטע רייהען פון שווארצע פראָ־לעטארישע פארזעהענישען טראָגט מען די גאָלדענע שווערע פריי־הייט. תהו ובהו. חאאס. אנארכיע.

און דער שפּין וויעגט זיך און ברומט אונטער:

אין לאנד פון סיללאגיזם
וואו ס'גליטשט זיך גרינג פון מויל
דער שארפסטער אפאריזם —
אהין אין יענעם לאנד...

מיר ווילען אָבער אהין ניט געהן. אונז ציהט ערגעץ אנדערש. עס קלינגט מוזיק אין'ם תהו ובהו. דאָרט קלינגט אונזער מוזיק אויך און אָט פלאטערט דאָרט אונזער פאָהן. עס ציהען זיך גע־שלאָסענע רייהען פון אונזערע חברים.

דער שפּין אָבער וויעגט זיך אויף זיין געאָמעטרישער ליניע און זאָגט מיט אביסעל פארדרוס: „דאָס זיינען נאָר מיסט פליעגען. אלעס דאָרט אונטען איז ניט מעהר ווי מיסט. די בלאסע ליליע הייבט זיך דאָרט אויף אויף א קוים באמערקבארען שטאמעלע. אָט די ליליע נאָר איז דער תמצית פון מיין חכמה".

א מאָל איז קאנפוציוס, דער כינעזישער פילאָזאָף, געקומען צום פילאָזאָף לאָא דזע. קאנפוציוס איז געזעסען אויף א ווייסען פערד. דאָס פערד איז געווען באדעקט מיט א דינעם זיידענעם גע־וועב און האָט געקייעט א גאָלדען צוימעל. קאנפוציוס אליין, אין א שעהנעם מאנדארינען־כאלאט מיט א פאווע־פעדער אין היטעל, האָט אויסגעזעהן גאנץ יום־טוב'דיג. מאסען תלמידים זיינען איהם נאָך־געפאָהרען. אלע האָבען זיי געלעכצט נאָך קענטעניש, ווייל זיינער א תלמיד האָט שטענדיג געקאָנט קריגען א פעטע שטעלע... קאנפוציוס איז ניט געווען פון יענע שפינען, וואָס האלטען זיך אי־בער'ן לעבען. ער איז נאָר געוועזען א „לעהרער פון לעבען". קריכט קאָנפוציוס אראָפּ פון פערד, און געהט צו צום הילצערנעם שטיבעלע אונטער דעם אלטען בארענבוים, וואו לאָא דזע האָט געוואוינט. לאָא דזע איז דוקא געווען א שפּין. ער האָט געצויגען פון זיין איי־גענעם קאָפּ דעם אונענדליכען פאָדים. קאנפוציוס האָט איהם, לאָא דזע'ן, געטראָפען זיצען, די פיס אונטער זיך, פארטיעפט אין

רעיונות. און דער מאַנדאַרין קאָנפוציוס האָט זיך פאַרנייגט פאַר׳ן חכם איין־און־זיבעציג מאָל און ח"י מאָל זיך צוגעזעצט און אויפ־געהויבען און דריי־און־פערציג קאָמפּלימענטען איהם דערביי גע־מאַכט, לויט די מנהגים פון גאָר די ערשט קסרים. הגם קיינער האָט שוין די מנהגים ניט געדיינקט, אָבער קאָנפוציוס אַליין האָט זיי ווידער אויפגעלעבט און איינגעפיהרט. לאָאָ דזע האָט אויף דעם אַלעם קוים אַריינגעשפּאַרט זיין „טשינג". און נאָך דעם ווי דער מאַנדאַרין האָט זיך אָוועקגעזעצט נעבען גרויסען חכם, די פיס אונ־טער זיך, ווי דער שטייגער איז, האָט ער פאַרפיהרט אַ געשפּרעך מכח דעם לעבען. און געזאָגט האָט ער, אַז דאָס לעבען טאָר ניט זיין קיין מיש־מאַש; פאַרקעהרט, עס דאַרף זיך אונטערוואַרפען אַ באַשטימטער צאָהל צערעמאָניעס, און זיין אידעאַל איז, אַז אַלע איינוואוינער פון דער „הימעלשער אימפּעריע" זאָלען אַלעם טאָן צום טאַקט פון מוזיק. אומעטום וועט מען אויסשטעלען שפּיעל־קעסטלעך, און פאַרשיעדענע מעלאָדיען וועלען זיך גיסען איינע נאָך דער צווייטער; אַלע וועלען אַליין פאַרשטעהן דעם מיין פון יעדער מעלאָדיע, און צום טאַקט, יעדער אויף זיין שטייגער און לויט זיין ראַנג וועלען זיי אָט די צערעמאָניעס אויספיהרען מיט אַ שמייכעל אויף זייערע צוזאַמען־געפּרעסטע ליפּען. אין פּעקין גופא וועט מען צוגרייטען אַלע שפּיעל־קעסטלעך און די טאַאָטאַען וועלען אויף זיי אויפּפּאַסען. צום טאַקט וועלן די קינדבעטאַרינס געלעגען ווערען, צום טאַקט וועלען די זקנים שטאַרבען און אונטער אַ געוויסען נגון וועלען די נשמות פון אונזערע פאַרשטאָרבענע עלטערען אַוועק־פליהען צו גאַסט צו די אור־אַלטע קסרים. מען וועט דאַן גאָר ניט דאַרפען טראַכטען. ווי עקאָנאָמיש דאָס איז! אַזוי האָט קאָנפו־ציוס׳ם שפּיעל־קעסטעל אַלץ געשפּיעלט און געשפּיעלט. און זיינע תלמידים, סיי די, וואָס טראָגען שוין מונדירען, און סיי די, וואָס טראָגען ערשט נאָר וויצע־מונדירען, האָבען זיך שטיל איינגעהערט. די נאַכטיגאַל איז שוין לאַנג איינגעשלאָפען, און נאָר די שטערען האָבען פאַרנומען די רייד. און ווען סערגעי איליאיטש וועט, אין טיעפער ביינקעניש, אויפהויבען זיינע פוקסען־אויגען צו די שטערען פּונ׳ם הימעל און זאָגען צו זיי: „אָט, איהר ווייסט ניט פון קיין אונ־

אָרדנונגען!" וועלען זיי איהם דאַן קענען דערצעהלען וועגען קאָנ־פוציוס חלומות.

צו לאָאָ דזע האָט זיך איינגעהערט ווייס איך ניט. נאָר ווען קאָנפוציוס האָט געענדיגט, און מיט די פּאַסיגע צערעמאָניעס איהם אַ פּרעג געטאָן: „וואָס וועט די זון פון חכמה זאָגען צו איהר לבנה, וואָס וועט דער עלטערער ברודער לערנען זיין קלענערען?"— האָט לאָאָ דזע געעפענט זיין גרויס מויל און ארויסגעזאָגט: „חכמה ליגט אין שתיקה. דער שטילער חכם שמועסט מיט דאָאָ און קען ניט פאַרטראָגען דאָס געקלאַפּעריי פון'ם שוטה".

לאָאָ דזע האָט זיך פאַרקליבען אויף דער העכסטער אַבסטראַק־ציע ביז צום גאָט גאָרנישט. פון אַזאַ הויך האָט ער ניט געקענט זעהען די פיעל־פאַרביגע וועלט, — פאַר דער וועלט איז איהם גע־בליבען אַזוי וויינינג פּלאַץ, אַז ער זאָל נאָר אַמאָל רחמנות האָבען אויף איהר, אי דאָס — מיט פאַראַכטונג. די „אמת'ע" וועלט האָט, אין איהר גרויסקייט, שטענדיג געשוויגען. געגען אָט דער וועלט האָט מען געקענט זיצען, די פיס אונטער זיך, און אַזוי ציהען פון'ם מח אַ פאָדים. קאָנפוציוס אָבער, אָט דער פאָלקאָמענער און הי־ציגער מאַן, האָט געוואָלט דערנעהנטערען די וועלט צו אָרדנונג, ד. ה. צו דעם זעלביגען דאָאָ'ן. דאָס לעבען האָט זיך איהם גע־וואָלט אומבייטען אויף אַ מין אדמיניסטראַציע. זיין גאַנצען לעבען האָט ער ארומגעוואַנדערט פון איין מאָנארך צום צווייטען, פאַר־פאַסט קאָנסטיטוציעס, און ווען ער האָט איינגעזעהן אַז אפילו די בינעזער קען מען ניט צווינגען צו לעבען נאָר מיט מוזיקאַלישען טאַקט, איז ער פאַר צער געשטאָרבען. וועה צו יענעם פילאָזאָף, וואָס קען ניט באַגרייפען, אַז אַן אַבסטראַקציע איז מעהר ניט ווי אַ בלאַסע אָפּשפּיגלונג פון דער וועלט. וועה צו יענעם פילאָזאָף, וואָס וויל די וועלט פאַרוואַנדלען אין אַן אַבסטראַקציע. אַ פילאָזאָף דאַרף בעסער אויסמיידען די פּראַקטיק. גוט און וואויל איז פּלאַ־טאָנ'ען געווען צו קוקען אויפ'ן גלענצענדען כאָר פון די אייביגע אידעען. ביטער און שווער איז איהם געוואָרען, ווען ער איז שיער־שיער ניט געוואָרען אַ שפּילכעל אין די הענט פון'ם טיראַן דיאָניסיוס, דורך ווענען ער האָט פּרובירט צו האַרמאָניזירען נאָר אַ קליין שטיקעל פון אָט דער וועלט.

פילאָזאָפיע דאַרף מען האָבען, כדי מען זאָל זיך באַציהען צום לעבען מיט אַ פילאָזאָפישער רוהיגקייט. האָט איהר ווען געזעהן אַ פאָלקאָמען רוהיגען מענשען מיט אַ שעהנעם פּנים און ווייכינקע טריט? נאָך האָט מען פון די גאַסען פון מאָסקווע ניט אָפּגע־שווייגקט דאָס בלוט. אַ 14 יאָהריגע מיידעלע, אַ בלאַסינקע, מיט דינינקע צעפּעלעך, האָט פּלוצלונג באַמערקט אַ שמוציג־רויטען פלעק אויף אַ וואַנד און אויפ׳ן טראָטואַר. זי האָט גלייך אַלעס באַגריפען, אַ ציטער געטאָן און מיט אַן אויסדרוק פון וועהטאָג און נעוויין האָט זי איינגעגראָבען איהרע אויגען אינ׳ם פלעק. אַן עדעלער מאַן איז פאַרבייגעגאַנגען און דערזעהן די סצענע. צוויי מאָל האָט ער אַ פיהר געטאָן מיט זיינע אויגען אויפ׳ן רחמנות׳דיגען אויסדרוק פון קינדערשען פּנימעל, אויפ׳ן שמוציג־רויטען פלעק. באַלד אָבער האָט ער אַוועק געשפּאַנט מיט דריבנינקע ווייכע טריט. אָט דער עדעלער מאַן האָט פאַרמאָגט אַ פיהלענד האַרץ. אַמאָל האָט ער אַליין אפילו פאַרפאַסט פילאָזאָפישע שירים. זיין פיהלענד האַרץ איז פאַרוואונדעט געוואָרען, עס האָט אָנגעפאַנגען צו נאַגען, און דער עדעלער מאַן האָט „נאָכגעדיינקט". ער האָט זיך אפילו אָפּגעשטעלט און געוואָרפען אַ בליק אויפ׳ן פראָסטיגען בלויען הימעל, וואָס שפּרייט זיך איבער זיין קאָפּ, און שטיל אַ זאָג געטאָן: „אָבער די אייביגקייט!" — און איז אַוועק ווייטער מיט ווייכינקע טריט. און זיין האַרץ נאַגט איהם שוין מעהר ניט.

עפּעס אַ פּראָפעסאָר איז באַגאַנגען אַ געמיינהייט, אַ פּאָליטי־שע געמיינהייט. זיין פרוי איז געווען אַ העכסט אינטעליגענטע יוננע דאַמע. זי האָט, לויט איהר אַלטען מנהג, אויפגעעפענט איהר מאַנ׳ס אַ בריעף ווען ער איז ניט געווען אין דער היים. דעם בריעף האָט צו איהר מאַן געשריבען אַן אַלטער פריינד, אַ האַרציגער אַלטינקער געלהערנטער, וועמען די דאַמע פלעגט אימער רופען דער „כהן פון אמת". און אָט דער כהן פון אמת האָט עס געשריבען איהר מאַן, אַז ער וויל מיט איהם קיין מגע ומשא ניט האָבען, אַז ער וויל ניט פאַראומרייניגען זיין האַנד מיט אַזאַ אונאָרענטליכען מענשען. די יוננע פרוי האָט יאָמערליך געוויינט. דער פּראָפע־סאָר, וואָס איז באַגאַנגען די געמיינהייט, איז אַהיים געקומען און געטראָפען זיין פרוי וויינען און לעבען איהר דעם בריעף וואָס האָט

איהר אזוי אויפגעטרייסעלט. איז ער עטליכע מאָל דורכגעגאנגען דורך אלע צימערען, אוועק צו זיך אין קאבינעט און צוריקגעקומען, און די גאנצע צייט שטארק געסמארעט מיט דער נאָז. ענדליך איז ער צוגעגאנגען צו זיין ווייב און אזוי איידעל־הארציג איהר א זאָג געטאָן: „נאדיא, בארוהיג דיך. צום לעבען מוז מען זיך באציהען פילאָזאָפיש".

יאָ, יאָ, מען דארף אָפגעהן אָן א זייט, כדי אלעם זאָל גרוי ווערען, כדי אלע יונים זאָלען באקומען איין פנים. מען דארף אָפוועגדען דעם בליק פון ערדישען גיהנם צום בלויען הימעל. דאָס איז אי ערהאבען, אי באקוועם.

לאָם איך אייך, ליעבער לעזער, דערמאָנען אָן איין זייטעל פון לעוו טאָלסטאָי: „ער (פירשט אנדריי) איז א פאַל געטאָן אויפ'ן רוקען. ער עפענט זיינע אויגען און וויל א קוק טאָן, ווי האָט זיך געענדיגט דער געשלעג פון די פראנצויזען מיט די ארטילעריסטען; ער וויל זעהען, צו איז דער געלער ארטילעריסט טויט, צו האָט דער שונא געפאנגען די קאנאָנען, צו מען האָט זיי מציל געווען פון זיין האנט. ער זעהט אָבער קיין זאך ניט. איבער איהם איז שוין קיין זאך ניטאָ, אויסער דעם הימעל — דעם הויכען, אונקלאָרען און דאָך אונענדליך הויכען הימעל, און גרויע וואָלקענס בלאנקען זיך שטיל ארום אויף איהם... ווי שטיל, און רוהיג, און ערהאבען אלעס גליטשט זיך דאָ. קיין סימן פון יענער פארביסענהייט און כעס, מיט וועלכען דער פראנצויז און דער ארטילעריסט רייסען זיך ארום פאר יעדער קלייניגקייט. ווארום־זשע האָב איך פריהער גאָר קיין מאָל ניט באמערקט אָט דעם הויכען הימעל? און ווי גליקליך בין איך, וואָס איך האָב איהם ענדליך דערזעהן. אלעס איז דאָך פוסט, א פארבלענדעניש נאָר, א חוץ אָט דעם אונענדליך, ברייטען הימעל. גאָר ניט, קיין זאך איז ניטאָ, אויסער איהם. נאָר אפילו ער אליין איז אויך ניטאָ. ניטאָ קיין זאך, אויסער שטילקייט און בארוהיגונג. און געלויבט ביסטו, גאָט!"...

איך האָב געזאָגט אז עס איז ערהאבען און באקוועם אויפצוהויבען זיך איבער'ן לעבען מיט זיין צער און שרעק. אלע זיינען מודה, אז פירשט אנדריי'ס שטאנדפונקט, צו וועלכען ער האָט זיך אויפגעהויבען אין דעם מאָמענט, וואָס טאָלסטאָי האָט באשריבען,

און אַנדערע עהנליכע שטאַנדפּונקטען זיינען ערהאַבען. מען צוויי־פעלט נאָר אין דער באַקוועמליכקייט פון אַזאַ שטאַנדפּונקט. דער אמת איז אָבער גראַדע פאַרקעהרט: דער הויכער שוואונג צו איי־בינקייט און אונענדליכקייט איז באמת גאָר ניט אַזוי ערהאַבען, אָבער די באַקוועמליכקייט פון אַזאַ שוואונג קען קיינער ניט אָפּ־לייקענען.

דער מאָראַלישער זין פון'ם געדאַנק, אַז מען דאַרף אַ מאָך טאָן מיט דער האַנט אויף דער פיעל־פאַרביגער און פאַרשידענאַרטיגער ווירקליכקייט, און אָט די ווירקליכקייט פאַרביימען אויף אַ גלאַטיג־פאַרענדיגטען בילד פון אַ „אמת'ער וועלט" — אָט דער זין שטאַמט פון דעם גרויסען דורשט נאָך רוהיגקייט, נאָך דעם נשמה־גלייכגע־וויכט פון די גריכישע סטאָאיקער. די אונטערדריקונג פון אַלערליי מענשליכע תאוות, דער פאַרלאַנג אַליין צו בלייבען און זיך אָפּצור־רייסען פון זיי, אָדער זיי רעגולירען און אונטערוואַרפען אונטער אַ סיסטעם פון מלוכה־אָדער מאָראַל־געזעצען, שטאַמען פון אָט דער זעלביגער דורשט נאָך רוהיגקייט.

באמת קומט גאָר איינעם ניט אָהן דעם צווייטען: דער מעטאַ־פיזיקער עלעאַט, למשל, פאַרבויגט די שרייענדיגע ווירקליכקייט און זאָגט, אַז די וועלט איז אוממעגליך, קען ער זיך דאַן מיט רחבות צולייגען אויף דעם זעהר ווייכען שטול פון באַקוועמליכקייט: מיט איין מאָך פון זיין האַנט טרייבט ער אָפּ פון זיך אַלע פאַרשאַלטענע פּראָבלעמען, אַלע רעטענישען פון דעם שטורמיגען לעבען. אָט די אַלע פּראָבלעמען קומען פון אַ כלומר'שטער און נאָר שיינבאַרער וועלט. די וועלט, וואָס ער אָנערקענט יאָ, האָט גאָר ניט קיין פּראַ־גען. אַ יונגער גריך האָט פשוט פאַרטומעלט זיין דורשטיגען, אינ־גע־לשען מח מיט אַ מענגע אומפאַרשטענדליכע ערשיינונגען און שרייענדע ווידערשפּרעכונגען, וואָס שטעכען ממש די אויגען; ווערט ער געוואָהר פון פּערמאַנידען, אַז די גאַנצע רעאַלע וועלט איז אַ פּעטרישקע ניט ווערט, אַז דאָס איז גאָר אַ פּוסטער חלום, אַ רעזול־טאַט פון לעבערליכע און פאַלשע עמפּפינדונגען. דער יונגער גריך אָטעמט אָפּ גרינגער און קוויקט זיך ממש מיט פּאַרמעניד'ס דורכ־זיכטיגער און פאַרשטענדליכער טעאָריע פון „אייביגען זיין", וואָס איז אַזוי איינאַרטיג און שטיל. אָבער פון וואַנען נעמט זיך די

פאַרשטעלונג פון ערהאַבענהייט וועגען אַזאַ אַרט לעזונג פון ערקענטניס־פּראָבלעמען? ווען פּיטאַגאָראַס באַגעגענט אויף טריט און שריט דאָס אומרעגעלמעסיגע, דאָס מיאוס'ע, צובראָכענע און צו ריסענע, אַלץ זאַכען וואָס פאַרדעקען זייער תוך, — הויבט ער אויף זיינע אויגען אין שטומער התפעלות צום בלויען הימעל, וואו, צווישען די קלאָר־פּינקטלעדיגע שטערען הערשען אָרדנונג און פאַרנונפט, הערשען אָהן אַ ברעקעל ספק, ווייל דאָרט קען מען דאָס גרינג פעסטשטעלען דורך דער געטליכער אריטמעטיק און געאָמעטריע, די אמת'ע אָפּשפּיגלונגען פון פאַרנונפט. צו דעם אָרדנונג פון די האַרמאָנישע באַוועגונגען, וואָס האָבען אַזוי געגלעט פּיטאַגאָראַ'ס אויג, האָט ער אויך צוגעגעבען די קלאַנג־האַרמאָניע, און אין דער שטילקייט פון דער פרעכטיגער דרום־נאַכט האָט זיך צו זיין אָפענעם אויער מן הסתם דערטראָגען דאָס געזאַנג פון די הימעלשע שטערען, אין זייער שוואונג, לויט דער טערציע קווינטא און אָקטאַווא. עמיצער פון די געשיכט־שרייבער פון פילאָזאָפיע איז געפאַלען אויף דער סברה, אַז די באַצייכנונג פון אָרדנונג אַלס עטוואָס ערהאַבענעס און ניט אַלס אָרגאַניזירטע פּיעלאַרטיגקייט און עטוואָס ערדישעם — נעמט זיך פּשוט פון דעם גוואַלדיגען חלוק צווישען דער טרויעריגער ערד און יענעם הימעל, וואָס האָט געלערנט אַ קאַפּיטעל חכמה מיט'ן פירשט אנדריי.

אַזאַ סברה איז אָבער ניט אמת. אדרבה, די רוהיגקייט פונ'ם הימעל, ווי די רוהיגקייט פון די שנעהיגע שפּיצען פון די הויכע בערג אָדער פון די גרענצלאָזע סטעפּעס איז ליעב און טייער געוואָרען דעם מענשען מיט'ן וואוקס פון דורשט נאָך רוהיגקייט אין זיין אייגענעם הארצען.

די געטער פון דער קריעגערישער אריסטאָקראַטיע יאָגען זיך נאָך כבוד און זיינען בלוט־דורשטיג, שכורים און זולל וסובא'ניקעס; מיט דער צייט ווערט אָט די קריעגערישע אריסטאָקראַטיע דער הערשענדער קלאַס אין דער אויפגעקומענער מלוכה, וואו ערד־ארבייט, האַנדעל און מלאכות פונ'ם עקספּלואַטירטען פאָלק (די שקלאַפען געהען דאָ אויך אריין אין חשבון) ווערען די הויפּט־קוואַלען פון רייכטום. דעמאָלט ווערט דאָס פאַרנונפטיגע געוועלטיגען איבער'ן לאַנד, די מלוכה־אָרדנונג — די הויפּט באַשעפטיגונג פון

די „הארען". דעמאָלט ווערען די שומרים פון דינים, מנהגים און קאָנטראַקטען — דער כהן, דער חכם, דער געזעץ־געבער, סענאַטאָר אָדער סנהדרין — די צענטראַלע פיגורען, און די קריעגס־לייט גיבען אוועק אָהן תרעומות דעם אויבען־אָן אָט די „חכמים". וואָס־זשע וויל אַם שטאַרקסטען אָט דער העכסטער טיפ פון דער אַריס־טאָקראַטיע? ראשית איז ער לויט זיין עצם אַ קאָנסערוואַטאָר, וואָס לעבט טאַקע צוליעב דעם ווייל ס'איז דאָ אַזאַ שווערע פראַגע —צו „קאָנסערווירען" אָדער אויפצוהאַלטען די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. דאָס איז דער רעאַלער באָדען וואו עס וואַקסט און צו־בליהט זיך דער אייגענאַרטיגער באַגריף וועגען דער ערהאַבענהייט פון „אָרדנונג". סאַמע אונטען איז דער בעל־מלאכה, דער סוחר; ער איז געלטזוכטיג און דאַרף אַזוי זיין. זאָל ער מיט אומרוהיגע אויגען זיך יאָגען נאָך געלט, זאָל ער, אָהן אַ טראָפּען רחמנות צו זיך גופא, וועלקען און איינדאַרען דורך דער שווערער אַרבייט און דאגות הפרנסה. עס ווערט ניט־גוט קוקענדיג אויף איהם, ער איז אָבער נויטיג פאַר'ן רייכטום פון'ם פאָלק, ער איז נויטיג ווי אַן הכנסה־שטאַנד. אַזוי טענה'ט דער חכם.

אביסעל העכער שטעהט דער „איש־חיל", וועמעס גאָט איז העלדען־מוט. אָט דער בעל־גאוה קען ניט משיג זיין דעם תמצית פון דער אמת'ער חכמה און וואָלט גלאַט אין דער וועלט אריין פאַר־גאָסען בלוט, ווען ס'זאָל פאַר איהם ניט זיין קיין קאָנטראָל, קיין גדר. זאָל דער איש־חיל קריגען לוקסוס, שקלאַפען, כבוד — אַלעס, אבי ער זאָל זיך אונטערוואַרפען דעם ווילען פון פאַרנונפט.

און אָט דערגרייכען מיר דעם סאַמע שפּיץ פון דער מענש־ליכער געזעלשאַפט. אָט איז דער אייביג רוהיגער און אַל־וויסענדער חכם, ער שטעהט אימער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און אַ הער־שענדען בליק. זיין געדאַנק באַוועגט זיך שטעהענדיג אין די קאָנ־סערוואַטיווסטע ריכטונגען.

זיינע געטער זיינען ערהאַבען און רוהיג, און רעכענען זיך קיין מאָל ניט מיט קיין ענדערונגען. די געטער זיינען פאָלקאָמען, ווייל ער אליין שטרעבט צו דער פאַרשטיינערטער פאָלקאָמענהייט — נאָך אַלעמען איז דאָך פאָלקאָמענהייט אַ מין פאַרשטיינערונג. און טאַקע פון די באַדערפנישען פון אָט דער גייסטיגער אַריסטאָקראַ־

טיע, וואָס באַהערשט די געזעלשאַפט, שטאַמט די אידעע פון ער־האַבענהייט צו באַגרייפען די וועלט פון אייביגקייטס־שטאַנדפונקט. פּלאַטאָנ׳ס וועלט פון אידעען און זיין אויטאָריטעטער סאָציאַליזם זיינען צוויי טיילען פונ׳ם זעלביגען ליעד, פון דער טרויעריגער פאַנ־טאַזיע פונ׳ם אַריסטאָקראַט, ביי וועמען דאָס קאָכיגע לעבען צו־ברעכט און פאַרשווינקט זיינע „קלוגע“ געזעצען.

עס וואָלט אָבער געווען אַ דומהייט צו זאָגען, אַז דער אַריס־טאָקראַטישער קאָנסערוואַטיזם קען אַליין ערקלערען יעדען פילאָ־זאָפישען שוואונג אויפ׳ן געביט פון אמת און אייביגקייט אָדער, קען דערקלערען יעדע פּראָבע אַריינצוטראָגען עטוואָס שטענדיגעס אינ׳ם רעאַלען לעבען פון די פעלקער. גריכענלאַנד האָט געשאַפען גלענצענדע ביישפּיעלע פון די ערהאַבענסטע געדאַנקען בכלל, סיי אין דער ערשטער אַריסטאָקראַטישער פאָרם, סיי אין אַנדערע פאָרמען.

דער חכם—דער באַשעפער פון דער רוחניות׳דיגער „אמת׳ער“ וועלט און דער געזעץ־געבער אָדער אוטאָפּיסט, וואָס שטרעבט צו באַהערשען דעם רוישיגען שטראָם פון לעבען און איהם דערנעהנטע־רען צום פאַרשטיינערטען אידעאַל, ווערען צוביסלאַך פאַרשוואונ־דען. ווען דאָס לעבען צוברעכט אין גאַנצען די אַלטע אויטאָריטעטע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט און שאַפט נייע, וואו אינדיווידועלע פּריוואַטע אינטערעסען שפּיעלען די הויפּט־ראָל, און וואו עס ברענט דער קלאַסען־קאַמף,—קומט אריין אין לעבען אַ נייער טיפּ חכם. ביים „חכם“ פון נייעם טיפּ שפּיעלט שוין דער סאָציאַלער אוטאָפּיזם קיין ראָלע ניט. איהם אינטערעסירט נור די פּערזענליכקייט. ער האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט די גאַנצע אומפאַרשטענדליכע, צופוילטע און צרה׳דיגע ווירקליכקייט און וויל נאָר באַשאַפען פאַר זיך אַ פריי, רוהיג ווינקעלע אין דעם פינסטערען שטורמישען ים פון טאָג־טעגליכקייט. ווארום האָט ער עפּעס אַזוי ליעב די רוהיג־קייט? ווייל ער איז ניט גענוג נאַר צו שפּרינגען, ניט באַטראַכטער־הייט, אין פייערדיגען קאַמף געגען אַנדערע פאַר געוועהנליכער „עולם־הזה“ און, געוויס, איז ער ניט ענערגיש גענוג אָפּצוזוכען אַ ברייטערע צוועק, וואָס זאָל אַלעם אין זיך בולל־זיין, אַ מין איבער־

אינדיווידועלע פאַהן, און אונטער דער פאָהן צו קעמפען געגען תהו ובהו פונ'ם ארומיגען געזעלשאפטליכען לעבען.

די פאַרמעגליכע קלאַסען האָבען געשאַפען די עפּיקורעער און די סטאָיקער. זייער אַלגעמיינער שטריך איז די שטרעבונג צו קריגען פרייהייט און באַרוהיגונג פאַר זיך גופא דורך זעלבסט־קאָנ־טראָל און באַגרענצונגען. זיי זיינען דאָס דער „יתר הפליטה" פון די פריהערדיגע קלאַסען, די געוועזענע שומרים פון אָרדנונג, און גלאַט אַפּפאַלען פונ'ם אינדיווידואַליסיטשען אַלטעגליכען תהו ובהו. עס איז א סברה, אַז די ערהאַבענהייט פון דעם עפּיקורע־אישען אָדער סטאָישען שטאַנדפּונקטען אין פאַרגלייך מיט זייער ניעדעריגקייט און וואולגארע תאוה צום לעבען האָט דערפאַר צו זיך ניט צוגעלאָזען קיין ספק, ווייל אין דעם ליגט איבערהויפּט די היגיענע פון די הערשענדע קלאַסען פון דער אינטעליגענץ פון דער געזעלשאַפט. ווארום טאַקע זאָלען זיי ניט טראַכטען, אַז זיי האָ־בען זיך אויפגעהויבען העכער פונ'ם לעבען, ווען דאָס לעבען איז געוועזען א שווידערליכער אומזין פון דעם אינדיווידועלען שטאַנד־פּונקט, ווען ווער נאָר ס'האָט געהאַט א מעגליכקייט און צייט צו „טראַכטען", האָט גלייך אין זיין פּערזענליכער פילאָזאָפיע אָפּגע־שפּיעגעלט די קרייַנקליכע געמיינהייט פונ'ם לעבען. ווי כאַראַק־טעריסטיש עס זיינען אין דעם פּרט עפּיקור'ס פרעהליכע און רוהיגע געטער, וועלכע באַוואוינען דעם חלל פון דער וועלט אָבער האָבען קיין שייכות ניט צו איהר. אַזוי איז אויך כאַראַקטעריסטיש די שטאַרקע ליעבע פון די סטאָיקער צו דער ערהאַבענער און רוהיגער אומאָרגאַנישער נאַטור. ווען אָבער די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך אויסגעצייכענט אין קריעג־פיהרונג און האָט זיך געיאָגט נאָך כבוד אָדער רויב איז דאָס עפּיקורעאישע גליק פון א שטילער, „פיינער בעל־הבית'ישקייט", און בכלל, יעדע שטרעבונג צו קריגען א רוהיג ווינקעלע דורך זעלבסט־קאָנטראָל — גאָר ניט געווען אַזוי ער־האַבען, אַזוי העכער פונ'ם לעבען. פאַרקערט, מען האָט דארויף געקוקט ווי אויף א נאַרישער שטרעבונג, וואָס שטימט נאָר מיט'ן המון. און ווען דאָס אויסגעמוטשעטע פאָלק האָט, מיט ברען זיך א כאַפּ געטאָן צום גלויבען אין א „עולם האמת", אין א גערעכטען גאָט און אין דעם שנעלען „יום־הדין", און דאָס אַלעס ערקלערט

אַלס ערהאַבענע אידעען, איז דאָס אויך געוועזען נור דערפאַר, וואָס דער קריסטליכער המון האָט איינגעזאַפּט אין זיך די אידעע פון אויטאָריטעט און דאָס שקלאַפישע זעלבסט-געפיהל. די אידעאַלע וועלט פון די קדושים און מלאכים איז געבויט געוואָרען לויט אַ מאָנאַרכיסטישען מוסטער. איהר מיטעל-פונקט איז געווען די פאָרשטעלונג פון אַ קראַפט, וואָס דולדעט ניט קיין געגנערשאַפט, און עס האָט גענומען אַ היבשע צייט ביז מען האָט געוואַגט אוועק-שטעלען די פראַגע: „איז גוטעס גוט ווייל אַזוי וויל גאָט, אָדער גאָט פאַרדיענט אונזער ליבע נאָר דערפאַר, וואָס ער וויל גוטעס?“

איך צייג אָן אויף אָט די שטריכען נאָר אין איילעניש. אָבער אַ טיעפערע אונטערזוכונג וואָלט נאָך דייטליכער באַוויזען, אַז די ערהאַבענהייט פון רעליגיאָן נעמט זיך בלויז דערפון, וואָס די רע-ליגיאָן שטאַמט פון די הערשענדע קלאַסען, אָדער זי שמעקט אַזוי צופיעל מיט דער אויטאָריטעט-אידעע. די באַקוועמע פילאָזאָפישע באַגריפען פון „אמת און אייביגקייט“ זיינען נאָר ערהאַבען דער-פאַר, ווייל אַסאָציאַטיוו זיינען זיי פאַרבונדען מיט דער פשוט'ער פאָרשטעלונג וועגען הערשאַפט, וועגען דער אַריסטאָקראַטיע. דאָס מוז מען זאָגען וועגען אַזעלכע באַגריפען. דער הימעל, די וועלט-אָרדנונג, זיטליכע געזעצען און טויזענטער אַנ-דערע „הויכע אידעען“ רופען אַרויס אין דעם מענשליכען באַ-וואוסטזיין, הגם אפילו נאָר אויף איין רגע, די פאָרשטעלונג ווע-גען הערשאַפט, מעכטיגקייט, געקרוינטע קעפ און גרינגינקע מלאכים. אמאָל קאָנקרעט, אמאָל אַבסטראַקט אָבער שטענדיג איז די הע-כערע וועלט אַ „הויפט-פאַרוואַלטונג“. דער צווייטער מין פון די „הויכע“ אידעען — די רוהיגקייט פון חכם, די גלייכגילטיגקייט צו עולם הזה, די נשמה-האַרמאָניע איז זעהר ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דער פאָרשטעלונג וועגען דער גייסטיגער אַריסטאָקראַטיע, ווע-גען דער סמעטענע פון דער געזעלשאַפט, פון ראַפינירטער איי-דעלקייט א. ז. וו. די הערשער פון דער וועלט אָדער זייערע יורשים באַשאַפען „דאָס ערהאַבענע“ לויט זייער עהנליכקייט און אויס-זעהן, אָדער די דעמאָקראַטיע גופא שאַפט אַזאַ באַגריף לויט דעם מוסטער פון אַ מאָנאַרכיע, וואָס איז ממש דורכגעקנאָטען מיט „פאָלקס-ליעבע“. די אידעע וועגען אַ „העכערער וועלט“ אין גע-

גענזאַץ צום „עולם השפל“ איז ערהאבען נאָר דערפאר, ווייל אין א קלאסען־געזעלשאפט זיינען דאָ „העכערע און ניעדעריגע“ קלאסען, עס מאכט א קליינעם אונטערשיעד צי די העכערע קלאסען שפּיגלען אָפּ זייערע אוטאָפּיעס אָדער זייערע אוטאָפּישע ענטוישונגען אין דער ערהאבענער פילאָזאָפיע אָדער די שקלאפען גופא סיסטעמאטיזירען זייערע האָפנונגען און רעליגיעזע טרוימען וועגען דער גערעכטיגקייט פונ׳ם „מלך מלכי המלכים“.

ווי ווייט די וויסענשאפטליכע פילאָזאָפיע, די פילאָזאָפיע פון די פּאזיטיווע בורזשואַ העלפט אונז וויסענשאפטליך זיך פאנאנדערקלייבען אין דער ווירקליכקייט, אנערקענען מיר איהרע פארדיענסטען, ווי, למשל, דעם ווערט פון לאָגאָריטמישע טאבעלען. אָבער שטעלט אייך פאָר, אז עפּעס א מאטעמאטיקער באמערקט ווי אייערע נערוועז ווערען ממש „צושרויפט“ פון די „שרעקען“ פונ׳ם היינטיגען מאָמענט, און טוט צו אייך א זאָג: „איהר וואָלט דאָך אָט די פּראָבלעמען געקאָנט לעזען מיט דער הילף פון די לאָגאריטמישע טאבעלען, פּרואווט אָקאָרשט, עס איז פּשוט פּיקוח נפש!“ אָט דאָ וואָלטען די טאבעלען ארויסגעטראָטען אלס א מאָראלישע ווערט, אלס א בארוהיגונגס־מיטעל. מאכט איהר נאָך איין שריט — פאלט איהר גלייך אריין אין התפעלות פון די מאטעמאטישע געזעצען און זאָגט שוין „הלל“. איהר ווערט דורכגעדרונגען מיט יראת הכבוד פאר זיי. און ווען די מאָראלע ווערט פון די וויסענשאפטליכע אבסטרוקציעס וועט באצווינגען אייער מח, דעמאָלט וועט די „פארנונפטיגקייט“ פון דעם וועלט־אָרדנונג בלייבען אייער איינציגע טרייסט. אפילו אויב די „פארנונפטיגקייט“ איז ניט קיין באשטימטע, נאָר א צושוואומענע. מיט צאָרן און פאראכטונג וועט איהר קוקען אויף דער וועלט, פול מיט תאוות און וועהטאָגען. אפשר וועט איהר נאָך אויפפאָדערען אָט די וועלט זיך אונטערווארפען דעם ווילען פון „פארנונפט“ און אפשר וועט איהר אָנפאנגען צו טרוימען וועגען א „מאנדארינען־ראנג“ אָט ווי, למשל, קאָנט און אפילו סען־סימאָן, ווי פלאטאָן אָדער קאָנפוציוס אין זייער צייט. א סך, א סך וועגען פיהרען צום „וועלט־אמת“, און ניט אלע, וואָס ווערען ענטוישט מיט׳ן תהו ובהו פונ׳ם געזעלשאפטליכען לעבען קומען צו איהם אויף איין וועג. און אויב דו

וועסט א קוק טאָן אויף דעם הימעל ווי פירשט אַנדריי — וועסטו וועלען אָדער אַליין אהין אוועק, אָדער איהם אראָפציהען אויף דער ערד. עס איז שווער אויסצורעכענען אַלע וועגען דורך וועלכע דו וועסט אנטלויפען פונ'ם לעבען, די אַלע הויכע ווערטער מיט וועל־כע דו וועסט רופען צו „אומטעטיגקייט", „זיך ניט געגענשטע־לען", אונטערוואַרפען די אינסטינקטען צו דעם אמת'ן „איך", צום געטליכען „נצוץ" א. א. וו.

ווען עמיצער זאָל אייך, ליעבער לעזער, וועלען פאראינטערעסי־רען מיט אבסטראַקטע סכעמאַס, מיט וויסענשאַפטליך־פילאָזאָפי־שער אַלגעבראַ, וואָלט דאָס געווען עפּעס א מאָדנע, אַן אָפּגעלעבטע זאַך און ניט מעהר. ווען אָבער ער וואָלט אָנגעוויזען אויף דעם „מאָראַלען ווערט" פון דער אַלגעבראַ, און דעם „ווערט" צוגעפּוצט מיט אַלע קאָלירען פון רעגענבויגען, וואָלט ער, אַזאַ מאַן, זיכער, לויט מיין מיינונג, פאַרראַטען די אינטערעסען פון דער מענשהייט. אין פאַל אָבער, אַזאַ מענשען וואָלט איינגעפאַלען, לויט זיין באַ־גריף וועגען „אייביגקייט", א רוף טאָן דאָס לעבען — „זיך צו באַ־דיינקען", — וואָלט אַזאַ אַקט זיכער געווען אוטאָפּיש. אין אַלע דריי פאַלען וואָלט דער לעזער זיכער געווען פאַלקאָם גערעכט ווען ער שליידערט אַוועק די פילאָזאָפיע.

עס איז אָבער דאָ אַן אַנדער מין פילאָזאָפיע, וואָס האָט קיין שייכות ניט צו דער פילאָזאָפיע פון די „הארען" אָדער פון זייערע קנעכט. אָט די פילאָזאָפיע שוועבט ניט ארום איבער'ן לעבען און זוכט ניט דאָס אייביגע, דאָס שטענדיגע — איהר פּרינציפּ איז א גאַנץ אַנדערער. דוקא אין באַוועגונג, אין דעם רעאַלען פלוס פון דער מענשליכער געשיכטע, זעהט זי די איינציגע „אמת'ע ווירק־ליכקייט", און זי לויפט ניט פון דער גאַס, פון שטאָדטישען טומעל אָדער פון דער פאַרצווייפלונג פון די פעלדער. אָט די פילאָזאָפיע באַרוהיגט ניט.

א פילאָזאָפיע פונ'ם לעבען פון דער קאָנקרעטער ווירקליכ־קייט... איז דאָס דען א דבר שאפשר? ראשית שפּאַרט זיך דאָך די פילאָזאָפיע אַליין אָן אויף אַלגעמיינע אויספיהרונגען אָדער אַל־געמיינע כללים; צווייטענס ווי קאָן אַזאַ פילאָזאָפיע ארויסהעלפען דעם מענשען? א פילאָזאָפיע, וואָס קומט ניט צו קיין אַלגעמיינע

אויספיהרונגען, שאַפט ניט אַליין קיין כללים, האָט ניט קיין וויסענ־שאַפטליכען ווערט. א פילאָזאָפיע וואָס טרייסט ניט, האָט ניט קיין מאָראַלען ווערט.

די רעאַליסטישע פילאָזאָפיע, דאָס קינד פון די פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגען, באַזיצט אין זעהר א הויכען גראַד אָט די ביידע ווערטען.

זי פּאַראַלגעמיינט זיי. זי וואַרפט אָבער ניט אָפּ מיט פאַראַכ־טונג די צייט, כדי פאָרצושטעלען די באַוועגונג דורך א גאַנצער אייביגער פאָרמעל. זי, די רעאַליסטישע פילאָזאָפיע, זוכט אָפּ די געזעצען פון דער קאָנקרעטער היסטאָרישער באַוועגונג אַנאַליזירט די פאַרגאַנגענע און געגענווערטיגע ווירקליכקייט, און געפינט יענע פּרינציפּען, דורך וועלכע מען קאָן פאָראויסזאָגען די צוקונפט. די מאַרקסיסטישע היסטאָרישע פּילאָזאָפיע ערקלערט דעם תהו ובהו פון לעבען, וואָס שרעקט אַזוי דעם איינציגען, דעם אָפּגעריסענעם אינדיווידואום. זי פאַרבייט ניט דעם כאָאָס מיט צוגעטראַכטע סכעמעס, נאָר זי אַנאַליזירט זיינע כחות וואָס שטורמען און קלאַ־פּען אין איהם אַזוי שטאַרק, זי זוכט נייע פאָרמען פון זיין ווייטע־רער ענטוויקלונג טאַקע אין זייער קאָנקרעטער ענדערונג, וואָס קומט דורך קאָנקרעטע אורזאַכען. אָט אין דעם זעהט די מאַרק־סיסטישע פילאָזאָפיע דעם העכסטען געווינס פאַר דער וויסענ־שאַפט. דאָ קאָנען ניט זיין קיין אַלגעמיינע געזעצען פאַר אַלע ציי־טען. דאָ ווערט אַלעס צוגעפיהרט צו דער שטענדיג־באַדייטענדער רעאַליטעט, צום סך הכל פון אַלע שטרעמונגען אין דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. די גאַנצע וויסענשאַפט באַקומט פון דעם שטאַנדפּונקט אַן אַנדער זין. די גאַנצע וועלט ווערט איין דיאַלעק־טישער פּראָצעס, וואַקסט פאַר אייך אין די אויגען און אַנטפּלעקט פאַר אייך נייע לעבענס־פאָרמען. די לעבענס־פאָרמען ווערען באַ־שטימט דורכ'ן קאַמף פון געזעצליכע עלעמענטען און זייער צופּאַ־סונג. אַלעס ווערט לעבעדיג, אָבער עס דרעהט זיך מעהר ניט אום אינ'ם פאַר'כשופ'טען קרייז, און חזר'ט ניט איבער צום צעהנטען מאָל „תורת משה מסני", אונטערוואַרפט זיך ניט צו יענע אייזערנע געזעצען, וואָס מען ווייסט אפילו ניט, ווער עס האָט זיי אויסגע־טראַכט. די זעלבסט־האַרמאָניע פון דער וועלט וואַקסט דאָ אַרויס,

אינ׳ם תהו ובהו פון די צוברעקעלטע און אָפּגעטיילטע עלעמענטען.
דאָ איז אויך דאָ א פּלאַץ פאַר דער טראַגעדיע פונ׳ם מענשען.

און אויף אַזאַ אופן איז די מאָראַלישע ווערט פון אונזער פילאָזאָפיע גאַנץ אַנדערש פון דער מאָראַלישער ווערט און די „ער־האַבענע" פילאָזאָפיעס! אָט די פילאָזאָפיע קוויקט זיך ניט מיט חלומות וועגען „אָרדנונג" אוים שרעק פאַר דער ביטערער ווירק־ליכקייט. דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף ניט לויפען פונ׳ם לעבען: ווי שווער און ביטער זיין לעבען איז, שרעקט ער זיך ניט פאַר דעם לעבען. ער פּרואווט מנצח זיין דאָס לעבען שוין באַלד און אויפ׳ן פּלאַץ און וואַרט ניט אויף „גאָט׳ס הילף" צו פאַרווירקליכען זיינע אידעאַלען. דאַרום טאַקע דאַרף ער ניט וואַרטען און וואַרט ניט מיט זיין פּראָגראַם אויף דער הסכמה פון גאָט אָדער זיינע מלאכים. מען פאַרשטעהט איצטער די ווירקליכקייט אין איהרע געגענזאַצען, אינ׳ם תהו ובהו באַמערקט מען שוין די עלע־מענטען פון דער צוקונפט, יענע קרעפטען, וואָס צואוואַקסען זיך און ווערען שטאַרקער אין דעם שאַרפען קאַמף געגען אַלץ וואָס האָט אָפּגעלעבט און האַלט אין אָפּשטאַרבען.

דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו באַטראַכטען די פילאָזאָפיע געגוי. איך וויל דאָ נאָר אָנמערקען דעם אונטערשייד צווישען איהר און יענע „ערהאַבענע" באַגריפען וואו דאָס וואָרט „געזעץ" שפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע און איז אימער פאַרבונדען (אסאָציאַטיוו) מיט דער פאָרשטעלונג פון א „פּריקאַז", פון א רעגירונגס־פאַראָרדנונג. אויך איז דער אונטערשייד שאַרף צווישען איהר און אַלע אַנדערע באַרוהי־גענדע „ערהאַבענהייטען". די מאַרקסיסטישע פילאָזאָפיע באַ־טראַכט דאָס צאַפּעלדיגע לעבען, און רופט אַקטיוו אָן אַנטייל צו נעמען אין דעם. מיר אַלע — די פּאַרטייידיגער פונ׳ם פּראָלעטאַ־רישען שטאַנדפּונקט — זיינע די נייע פילאָזאָפען אַלץ איינס, צי מיר זיינען מעהר טעאָרעטיקער אָדער פּראַקטיקער.

און אָט די פילאָזאָפיע פון לעבען, וואָס קאָכט און ברויזט אָט אויף אונזער זינדיגען ערד־קוגעל, און ניט זי רוהט ערגעץ אין די הויכע „ערהאַבענע" עולמות, ווענדען מיר אָן אויף אַלע געבי־טען פון דעם לעבעדיגען לעבען. מיר טראָגען אריין די ליכט פון אָט דער לעבענס־פילאָזאָפיע אין אַלע טונקעלע און פאַרוואָרפענע

ווינקלעך פון דער ווירקליכקייט. אָבער אויך באַנוצען מיר דעם שאַרפען מעסער פון דער דאָזיגער פילאָזאָפיע אויף צו צונלידערען אַלע אַזוי גערופענע „הויכע״ וועלטען פון „וויסען״, פון „דענקען״, פון שאַפען. יאָ, די מאַרקסיסטישע אָדער די פּראָלעטאַרישע פילאָזאָפיע האָט שוין גאָר אַן ענגע שייכות מיט׳ן לעבען. זי איז געקנאָטען פון דעם טייג פון לעבען. זי שניידט אויף און דאַבוואַוועט זיך ביז צום גרונט פון אַלץ וואָס לעבט און איז וויכטיג פאַר די שאַפענדע פּראָצעסען פון לעבען. די „פאַטענטירטע פילאָזאָפיע״ פון די באַרוהיגער האָט קיין שייכות ניט מיט׳ן לעבען. אונזער פילאָזאָפיע איז דאָס לעבען, דאָס לעבען קאָנצענטרירט און אָפּגעשפּיגעלט אינ׳ם געדאַנק, — דעם געדאַנק, וואָס שפּיעלט די ראָל פון א קאָמפּאַס, פון א וועג־ווייזער אינ׳ם לעבען.

## וועגען דעם זינגער פון פינסטערניש

פיער ערצעהלונגען פון ל. אַנדרעיעוו

דער רוסישער קריטיקער הערר טשוקאָווסקי איז אַמאָל גע־וועזן געגנוג אונפאַרזיכטיג ארויסצוזאָגען וועגען אַנדרעיעוו׳ס „עלעאַזאר“ אַט וואָס:

„די גאַנצע ‚פרייע׳ (מאָדערניסטישע — בריוסאָוו, ביעלי, מערעזשקאָווסקי, א. אַז. וו., אויך אַנדרעיעוו) רוסישע ליטעראַ־טור איז אָנגעפילט מיט איין געפיהל — דעם שרעק פאַר׳ן טויט. אייניגע זאָגען דאָס ארויס, אַנדערע בעהאַלטען דאָס. אָבער די אַקס, ארום וועלכע די פרייע ליטעראַטור דרעהט זיך, איז דער שרעק פאַר׳ן טויט. ווען טאָלסטאָי׳ס איוואַן איליטש האָט פאַר׳ן טויט אויסגעשריען ‚או—או—או!׳ האָט ער אַמבעסרייַען אויסגעדריקט דעם עצם פון דער ליטעראַטור פון ריינער קונסט, וואָס האָט זיך באַפרייט פון דער סאָציאַליסטישער הענעמאָניע, וואָס איז ניט סאָציאַל און מעטאַפיזיש. ווער עס וועט העכער שרייען ‚או—או—או!׳ דער וועט זיין דער ערשטער אין דער רוסישער ליטעראַטור. און כאָטש אַנדערע שרייען אויך געגנוג מיט אַלערליי קולות, אָבער העכער פון אַלעמען וואיעט דערווייל לעאָניד אַנדרעיעוו“.

איז אָט צו וואָס די „נייע שרייבער“, די „זיעגער“ האָבען דאָס געקעמפט פאַר פרייהייט! אָט וואָס זיי האָט דאָרט ע־וואָרט, אין דעם לאַנד פון פרייער שעהנהייט: אַראָפּלאָזען די עקען, אויפהויבען די נעז צו דער לבנה, קלאַפּען מיט די צייהן און וואיען: „או—או—או!“

שפינאָזא האָט געזאָגט: „אַ פרייער מענש קלערט וועגען קיין זאַך ניט אַזוי ווייניג, ווי וועגען טויט“. שפינאָזא וואָלט גע־ווים געשטעמפּעלט ווי פייגע קנעכט די הערען מערעזשקאָווסקי, בערדיאַעוו און... דעם גרעסטען קרבן פון זיי אַלעמען — אַנ־דרעיעוו.

לעבען איז אַ פּראָלעטאַרישער פּרינציפּ. אַזוי איז דאָס שוין אויסגעקומען. די אַלטע מערב אייראָפּעאישע בורזשואַזיע האָט אַזוי ווייט איבערגעלעבט זיך אַליין, אַז איהר רוסישע שוועסטער הויבט אָן איהר לעבען פון אַ רעקוויעם און קלייבט אויס פאַר איהר וויגעל דעם קבר. די בורזשואַזע „פרייע“ קונסט איז — דער טויט.

אָבער מיר ווילען אונטערשיידען. די הערדען מיסטיקער ווילען אָפּנאַרען דעם טויט מיט מעשות׃ וועגען אַ לעבען נאָכ'ן טויט. אַנדרעיעוו איז אַן עהרליכער פּעסימיסט. זיין „או—או—או!“ איז ריין און נאַקעט. דאָס איז אַ גרויסער פאַרדינסט. דאָס קען מען אַכטען. אַנדרעיעוו האָט שוואונג. ער האָט זיך פאַר־גומען צו פאַרניכטען אַלץ. ער איז ווי אַן ערדציטערניש. דורך סאַוואַ'ן האָט ער געזאָגט, אַז דעם מענשליכען מין קען מען ניט אויסבעסערען, און אַז מען דאַרף איהם אויסראָטען. נאַטירליך, אַנדרעיעוו'ס פאַרניכטונג איז נאָר אויפ'ן וואָרט, די אויסראָטונג איז אַ ליטעראַרישע, אָבער ווערטער זיינען אַ שטאַרקער גיפט, און אַנדרעיעוו פאַר'סמ'ט דאָס לעבען, אויפדעקענדיג אַלץ.

זאָלען מיר צוליעב דעם האָבען צו אַנדרעיעוו'ן טענות? געוויס ניט. אין לעבען איז פאַראַן אַזוי פיעל, וואָס איז קראַנק, שטאַרבט אָפּ, פוילט, אַז מיר דאַנקען דעם שליח פון טויט, דעם קברן לעאָניד אַנדרעיעוו. אין דער צייט ווען אַנדערע, פּיהלענ־דיג דעם אָטעם פון פּעסט אַרום זיך, גיבען זיך איבער צו עקעל־האַפטע אָרגיען און ווילען דערוואַרימען זייער אָפּגעקיהלטע זינ־ליכקייט מיט אומנאַטירליכער געשלעכטליכקייט, סאַדיזם און עהנלי־כען שמוץ; אין דער צייט ווען נאָך אַנדערע צינדען אָן ליכט און לאָזען רויך צום הימעל און צו די מיטמענשען אין די אויגען, שטאַמ־לענדיג פּסאַלמען און דרשות, — געהט לעאָניד אַנדרעיעוו אום אין אַ לעדערנער מאַסקע, אַ שוואַרצער און אַ שרעקליכער, מיט אַ האַק אין האַנט, איבער די גאַסען פון די שטעדט, שטעלט זיך אָפּ ביי הויפענס טויטע און האַלב־טויטע קערפּער, טראָגט אַוועק דאָס צופוילטע פליייש אין אַ גרויסע גרוב, באַגיסט זי מיט וואַפּנע, באַגראָבט. אויב ער וועט דערביי נאָך אַ זשיפּענדיגען דערשלאָ־

גען מיט זיין פעסט האקען, איז אויך ניט קיין אונגליק! פאַרברענט די טויטע קערפּער. רייניגט דאָס לעבען.

אַזוי פיעל איז אין לעבען פאַראַן וואָס איז שוואך, אַלט, אַז מיר וואָלטען געדאַרפט דאַנקען דעם צושטערער. ווען אייניגע באַפוצען די רואינען מיט פּאַפּירענע רויזען און העלע שמאַטעס; ווען אַנדערע באַשפּריצען די רואינען מיט דעם הייליגען וואַסער פון ספּיריטואַליזם, — געהט אַנדרעיעוו אום מיט אַ האַק אין די שטאַרקע הענט: אַ קלאַפּ דאָ, אַ קלאַפּ דאָרטען, און די רואינען מיט די באַפוצונגען צופאַלען אין שטויב... צושטערט, צושטערט מיט׳ן האַק און מיט פייער. אַזוי דאַרף מען. פון דעם אַלטוואַרג איז ענג געוואָרען. די שלוחים פון טויט טוען זייער ניצליכע און נויטיגע אַרבייט.

אָבער אַנדרעיעוו איז ניט נאָר אַ קברן, ער וויל זיין אַ מערדער. ער איז ניט נאָר אַ צושטערער, ער וויל זיין אַ הערָאָסטראַט. ער קאָן דאָך ניט ניט זעהן צווישען די פאַרפרעסטע הערצען און דאַמען אויך אַנדערע געזיכטער, ענערגישע אויגען, וואָס קוקען פאָרווערטס, ערנסט צונויפגעלעגטע ליפּען, וואָס נעמען זיך פאַגאַנדער פאַר אַ שטראַלענדען שמייכעל; ער קאָן דאָך ניט ניט זעהן שטאַרקע ברוסטען, וואָס ציטערען ביי דעם קלאַפּען פון אַ געזונטען האַרץ, הענט געזונטע פון אַרבייט, ניט אויסגעדאַרטע היפּטען. ער מוז דאָך הערען נייע מאַרשען, די דערווייל ניט הויכע מוזיק פון דער צוקונפט. ער מוז דאָך שפּירען די דופטען פון דעם צוגעזאָגטען פריהלינג. אַמאָל ווייזט אויס, ווי ער וואָלט אַן ענטציקטער זיך אָפּגעשטעלט פאַר אָט די מענשען (טרייטש און אַנדערע פון „צו די שטערען"). באַלד אָבער דערמאָנט ער זיך און כמורעט זיך אָן. און ער, אַ מענש אין אַ פעסט קלייד, מיט אַ פעסט האַקען, וויל זיך צו׳גנב׳ענען פון הינטען און אַריינשטעכען אַ מעסער אין רוקען דעם, וואָס וויל ניט שטאַרבען. פאַר זיין טריאומף דאַרף מען אַלץ און אַלעמען אַריינוואַרפען אין גרוב. ליטעראַריש, נאַטירליך. אין דעם באַשטעהט זיין גרויסקייט. זיך פאַרביינגעטראָגען, הייסט דאָס, ווי אַ שטורעם איבער דער ערד און איבערגעלאָזען הינטער זיך אַ וויסט.

ביי דער זייט פון די רואינען בויט זיך ביסלעכווייז דאָס

נייע. דאָס נייע וועט וואַקסען, ניט קוקענדיג אויף די אַלע אַנ־דרעיעווס פון דער וועלט. און דאָס מאַכט בייז און בעאומרוהיגט אונזער שרייבער. און אַלץ אָפטער נעמט ער זיך צועסען די יסודות פון דער מענשהייט, אַלץ אָפטער פּרוּווט ער אויפטרייסלען די גאַנצע ערד. ער שוויצט, צוברעכט די צייהן און באַווייזט זיין מאַכטלאָזיגקייט. ער קען נאָר ניט פאַרשטהן, אז ער איז באַשאַפען צו באַגראָבען דאָס טויטע צוליעב דעם לעבעדיגען, ליקווידי־רען דעם הערבסט צוליעב אַ נייעם פריהלינג. ער האָט אויסגעלאָ־שען די רויכערענדע ליכט, וואָס אַ פאַלשע קולטור האָט אָנגעצונ־דען, האָט צוטראָטען דעם פאַקעל פון אינדיווידואַליזם, דאָס כלומרשט היילענדע פייערל פון רעוואָלוציאָנערען ראַציאָנאַליזם, און ער וואָלט גערן ארויפגעלעגט אַ שוואַרצען אבאַזשור אויף די ווערק פון לעבען גופא. אָבער דאָ קומט שוין גאַרנישט ארויס. אומעטום געלינגט איהם צו פאַרוואַנדלען אין פינסטערניש נאָר דאָס, וואָס האָט געלויכטען מיט אַ פאַלשען ליכט, און כעמיש רייניגען דאָס ליכט פון אמת. אזא איז אַנדרעיעוו. און זיינע לעצטע פיער ערצעהלונגען זיינען זעהר באַלעהרענד אי אין דעם גוטען, אי אין דעם שלעכטען, אין דער שטאַרקייט, ווי אין דער שוואַכקייט זייערער.

## 2. עלעאַזאַר, אָדער וועגען טויט און תחית המתים.

איך האָב באַגריסט „דאָס לעבען פון אַ מענשען“, ווי אַ שטאַרקען קלאַפּ פאַר דעם אילוזאָרישען אינדיווידועלען גליק. אין דערזעלביגער צייט האָב איך זיך געשטעלט די פראַגע, צי ל. אַנ־דרעיעוו מיינט ניט צו פאַרשפּרייטען זיין קריטיק פון מענשליכען לעבען אויף דאָס לעבען פון דער מענשהייט? אַ סך זאַכען האָ־בען מיך געפיהרט צום שלוס, אז דאָס איז אזוי. אָבער אזאַ פאַר־שפּרייטונג האָב איך ניט געהאַלטען פאַר גענצמעסיג, ווייל דאָס וואָלט פאַרוואַנדעלט דעם רעלאַטיווען פעסימיזם, וואָס צושטערט די אינדיווידועלע אילוזיאָנען, אין אַן אבסאָלוטען פעסימיזם.

„עלעאַזאַר“ גיט אַ דירעקטען ענטפער אויף מיין פראַגע. אין אויגוסט'ס פיגור האָט אַנדרעיעוו באַשאַפען אַ מענשען, וואָס לעבט מיט היסטאָרישע האָריזאָנטען, אַ העלד פון דעם מין, אַ מאַקסי־

מאָל לעבעדיגען מענשען. און סוף כל סוף האָט זיין באַנגגיש מיט דעם העראָלד פון טויט, עלעאזאר, זיך געענדיגט מיט אַן אינער־ליכען ברוך אין אָט דעם טיטאַן פון לעבען. נאָר קינדער האָבען ניט מורא פאַר עלעאזאר׳ן. אָבער קינדער זיינען דאָך ניט קיין מענשען. אין „עלעאזאר" האָבען מיר דעם שרעק פאַר׳ן טויט אין זיין ריינסטער פאָרם, דעם „או—או—או!" אויף די העכסטע, האַרצרייסענדסטע נאָטען.

וואָס אַנבעטרעפט דאָס פאַרשפּרייטען פון דעם שרעק פאַר טויט אויף מענשען, וואָס טראָגען אויף זיך די לאַסט פון דעם מין, וועל איך וועגען אָט דער נעגאַטיווער און שוואַכער זייט פון דער ערצעלונג דאָ ניט רעדען. אָבער „עלעאזאר", ווי אַ סימבאָל פון דעם, וואָס טויג ניט פאַר׳ן לעבען, כאָטש ער איז ווידער לעבעדיג געוואָרען, האָט אויך זיין אינטערעסאַנטע און באַלעהרענדע זייט. איך דערמאָן זיך דעם וואונדערליך שעהנעם חלום פון דעם זאַנ־דערבארען און הויך באַגאַבטען דייטשען פּאָעט ריכארד דעמעל. איך וועל דאָ איבערגעבען דעם אינהאַלט פון דעם חלום.

דעם פּאָעט חלומ׳ט זיך, אז ער שטעהט אין אַ ניש פון אַ גרויסען קאַטעדראַל. פון רונדען קופּאָל גיסט זיך אין אַלע זייטען אַ מאַטער שיין. אין די נישען צווישען די פּיעלפאַרביגע קאָלאָנען שטעהן סטאַטוען פון ווייסען מירמעלשטיין פון מענער און פרויען. און דער פּאָעט אַליין איז אַן אונבאַוועגליכע סטאַטוע, אָבער אַ דענקענדע און פיהלענדע. און אָט די אָרימע מענשליכע סטאַטוע פיהלט, אַז איהרע הענט זיינען העסליך, באַדעקט מיט מאַזאָלעס, מיט צושפּאָלטענער הויט, עהנליך צו קרעבסען, אַז איהר ברוסט איז איינגעפאַלען, ביינערדיג, דער רוקען אויסגעבויגען, דער פּנים איז באַדעקט מיט קנייטשען און געשווירען, אויפ׳ן קאָפּ איז ניטאָ קיין האָר. אַ מיזעראַבעלע סטאַטוע, פול מיט רעאַליזם, אַ טרויעריג בילד פון אַ מענשען, וואָס איז צודריקט געוואָרען פון ארבייט, זאָרגען, אָרימקייט און איהר קינד — שיכרות. און אינ־מיטען קאַטעדראַל שטעהט אַן ארון, דורכזיכטיג, ווי ער וואָלט געווען געמאַכט פון אייז. אין דעם ארון רוהט קריסטוס, אַ וויי־סער, אַ ליעבער, אַ טויטער... ניין, ניט טויט. אָט האָבען זיך געעפענט די ליפען, ווי האַנט האָט זיך אַ ריהר געטאָן. און עס

האָבען זיך געעפענט די שעהנע בלויע אויגען. געעפענט זיך — און וואונדערליך ליכטיג איז געוואָרען אין טעמפעל, ווי ער וואָלט איינגאַנצען אָנגעפילט געוואָרען מיט בלויע, לעבעדיגע שטראַלען. קריסטוס האָט זיך אויפגעשטעלט — און פון ערגעץ האָט גע־שטראָמט אַ צאַרטע און פייערליכע, פריידיגע און ציטריגע מוזיק. און קריסטוס איז צוגעקומען צו דער ערשטער פּאָר מאַרמאָרנע סטאַטועןן, און זיי זיינען לעבעדיג געוואָרען און זיינען אַראָפּגע־גאַנגען פון זייערע פּעדעסטאַלען, האָבען זיך צוקושט און זיינען גע־גאַנגען נאָך קריסטוס'ען. און ער האָט גענומען אַרומגעהן דעם טעמפּעל. און די וואונדערליכע פיגורען זיינען אַראָפּגעגאַנגען, נאָכגעגאַנגען איהם און האָבען געזונגען. אַלץ העכער איז געוואָ־רען זייער ליעד און אַלץ לענגער זייער רייה. און אָט שטעהט קריסטוס ביים פּאָעט'ס ניש. דאָס אָרימע האַרץ רייסט זיך צו איהם. און אַזוי שרעקליך איז, אַזוי פאַרשעמט איז ער, אַזוי פּיינליך איז איהם און טרויעריג. נו, צו וואָס דאַרף ער דאָס לע־בען, דער העסליכער, דער קריפּעל?

לאַנג האָט קריסטוס געקוקט אויף די סטאַטוע. אין זיינע בלויע אויגען האָבען זיך באַוויזען טרערען, און ער האָט געזאָגט צווישען דעם אַנשווייגען געוואָרענעם כאָר: „נאָך ניט געקומען דיין שעה".

אָבער דעמעל איז ניט גערעכט. שנעל וועט זיך אויסגליי־כען דעם פּראָלעטאַריער'ס רוקען, ווען די שעה וועט שלאָגען, ווען מיר, טויטע, וועלען ערוואַכען. אָבער וואָס איז תחית המתים פאַר דער בורזשואַזיע? פאַר רובעק'ען איז דאָס געוועזן אַ נייער טויט. און איך וואָלט אין דעהמעל'ס חלום פאַרביטען זיין סטאַטוע אויף אַ בילד פון יענעם הערען מיט אַן אויפגעבלאָזע־נעם בליק, אָבער אַ לעדיגען קאָפּ און האַרץ, וואָס וויל איצט „פרייהייט" און נאָך פערזענליכע אונשטערבליכקייט אויך.

צו וואָס דאַרף ער אַן אייביג לעבען, ווען ער ווייס ניט, וואָס צו טאָן אפילו מיט אַ צייטווייליגען? ווען עס וואָלט ניט געוועזן דער שרעק פאַר'ן טויט, מיט וואָס וואָלט געלעבט זיין ליטעראַ־טור און פילאָסאָפיע? אייביגקייט! לייכט צו זאָגען: וואָלט ער זי געקענט אָנפילען, ווי ער פילט אַן אַ קורצען אויגענבליק —

מיט אַביסעל אויסגעלאַסענקייט, קאַרטענשפּיעל, געשעפּטליך, קליי־
נע זאָרגען, אַביסעל לעזען, אַביסעל שרייבען? אָן אומעט וועהט
אַפילו פון זייערע „באַגייסטערטע" טרוימען ווענען אייבינקייט.
לוינט דען אייך אויפצולעבען, אָרימע עלעאַזאַרען? צוליעב וואָס
וועט איהר דאָן בויען, שאַפען, ווען איהר קענט אַפילו ניט אויס־
קלערען אַן אידעאַל, וואָס איז העכער פון דעמזועלבינגען אייבינען
לעבען, פון דערזועלבינער פרייהייט פון שאַפען?

יע, קריסטוס איז ווידער לעבעדיג געוואָרען, אָבער מיט אייך
וועט דאָס ניט געשעהן, און ווען קריסטוס וואָלט אַפילו אייך שוין
געמאַכט לעבעדיג, וואָלט איהר געוואָרען עלעאַזאַרס. באַלד
וואָלט מען אויפגעהערט צו פרעהען זיך מיט אייער תחית המתים,
און אַלע וואָלטען פאַרשטאַנען, אַז איהר לעבט אין מענשענ׳ס
געדעכניס, ווי לערע צייכענס פון אַן איבערגאַנגס צייט. איהר
האָט קיין זאַך ניט געדיענט און האָט נאָר געוואָלט לעבען, לעבען.
לעזט איבער פער גילט. ער האָט אויך געוואָלט לעבען אום יעדען
פרייז.

אפשר האָט אנדרעיעוו ניט געקלערט ווענען אזא שלום? מיר
דוכט, אַז אַליין ניט וויסענדיג, האָט ער געשטעלט אנטקעגען דעם
אויפגעשטאַנענעם קריסטוס׳ען, דעם העלד און טרעגער פון אַן
אידעע — דעם אויפגעשטאַנענעם עלעאַזאַר, וואָס איז אַ נישטיגער
קליינבירגער.

## 3. יודאַ, אָדער ווענען דעם ווערט פון דער מענשהייט.

„יענע הערען" קאָקעטירען שטאַרק מיט קריסטוס׳ען. אונ־
זער הערמסטראַט איז דאָס ניט געפעלען געוואָרען. ער, דער אַל־
צושטערענדער שטורעם, האָט באַשלאָסען צו פאַרניכטען אויף
קריסטוס׳ען. ער דערגרייכט זיין אויפגאַבע אויף אַ זעהר קונציגען
אופן. די ערצעלונג „יודאַ איסקאַריאָט" (יהודה איש קריות) איז
אַ ליטעראַרישער שעדעוור. אנדרעיעוו איז צו קריסטוס׳ען צוגע־
גאַנגען גאַנץ אונערוואַרט אויף אַ זאָנדערבאַרען אופן. קעניג הור־
דוס האָט סאַווא׳ן אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער לינקער האַנט. סאַווא
האָט פון יענער זייט קיין קלאַפּ ניט ערוואַרט און איז אומגעפאַלען.
אנדרעיעוו האָט קריסטוס׳ען אויך אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער לינקער

האַנט. איוואַן קאַראַמאַזאָוו האָט פּונקט אַזוי אַ קלאַפּ געטאָן גאָט, ווען ער האָט געזאָגט: „ניט גאָט נעם איך ניט אָן, נאָר די וועלט". אַנדרעיעוו האָט געזאָגט: קריסטוס איז טאַקי גוט, אָבער די מענשען, צוליעב וועלכע ער האָט געליטען, זיינען שלעכט.

יודא, דער פאַרשטעהער פון כאַאָס, דאָפּעלקייט, איראַציאָנאַליזם אין קאָסמאָס און גייסט, האָט געוואָלט באַווייזען און ה אָ ט ב אַ ו ו י ז ע ן קריסטוס'ען, אַז ער, קריסטוס, איז אַ דאָן קיכאָט. יודאַ איז ד אָ ך אַ סאַנטשאָ פּאַנסאָ, ד אָ ך אַ ברודער פון דעם אַפּאָסטאָל טאָמאַס אין געזונטען פאַרשטאַנד. קריסטוס איז גרייט צו ליידען פאַר די מענשען. די מענשען וועלען איהם באַשמוצען, און אַנדערע, וועמען ער האָט געליעבט, וועלען נאָכדעם בלייבען לעבען און וועלען ניט וואַגען פאַרטיידיגען זייער לעהרער.

אַנדרעיעוו'ס טעזיס קאָן פאָרמולירט ווערען אַזוי: איהר זאָגט — קריסטוס. אָבער גיט נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ געמיינע באַשעפענישען ער האָט געוואָלט ערלייזען. אפשר סימפּאַטיש, אָבער אָפּשטויסענד, ווייל דאָס איז ניט קלוג.

אָבער דער באַווייז האַלט ניט אויס קיין קריטיק. אַז די אַפּאָסטאָלען, בעזונדערס פּעטער, האָבען זיך אין צייט פון קריסטוס'עס ליידען אויפגעפיהרט ניט זעהר שעהן, איז אמת. אָבער וואו האָבען זיי געזאָלט נעמען מוט? האָט זיי דען יעזוס ניט געלערנט צו צאָהלען מיט גוטס פאַר שלעכטס? און האָט ער ניט צוגעזאָגט איבער צעהן מיליאָנען מלאכים, וואָס דער פאָטער וועט שיקען אויף איין וואָרט פון איהם?

אמת, מיר באַגעגענען אין עוואַנגעליום אויך אַנדערע רייד:

„אַ צייט קומט אָן, ווען דער, וואָס האָט אַ קלייד, וועט בעסער טאָן, ווען ער וועט עס פאַרקויפען און קויפען אַ שווערד," — זאָגט יעזוס צו די תלמידים. אָבער דאָס איז געווען אין אַ מאָמענט פון צווייפעל, שוואַכקייט, וואַקלונג. אין דעם מאַרך פון דעם דעמאַגאָג פון גליל, וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט מיט שונאים פון אַלע זייטען, האָט זיך אין יענעם מאָמענט אפשר דורכגעטראָגען דער געדאַנק וועגען די אומגעקומענע זעלאָטען, וואָס פאָדערען נקמה. „האָט איהר ביי אייך געוועהר?" — האָט יעזוס געפרעגט. — „פאַראַן צוויי שווערדען", — האָט מען איהם געענטפערט. — „גענוג",

— האָט יעזוס געענטפערט און אפשר דערביי טרויעריג געשמייכעלט. אויב דער איצטיגער פּראָלעטאריאַט קוקט אויף מיט שרעק אויף זיינע „צוויי שווערדען", איז וואָס האָבען שוין געקאָנט טאָן די אַמאָליגע אָרימע פישער! מען האָט געדאַרפט געפינען אַנאַנדער טאַקטיק. דאָס איז געווען — מאַרטירערטום, געדולד און טריי־הייט צו זיך, צו די אייגענע פּרינציפּען. זי האָט שיעור ניט באַזיעגט די וועלט. זי האָט אפילו געזיעגט, אָבער פאַר דער צייט פון קאַמף האָט יענע נעץ פון מענשען־פאַנגער פאַרפלאָנטערט זיי אליין, איז געווען אַ קייט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט גופא.

מאַכען פון דער פאַסיווויטעט פון קריסטוס'עס עלף תלמידים אַ שלום וועגען דער געמיינזאַמקייט פון דעם מענשליכען מין — דאָס טויג ניט. אמת, דאָס עוואַנגעליום איז אַ שרעקליכע סאַטירע אויף די מענשהייט. און אַנדרעיעוו האָט נאָך די טעמא ניט ערשעפּט. אָבער די עוואַנגעלישע מענשהייט איז אַ טייל פון פעבעל אין דער צייט פון צופאַלונג פון דער אַנטיקער געזעלשאַפט.

אָט ווען קראַטאָנ'ס דעמאָקראַטיע איז אָנגעפאַלען אויף דאָס הויז, וואו פּיטאַגאָראַס מיט זיינע תלמידים האָבען געהאַט אַ באַראַטונג, האָבען די תלמידים פון זייערע קערפּער געמאַכט אַ בריק פאַר זייער פאַרעהרטען לעהרער דורך די פלאַמען.

די געשיכטע איז פול מיט ביישפּיעלען פון הערואיזם. איך לייקען ניט די טיעפקייט און שעהנקייט פון אַנדרעיעוו'ס ערצעהלונג, איך באַהויפּט נאָר, אַז דער ציעל איז ניט דערגרייכט געוואָרען. וויפיעל טויזענטער קריסטען זיינען אומגעקומען אויף די אַרענען פאַר קריסטוס'עס נאָמען? פּעטער'ס זינד איז אָפּגעוואַשען געוואָרען מיט דעם בלוט פון מאַרטירער. די מענשהייט, ווע־ניגסטענס איהר פּראָלעטאַרישער טייל, האָט געצאָהלט מיט ליעבע פאַר ליעבע, מיט געדולד פאַר געדולד, מיט בלוט פאַר בלוט. די מענשהייט איז אַ געמיש פון גוטס און שלעכטס, ווי יודא אליין.

אַנדרעיעוו וויל אין אונז אויפוועקען אַ סימפּאַטיע צו יודא'ן און אַן אַנטיפּאַטיע צו דער מענשהייט. אומזיסטע מיה. שרעקליך, אומזיניג, אָבער אויך שעהן איז די געשיכטע פון אונזער מין. איז זי ווערט דאָס בלוט פון די מאַרטירער און העלדען? הערר אַנ־

דרעיעוו און יודא איסקאריאט מיינען, אז ניין. די מארט־רער און העלדען אליין מיינען אָבער אנדערש.

אויף באַטיטשעלי'ס בילד שרייבט איין די מאַדאָנאַ דאָס ער־שטע וואָרט פון דעם הימן צו איהר רוהם. מיר דוכט, ווי זי וואָלט געזאָגט: „גאָט, זוהן, דו זעהסט אלץ פון דאַנען, פון די העכסטע הויכען. האָסטו דען ניט חרטה אויף דיינע און מיינע ליידען?“ דאָס קינד ענטפערט: „ניין, מוטער“.

און טרויעריג איז איהם, וואָס זי פאַרשטעהט דאָס ניט.

## 4. די קללה פון דער חיה און דעם מענשען'ס שעפערישער קאַמף.

אנדרעיעוו'ס ערצעהלונג „די קללה פון דער חיה“ איז איינגאַנ־צען דאָפּעלט, ווי כמעט אלץ, וואָס אָט דער שרייבער באַשאַפט. זיינע קינסטלעריש באַקליידטע טעזיסען זיינען אָנגעמבאַר ביז אַ געוויסען פונקט, און ווייטער פון יענעם פונקט ווערען זיי פאַלש און נאָך דערצו ניט אָריגינעל, ניט קוקענדיג אויף די גאַנצע פּרעטענ־ציעזקייט.

די ערצעהלונג איז געווענדעט געגען דער גאַנצער מאָדערנער בורזשואזער, שטאָדטישער קולטור. און אנדרעיעוו האָט געפונען אינטערעסאנטע קללות, אינטערעסאנטע שטראָפענדע בילדער. אָבער צו זיין אומגליק איז דער שטארקער צושטערער פון אינדי־ווידואליזם אליין אן אינדיווידואליסט, און ער וויל באַשולדיגען די קולטור הויפּטזעכליך פאַר איהר געזעלשאַפטליכקייט, קאָלעקטי־וויטעט. און עס באַקומט זיך אַ פאַרדריסליכער פּלאָנטער.

נעמט, צום ביישפּיעל, דעם אויסגעצייכענטען עפּיזאָד מיט די אָדלערס. (די גאַנצע ערצעהלונג איז אַ רייה עפּיזאָדען פון אַ שפּאַציר, וואָס אַ ביז קריינקליכקייט עמפּינדליכער אינדיווידוא־ליסט מאַכט איבער דער גרויסער הויפּטשטאָדט). „איך האָב דער־זעהן עפּעס, וואָס האָט מיך אָנגעפילט מיט עקעל און צאָרן. דאָס זיינען געווען אָדלערס און אָדלערינען. צעהן־צוועלף קעניגען און קעניגינען, איינגעשלאָסען אין אַ קליינעם אייזערנעם שטייגעל. פאַר זיי, די אומגעהויערע קעניגליכע פויגלען, מיט זייערע ברייטע פליגלען, איז דאָס שטייגעל געווען מאָנסטרעז קליין. און ווען

איינער פון די אומגליקליכע געפאנגענע קעניגען האָט געפּרואווט פליהען, וואָס פאַר אַן עקעלהאַפטע, מיזעראבעלע אומאָרדנונג דאָס האָט אויפגעהויבען אין שטייג. דער אומגליקליכער האָט געשלאָגען מיט זיינע פליגלען איבער די אייזערנע ריטער, איבער דער ערד און זיינע חברים, האָבען זיי אַלע גענומען שרייען, זידלען זיך, קריעגען זיך, ווי מארק-הענדלערינס, ווי ווייבער, וואָס זיינען געקומען מיט זייערע טעפּלעך צו איין אויוועז. זייערע הייזעריגע געשרייען, וואָס קלינגען אזוי מעכטיג איבער די בערג שפּיצען, איבער דעם גרויסען אָקעאַן, זיינען דאָ געוואָרען עהנליך צו די שכור'ע קולות פון בייזע, באַליידיגטע מענשען, וואָס געהען אוים פון בענקשאפט, אומאָרדנונג, אומזין פון לעבען. איך וויים ניט זייער שפּראך, אָבער קלאָר און מיט עקעל האָב איך באַרנומען זייער אומזיניגע זידלעריי, מיאוס'ע אַנדייטונגען, אָפּשטויסענדע קלאָגען זיך, ציניש'ען געלעכטער.

„און דאָס זיינען געווען אָדלערס!

„ביי זיי אַלעמען זיינען געווען שמוציגע, אויפגעשויבערטע פעדערען, צובראָכענע פליגלען; זייערע ענערגישע שאַרפשנאָבעלדיגע פּנים'ער מיט די שאַרפע, אָדלערשע, הערשערישע אויגען האָבען אויסגעדריקט קליינליכע בייזקייט, אויפגערעגטקייט, נאַרישע קנאה. און נאָר ווייניגע פון זיי האָבען געפּרואווט פליהען; די מעהרהייט אָבער, וואָס האָבען זיך צוגעוואוינט צו געפאנגענשאפט אָדער זיינען אפילו געבאָרען געוואָרען אין איהר, האָבען זיך שטארק געהאַלטען מיט די נעגעל אָן די שמוציגע פּלאַנקעס אָדער די אָפּגעהאַקטע צווייגען פון קורצע, איינגעבראָכענע שטאַמען פון ביימער; און ווען יענע האָבען געפּרואווט פליהען, האָבען די בעאומרוהיגטע, אויפגעבראַכטע, גענומען שרייען, זידלען זיך כעס'דיג, אפשר רופען פּאָליציי אויך. מיר האָט זיך געוואָלט זעהן, ווי די פליהען, און איך האָב גענומען וואַרטען און — זיך דערוואַרט: זיי זיינען ניט געפלויגען, נאָר געשפּרונגען מיט קורצע שפּרונגען, ווי גרויסע שפּאַרבערס, ווי היהנער אין אַ שטאַל.

„און דאָס זיינען געווען אָדלערס!"

שעהן. שטאַרק. אָבער איהר פיהלט, אז אַנדרעיעוו'ס צאָרן און עקעל זיינען געווענדט ניט וואוהין מען דאַרף. ווען ער וואָלט

נאָר געוואָלט אויפגעבראַכט ווערען אויף די גראָבע גוואַלדטאַט פון קולטורעלע פּראָפּעסאָרען, וואָס האָבען פאַרשפּאַרט צוועלף קעניגען און קעניגינען אין אַ שטייג, וואָלט דאָס געווען אייגפאַך, אָבער אַ ביסעל פלאַך. אַ סימבאָלישער פּאַראַלעל איז נויטיג. די ענגקייט, אומלאָגישקייט, אָרימקייט פון דער בורזשואַזער קולטור ברענגט דען ניט אום די אין עצם גרויסע מענשליכע נאַטור? אָבער אַנדרעיעוו געהט מיט זיין סימבאָל טיעפּער, נעמט דאָס אַלגעמיינע: „די באַליידיגטע מענשען געהען אויס פון דער ענגשאַפט, אומאָרדנונג און אומזין פון לעבען דערפאַר, וואָס זיי האַלטען זיך צוזאַמען; נאָר ווען מען איז איינזאַם, אָפּגעזונדערט, קאָן מען פאַנאַנדערשפּרייטען די פליגלען, אויסוואַקסען אין דער גאַנצער הויך.“

דער טעזיס ווייזט אויס צו זיין טיעף. אין דער אמת'ען איז ער פאַלש, באַנאַל און אויבערפלעכליך. דאָס לעבען איז אומזיניג ניט ווייל עס איז קאָלעקטיוו, נאָר ווייל עס איז שלעכט אָרגאַניזירט. ווי אין אַריסטאָטעל'ס צייטען בלייבט דער מענש אַ געזעלשאַפטליכע היה. די שטאָדט, אויף וועלכע אַנדרעיעוו פאַלט אָן, איז העסליך, שמוציג, אָבער זי טראָגט אין זיך אומגעהויערע קרעפטען און צוזאָגען. אַנדרעיעוו פאַרשטעהט זיי ניט, ווייל זיי ניט זעהן. אָבער פאַרגלייכט אַנדרעיעוו'ס שטאָדט מיט דער שטאָדט פון ווערהאַרן.

נאָך אַן אויסגעצייכענטער עפּיזאָד. דער וואַנדערער טרעפט אָן אַ קינד, אַ קליין מיידעלע. נאָך קיינמאָל האָט ער ניט געזעהן אַזאַ פאָלקאָם מענשליך קינד, און אַ געפיהל פון שטילער, גרענצלאָזער פרייד הויבט זיך אויף אין איהם. דאָס וואָלט מען גאָר ניט געקענט ערוואַרטען פון דעם פינסטערען אַנדרעיעוו, וואָס געהט אום מיט דעם פעסט־האַקען.

דער דערצעהלער געהט נאָך נאָך דעם קינד.

„ביי איינעם פון די זייטיגע שטעגעלאַך איז אַן אייזערנע, ניט הויכע שטייג, און אין איהר אַן אָוואַלער באַסיין, אָנגעפילט מיט לעבליכען, שמוציגען וואַסער. עפּעס אַ גרויסער קערפּער באַוועגט זיך אין וואַסער אונטען. דאָס מיידעלע שטעהט אין אַ סעניגליכער פּאָזע און ווערט געדולדיג, גרויסמוטיג, רוהיג.

„און אַט באַווייזט זיך ע ר. ער בלייבט שטעהן, ווי אַ סטאַטוע, און קוקט אויף דאָס קינד מיט זיינע וואונדערליכע, מיס־טישע אויגען, גרויסע, שווארצע, אָהן ברעמען, קוקען זיי, ווי ברייט אָפענע שווארצע פענסטער, מיט אַן איינפאַכער און מאַיעס־טעטישער אָפענהערציגקייט פון אַ טויזענדיעהריגער, ניט אויפ־געקלערטער געהיימניס. און אַזוי שטעהען זיי און קוקען — אַ קעניג אויף אַ קעניג.

„איך הער אַ צארטע, פארליעבטע שטים:

„ — ליעבער, ליעבער.

שטיל.

„— ליעבער, איך ליעב דיך אַזוי.

שטיל.

„איך בין אוועקגעגאנגען פון זיי אויף די שפּיץ פינגער, מורא האָבענדיג זיך אומצוקוקען, ווי אַ נארישער שפּיאָן, וועמען מען האָט געכאַפּט ביי עמיצענס הייליגע טירען. לאַנג האָב איך דאַן געוואַנדערט איבער די אַלעען, אַן אויפגערעגטער, אָנגעפילט מיט פרייד, און האָב אַזוי פּאַרזיכטיג זיך געטראָגען, ווי איך וואָלט מורא געהאַט אויסצוגיסען עפּעס זעהר ווערטפולעס."

דאָס איז אַזוי ווארים, פּאָעטיש, ריהרענד און האָפנונגספול. אָבער אַנדרעיעוו מיינט דאָ ניט, אַז דער מענש וועט זיך אומקערען צו דער נאַטור ד ו ר ך ק ו ל ט ו ר. ניין, ער וויל זיין קינד א ו ו ע ק ש ט ע ל ע ן א נ ט ק ע ג ע ן ד ע ר ש ט אָ ד ט, צ ו ר ו פ ע ן נ י ט פ אַ ר א ו י ס, נ אָ ר צ ו ר י ק.

אַ בילד פון דער שטאָדט גופא גיט אַנדרעיעוו, מאָלענדיג די עהנליכקייט פון די מענשען, די נארישע פּסיכאָלאָגיע פון דער מאַסע. צייטענווייז איז דאָס גאַנץ שאַרפזיניג. צייטענווייז פּע־ליעטאָנמעסיג. אָבער בכלל קומט דאָס אַרויס אַ סך טויטער, ווי צום ביישפּיעל, אין פּאָ'ס „דער מענש פון דער מאַסע" און אין זיינע בילדער פון דער צוקונפטיגער איבערבאַפעלקערונג פון דער ערד. אין די מויערען, וואָס שטעהען צווישען מענשען און נאַטור, זיינען זיי אַ סך שוואַכער געמאָלען, ווי ביי ווערהאַרן'ען.

אָבער דאָס אַלץ איז גענוג, צו מאָטיווירען די צענטראַלע

סצענע פון דער קללה פון דער חיה. די סצענע איז די שטאַרקסטע און אָנגעשריבען אויסגעצייכענט.

„עס האָט זיך באַוויזען אַ טונקעלער, גליטשיגער רוקען, אַ פּאָר אומרוהיגע, געבראָכענע באַוועגונגען, אַ שווערער, לײדיגער זיפץ, אַ הירזשען — און אויף דער אויבערפלאַך האָט זיך באַווי־זען דער, וואָס האָט געשריען, האָט זיך אומגעקערט, שווער אָפּ־געזיפצט און האָט באַוויזען זיין העסליך געזיכט. ער איז, ווייזט אויס, געוועזען אַלט, זעהר קראַנק און האָט באַלד געדאַרפט שטאַר־בען. ער האָט ניט געקוקט אויף אונז, נאָר אַ סך ווייטער.

„און דאַן האָט ער ווידער גענומען שרייען, מיט אַמאָל, מיט דער גאַנצער פולקייט פון דעם ווילדען, אומערהערטען אויסגעשריי. און מיט אַמאָל האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער שילט דאָס, שטעהט אין זיין שמוציגען מולטער, אינמיטען פון דער גרויסער שטאָדט, פאַר עטליכע הערצען, און שילט מיט דער טירישער קללה אי די שטאָדט, אי די מענשען, אי די ערד, אי דעם הימעל."

די חיה פאַרשילט „אי די ערד, אי דעם הימעל". פאַרוואָס? דאַרף דער מענש געהן זיך לערנען ביי דער חיה, וואָס האָט אײ־גענטליך ניט קיין הימעל, ווייס נאָר פון איהר וועהטאָג, צו שיל־טען אַלץ? און פאַרקערט, מען קאָן דאָך דער חיה'ס קללה פאַר־שטעהן גאָר ווי אַ ק ל ל ה פ ו ן ד ע ר נ א ט ו ר!

דאָס, וואָס איז דער שטאָלץ פון מענשען, עקזיסטירט ניט פאַר אַנדרעיעוו'ן. ער שיקט דעם מענשען זיך לערנען ביי דער חיה מיזעראַבעלע און פּרוכטלאָזע קללות!

## 5. פינסטערניש, אָדער וועגען דעם מעטאַפיזישען בונט.

אַנדרעיעוו'ס ערצעהלונג „פינסטערניש" איז אַלעמען בעקאַנט. די גאַנצע קריטיק איז אפילו איינשטימיג, אַז די גאַנצע ערצעה־לונג איז צוגעטראַכט, אָנגעצויגען און בכלל ליטעראַריש שוואַך, אָבער טומעל האָט מיט איהר אַנדרעיעוו אָנגעמאַכט אַ סך.

ווידער, ווי אין „סאַוואַ", קומט דאָ אַנדרעיעוו צו דער טעמא וועגען רעוואָלוציע. זי לאָזט איהם ניט רוהען. אין „קעניג־הונ־גער" וועט ער זיך פאַרנעמען מיט איהר גרינדליך.

אין „פינסטערניש" ציטערט אַ בייזע סאַטירע אויף דעם רע־

וואָלוציאָנער. מיר ווילען צוליעב דעם ניט האָבען צו איהם קיין טענות. קיין זאַך איז ניט הייליג פאַר דעם קינסטלער־אַנאַליטי־קער.

אין „פינסטערניש“ שלאָגט אַנדרעיעוו דעם רעוואָלוציאָנער פאַר זיין עטישע זעלבסטצופרידענהייט. זיין רעוואָלוציאָנער איז א העלד, וואָס וויים זיין ריינקייט און הייליגקייט, און ער איז גליקליך. דאָס איז אַן אונאַנגענעמער, אָבער מעגליכער טיפּ. אמת, אין דעם כמעט פאַריסעאישען באַוואוסטזיין פון זיין הייליג־קייט דערגעהט אַנדרעיעוו'ס העלד צו דעם, אַז ער שרייט אין א פּאַראָקסיזם פון צאָרן צו דער אָרימער פּראָסטיטוטקע: „שווייג, דו שכור'טע! ביזט משוגע געוואָרען! מיינסט, איך דאַרף האָ־בען דיין העסליכען קערפּער? פאַר אַזא, ווי דו, מיינסטו, האָב איך זיך אָפּגעהיט. שלאָגען דיך דאַרף מען!“ — און האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

דאָס איז א גראָבע איבערטרייבונג. קיין רעוואָלוציאָנער, דער גרעסטער אידיאָט אפילו, וועט צו אַזא זאַך ניט דערגעהן. אָבער מיר ווילען אַנדרעיעוו'ן פאַרגעבען אויך דאָס, ווייל דער צ י ע ל קאָן דאָ גערעכטפערטיגט ווערען.

„— וואָס? — האָט ער געפרעגט, נאָך אַלץ א בייזער, אָבער נאָכנעבענדיג שוין דעם איינפלוס פון דעם רוהיגען, שטאָל־צען בליק.

„און שטרענג, מיט אַן איבערצייגענדינקייט, הינטער וועל־כער עס האָבען זיך געפיהלט מיליאָנען צוטראָטענע מענשליכע לעבענס, אין א ים פון ביטערע טרערען, און א פייערינער אונ־אויפהערליכער בונט פון צאָרן פון גערעכטיגקייט, האָט זי גע־פרעגט:

„— וואָס פאַר א רעכט האָסטו צו זיין גוט, ווען איך בין שלעכט?“

נעמט אָן, אַז די פראַגע איז געשטעלט געוואָרען א מענשען, ניט דעם אידיאָט און פּסיכאָפּאַט. ער וואָלט געוויס געענטפערט אַזוי: „איך האָב פּונקט אַזוי וויייניג רעכט צו זיין גוט, ווי דו — שלעכט, איך האָב פּונקט אַזוי ווייניג רעכט צו זיין א בלאָנדין, ווי דו א ברונעטין. דאָ איז ניט קיין פראַגע פון רעכט. מיך

האָט דאָס לעבען געמאַכט פאַר אַ קעמפער, אַ רעפאָרמאַטאָר פון לעבען צוליעב אייך. אומגליקליכע שוועסטער, און דיך האָט דאָס לעבען צובראָכען און אריינגעוואָרפען אין שמוץ. דאָס איז אומ־גערעכט. אָבער איך קעמף טאַקע פאַר דעם, אַז אַזאַ אומגערעכ־טיגקייט זאָל אויפהערען. אָבער איך האָב קיין רעכט ניט צו באַריהמען זיך מיט מיין גוטסקייט, ווייל אין דעם מאָמענט הער איך אויף צו זיין גוט און ווער אַן אויסוואורף, אַן אמת'ער, ניט אַ קרבן, ווי דו."

און ווייטער ענטוויקעלט דער אידיאָט־רעוואָלוציאָנער דעם אמת, וואָס די אומגליקליכע פּראָסטיטוטקע האָט ארויסגעשריען — ענטוויקעלט ביז צו אַן אַבסורד.

„ — ליובקאַ, טרינק!

„און ווען זי גיסט אָן, אַ פרעהליכע, אַ שטראַהלענדיגע, די גלעזלעך, שרייט ער אויס:

„פאַר אונזערע ברידער און שוועסטער!

„דאָס איז פאַר יענע?" — פרעגט שטיל ליובאַ.

„ — ניין, פאַר די, פאַר אונזערע! פאַר די אויסוואורפען, טוינעניכטסען, פייגלינגען, פאַר די פון לעבען צוטראָטענע. פאַר די, וואָס שטאַרבען פון סיפילים!

„די מיידלעך האָבען זיך צולאַכט, אָבער די דיקע האָט פייל ארויסגערעדט:

„ — נו, דאָס, טייערער, איז שוין צופיעל!

„ — שווייג! — האָט אַ געשריי געטאָן ליובאַ: — ער איז מיין באַשערטער!

„... פאַר די בלינד געבאָרענע. זעהענדיגע! לאָמיר זיך אויסשטעכען די אויגען. ווען מיר קאָנען מיט אונזערע לאַמטער־נען ניט באַלייכטען די גאַנצע פינסטערניש, טאָ לאָמיר זיי פאַר־לעשען און אַלע זינקען אין פינסטערניש. טרינק, פינסטערניש!"

די צרה מיט אַנדרעיעוו'ן איז, וואָס ער שטעלט זיך ניט צופרידען מיט אַן איינפאַכען בונט, נאָר ער דערפיהרט איהם אַזוי ווייט, אַז ער קומט צו אַן אַבסורד און אַ באַנאַליטעט.

אָבער דער געזונטער לעזער וועט נעמען פון אַנדרעיעוו'ס

קריטיק דאָס, וואָס איז געזונט און וועט אָפּוואַרפען די „פילאָסאָ־
פיע פון דעם ניט קלוגען קליינבירגער.

### 6. פּ. ס. ווענען דעם קעניג הונגער.

אַנדרעיעוו'ס פּיעסע „קעניג הונגער" באַהאַנדעלט דאָס פּראָ־
בלעם פון רעוואָלוציע אויף אַ קינדישען אופן. די פּיעסע איז
רויה. זי האָט מעלות און חסרונות, אָבער איך וועל זיך דאָ
אָפּשטעלען נאָר אויף איין חסרון — דעם אונמעגליך איינפאַכען,
כמעט פאַרלוימדערישען פאָרשטעלען דעם אַרבייטער קלאַס.

„דער ערשטער אַרבייטער איז מיט זיין פיגור אַן אמת'ער
הערקולעס. ברייטע פּלייצעס, אַ מאַסע מוסקולען אויף די הענט
און ברוסט. אַ קראַפט, וואָס דריקט שוין דעם מענשען אַליין.
און אויף דער דאָזיגער פיגור — אַ קליינער, שוואַך־ענטוויקעל־
טער קאָפּ מיט אַ נידעריגען שטערען און געהאַרכזאַמע אויגען.

„דער צווייטער אַרבייטער איז יונג, אָבער שוין קראַנק, ער
הוסט שוין. ער איז אי מוטיג, אי שרעקעדיג, שטאָלץ און באַשיי־
דען. ער שפּייט מיט בלוט און קוקט צום הימעל.

„דער דריטער אַרבייטער איז אַ טרוקענער, פאַרבלאָזער אַל־
טער מיט אַ פאַרבלאָזער שטים."

אָט זיינען די דריי הויפּט טיפּען פון מאָדערנעם פּראָלעטאַ־
ריאַט! איז דאָס אמת? צווישען דעם בונט פון די כוליגאַנעם
און דעם בונט פון די אַרבייטער האָט אַנדרעיעוו געפונען נאָר
איין אונטערשייד: די כוליגאַנעם זיינען אַביסעל באַוואוסטזיניגער.

די אַלגעמיינע אויפפאַסונג פון דער דראַמאַ איז שוואַך. דאָ
האָט די רעוואָלוציע זיך אָפּגעשפּיגעלט אין קאָפּ פון אַ קליינביר־
גער, מעג ער אפילו זיין אַ קינסטלער. דער הונגעריגער צושלאָגט
זיין קאָפּ אָן דעם רייכען'ס קאַנאָן, דאָס איז אַלץ.

אַ פּאָר באַמערקונגען. די כוליגאַנעם טוען די רעוואָלוציאָ־
נערע אַרבייט ביי אַנדרעיעוו'ן צוזאַמען מיט די אַרבייטער. דאָס
איז אָן אומבאַוואוסטזיניגער ליגען. די כוליגאַנעם זיינען אַלעמאָל
און אומעטום געווען געגען רעוואָלוציע. ווען די קאָמונע האָט גע־
הערשט, זיינען קיין פאַרברעכען ניט געווען. ווייטער: דאָס רע־

וואָלוציאָנערע פאָלק פארברענט די נאַציאָנאַלע גאַלעריע. דאָס איז אויך קיינמאָל ניט געווען.

אָט די פאַראייִנפאַכונג פון דעם טראַגיזם פון רעוואָלוציע פאַר־דאַרבט די סימוואָלישע באַדייטונג פון אַנדרעיעוו׳ס ווערק.

אַנדרעיעוו׳ס געדאַנק איז אומעטום הילפלאָז, ווייל ער איז אַ קליינבירגער. זיין אָפּלייקענען אַלץ איז גאָר אַ באַשטעטיגונג. ער לייקענט ליכט, אָבער ער באַשטעטיגט פינסטערניש. אַנדערע זוכען ליכט, אָבער זייער קליינבירגערליכע נשמה פאַרוואַנדעלט דאָס ליכט אין אַ האַלב־ליכטיגקייט פאַר זיך.

דאָס אמת׳ע ליכט אָבער איז די אידעאָלאָגיע פון דעם אַר־בייטער קלאַס. דאָס איז דאָס אמת׳ע ליכט, און די פינסטערניש וועט עס ניט איינשלינגען!

## 1. מאַרקסיזם און קונסט

מאַרקסיסטישע קונסט! הם, הם!!

מילא די נאַראָדניקעס זיינען נאָך ווי ס'ניט איז! רחמנות האָבען אויף דעם פּריץ דעם בעל תשובה, באַשרייבען די ליידען פון דאָרף מיט טרערען פון מיטלייד און די אייגענאַרטיגע פּויערשע גערעכטיגקייט מיט טרערען פון גערירהרטקייט; די אָפּקלאַנגען פון די אַמאָליגע פאָלקס־באַוועגונגען; די מאַרטירער פון דער רעליגיעזער שפּאַלטונג און סעקטאַנטסטווא. פון דער אַנדערער זייט די אייזערנע העלדען פון טעראָר מיט הערצער ווייך ווי וואַקס, וואָס שרייבען סענטימענטאַלע פערזען זיצענדיג אויף אַ קעסטעל דינאַמיט — אָט די גוטע, אַלטע סענטימענטאַליטעט פון דער העלדישער ראָמאַנטיק... אָבער מאַרקסיזם!

אָט די טרוקענע לעהרע, אָט די שטאָהלענע דאָגמע, אין וועלכער אָביעקטיווע געזעצען הערשען איבער דער לעבעדיגער מענשהייט, אָט די דאָגמע מיט איהר עקאָנאָמישער מעטאָדע, איהרע אויסרעכענונגען, מיט דעם גאַנצען דרוק פון דייטשער וויסענשאַפט, וואָס האָט צוגעדריקט צו דער ערד די פּאָעזיע פון דעם ראָמאַנטישען סאָציאַליזם! וואו איז דאָ פאַראַן פּלאַץ פאַר דעם קינסטלער זיך צו פאַנאַנדערוויקלען?

איז עס אָבער מעגליך, פון דער אַנדערער זייט, אַז דער גרויסער קלאַס, וואָס האָט שוין פאַר זיך ערוואָרבען אַזוינע מוחות ווי מאַרקס און לאַסאַל און האָט זיי געהאָלפען בויען דעם פונדאַמענט פון זיין וועלט־אָנשויאונג, די האַרמאָנישסטע, און סינטעטישסטע וועלט־אַנשויאונג, וואָס האָט ווען עס איז עקזיסטירט, זאָל ניט געווינען אויף זיין זייט אויך די קינסטלער און זאָל ניט העלפען זיי באַלייכטען די געגענוואַרט מיט דער העלער ליכט פון דער נייער פּראָלעטאַרישער קונסט?

דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַן אונטערדריקטער קלאַס, איז ניט אימשטאַנד צו בעשאַפען זיין אייגענע קולטור שוין איצט, אין דעם שויס פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, זאָגט מען אויך.

גוט. אָבער קען ער ניט בעשאַפען, וועט ער ניט בעשאַפען, ווילענדיג ניט ווילענדיג, **שוין איצט** דעם אָנהויב פון אַזאַ קולטור? דער בורזשואַזיע, זאָגט מען אונז, איז געווען גרינ־גער, אונטער אַ קלענערער מאָס פון נויט און אונטערדריקונג, אויפצושטעלען דעם פונדאַמענט פון איהר קונסט און איהר ווי־סענשאַפט, נאָך איידער זי האָט ענדליך טריאומפירט.

גוט. אָבער האָט די בורזשואַזיע געהאַט אַזוינע פיהרער ווי מאַרקס, ענגעלס, לאַסאַל? פאַרגענגער ווי סען־סימאָן? די גרויס־קייט פון אָט די העלדען פון פּראָלעטאַרישען געדאַנק ווערען בשום אופן ניט בלייך אין פאַרגלייך מיט דער גרויסקייט פון די וואָל־טערען און די מאָנטעסקיע. די עפּאָכע אַליין האָט דערהויבען די דאָזיגע זשעניען, וועלכע זיינען נישט קלענער אין קראַפט פון פריהערדיגע זשעניען, נאָך העכער און האָט זיי געגעבען אַ מעג־ליכקייט צו בעשאַפען עטוואָס פיעל גרעסערעס, ווי וואָלטעריאַנסט־ווע און ליבעראַליזם.

וואַרום זשע קען דאָס זעלבע ניט זיין מיט דער קונסט? עס קען זיין, עס מוז זיין, עס וועט זיין! עס הויבט זיך שוין אָן. דער מאַרקסיזם גיט קודם כל דעם קינסטלער אַ באָדען פאַר אַן אייגענ־אַרטיגער, טראַגישער אויסטייטשונג פון לעבען.

דער עקאָנאָמישער שיקזאַל, וואָס צוברעכט עקזיסטענצען און בויט די געשיכטע — דאָס איז דער נייער באָדען פאַר אַ טיעפער טראַגעדיע, וועלכע דער ניט־מאַרקסיסט קען אָנצייכענען נישט־פאַרשטעהענדיג איהרע טיעפע אורזאַכען און וועלכע דער קינסט־לער־מאַרקסיסט קען בעלייכטען ביז דעם סאַמע באָדען. און גלויבט מיר, אַז די פאַרשיידענע קינסטלער, וועלכע האָבען געמאָלען די ליידען פון דעם פאַנאַנדערפאַלענדען דאָרף, האָבען, אַמאָל אַליין ניט וויסענדיג, זיך געפונען דירעקט אָדער אינדירעקט אונטער דעם איינפלוס פון דער גרויסער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע. און אפילו אַז ניין, אפילו אויב דאָס לעבען אַליין און ניט מאַרקס האָט באַזעלט זייער שאַפען, איז עס דאָך אמת, אַז זייערע ווערק פליסען אריין ווי קליינע טייכעלעך אין דעם גרויסען, ברייטען טייך פון דער פּראָלעטאַרישער אויסטייטשונג פון דעם דראָהענדען קריזיס, וואָס די וועלט לעבט איבער.

פאַר דעם קינסטלער־טראַגיקער און דעם וואָס שילדערט דאָס פאָלקס־לעבען איז נאָך אַלץ דאָ און עס וועט נאָך פאַר אַ לאַנגער צייט פאַרבלייבען אַ פרוכטבאַר פעלד אין דעם וואוקס פון קאַפּיטאַל אין דעם קאַמף צווישען גרויס און קליין קאַפּיטאַל, אין דעם אונטערגאַנג פון די קליין־אייגענטימער, אין דעם פּראָצעס וואָס פאַרוואַנדעלט זיי אין פּראָלעטאַריער, אין דעם קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר אַ נייער וועלט, אין דער ווירקונג פון דעם דאָזיגען קאַמף אויף אַלע קלאַסען און גרופּען פון דער קולטורעלער געזעלשאַפט. אין דעם אַלעמען געפינט דער קינסטלער מאַטעריאַל און באַגייסטערונג פאַר פיעלע ווערק, פיעל טיעפערע פון די וואָס זיינען ביז אַהער באַשאַפען געוואָרען, און גראָד דאָס ליכט פון מאַרקסיסטישען אַנאַליז וועט געבען דעם קינסטלער די מעגליכקייט זיך פאַנאַנדערצוקלייבען אין דעם קאָמפּליצירטען פּלאָנטער פון סאָציאַלע פעדים. אָהן אָט דעם נייעם ליכט איז זעהר גרינג אַריינצופאַלען אין מיסטיציזם, צו פאַרבייטען די סאָציאַלע אַנאַטאָמיע און פּסיכאָלאָגיע אויף גאָרנישט־זאָגענדען סאָציאַלען עקלעקטיזם, וואָס לאָזט איבער דעם קינסטלער ניט ווייניגער פאַרלאָרען און אומבאַהאָלפען אין זיין שאַפען, ווי דעם דענקער און פאָרשער אויפ'ן געביעט פון וויסען און ערקענטניס.

דער מאַרקסיזם, אַלס אַ וויסענשאַפט, ריכטעט די אויפמערקזאַמקייט פון דעם קינסטלער אויף די גרעסטע און וויכטיגסטע ערשיינונגען פון לעבען, גיט איהם אַ מעגליכקייט אין זיי זיך צו פאַנאַנדערקלייבען, און דערצו נאָך גיט ער איהם אַ ליכטיגען אויסגאַנג, גאַראַנטירט איהם דעם שלום, אָהן וועלכען אַ טראַגעדיע איז יאָמער פון פאַרצווייפלונג און ניט אַ רוף און דערלייזונג.

אָבער דאָס אַלעס וואָלט נאָך ניט געווען גענוג, אום צו ריידען וועגען אַ נייער סאָציאַליסטישער קונסט. עס איז ניט גענוג אפילו דאַן, ווען מיר גיבען צו צו דעם אויף דעם געביט פון קינסטלערישע אוטאָפּיען.

דער מאַרקסיזם איז ניט נאָר אַ וויסענשאַפט. דער נאָמען פון דעם גרויסען לעהרער, און נאָך מעהר — דער טערמין ווי־

מענשאַפטליכער אָדער פּראָלעטאַרישער סאָציאַליזם קאָן אָנגעווענדעט ווערען אויך אויף דעם געביט פון געפיהלען, אויף דער לעבעדיגער וועלט־עמפּפאַנגונג, אויף דער וועלט־אויסטייטשונג, וועלכע שטעהט ביי די סאָציאַליסטען זייט ביי זייט און ענג פאַרבונדען מיט דער וויסענשאַפטליכער, סאָציאָ־לאָגישער און פילאָזאָפישער וועלט־אַנשויאונג.

## 2. די נייע פּסיכאָלאָגיע.

דער גייסטיגער צענטער פון דער אַלטער וועלט, פון דער פריי־בירגערליכער געזעלשאַפט און איהר אידעאָלאָגיע, איז גע־ווען די פּערזאָן, דאָס קאָנקרעטע „איך". דער גייסטיגער צענטער פון דער נייער וועלט, פון דער קאָלעקטיוו־פּראָלעטאַריש־וואַקסענדער געזעלשאַפט און איהר אידעאָלאָגיע איז דער מענש.

— וואָס מיינט עס? אפילו ווען מיר זאָלען זיך שוין ניט גריבלען אין דעם שטויב פון יאָהרהונדערטער, האָט דען דער זעלבער קאַנט ניט אונטערשיידט צווישען דעם מענשען, דעם אבסטראקטען מענשען מיט זיין קאַטעגאָרי־שען אימפּעראַטיוו און דער קאָנקרעטער פּערזאָן מיט איהרע פאַר־גענגליכע ליידענשאַפטען, און האָט ער דען ניט געשטעלט דעם אבסטראקטען מענש העכער פון דער קאָנקרעטער פּערזאָן? געוויס, אָבער צווישען דעם אַלטען און נייעם באַגריף פון מענש ליגט אַ גאַנצער אָפּגרונט. אמת, אין קאַנט'ס פילאָזאָפיע ווערט אַנט־קעגען דעם קאָנקרעטען איך געשטעלט דער מענש, אָבער אַלס אַן אבסטראַקט, מעטאַפיזיש וועזען, אַלס דער טרעגער פון פליכט, פון די אַל־בינדענדע נאָרמען. ביי אונז, אין קאָנטראַסט מיט דער פאַרגענגליכער און באַגרענעצטער פּערזאָן, ווערט אַוועקגעשטעלט דער מענש, אַלס אַ טייל, אַלס אַ מיטאַרבייטער פון דער גרויסער ווירקליכקייט פון דעם מין, דער מענשליכער געזעלשאַפט אין דעם ברייטעסטען זין פון וואָרט.

דער קאָלעקטיוויסט שאַצט אין זיך דעם עלעמענט פון מענש־ליכקייט, שאַצט זיין אַרבייט, וואָס מאַכט רייכער דאָס אַלגעמיין אייגענטום, שאַצט זיין לעבען אַלס אַ מאָמענט אין דער געשיכטע, ער איז אַ היסטאָריש און געזעלשאַפטליך דענקענד און היסטאָריש

פיהלענד וועזען, און דאָס הייסט א מ ע נ ש. דער מענש איז א
יחיד פון א מין; צוערשט איז ער בלויז א טיילווייזע ערשיינונג
פון דעם מין, פאַרבונדען מיט איהם בלויז ביאָלאָגיש; דערנאָך,
אין דעם סאָציאַליסטישען באגריף, — א שטאָלצער און באוואוסט-
זיניגער אויסדרוק פון דעם מין, אין צייט און אין רוים אַרומגערינג-
געלט פון אַנדערע יחידים, וועלכע גיסען מיט איהם צוזאַמען זיי-
ערע אָנשטרענגונגען אין אַן אַלץ מעהר הארמאָנישען בויען פון
דעם טעמפעל פון מעכטיגען לעבען.

צו לעבען א מענשליך לעבען מיינט צו זעהן און פיהלען די
אייגענע פאַרגאַנגענהייט ביז צום סאַמע טאָג פון געבורט און די
אייגענע, די ר ע א ל-א י י ג ע נ ע, צוקונפט אויך נאָך דעם
טויט; דאָס מיינט צו פיהלען זיך אַלס א שטערבליך טייל פון דער
אומשטערבליכער סטיכיע — דעם קאָלעקטיווען לעבען.

דער פאַקט פון מיטאַרבייטען אין די שוין פאַרגעזעלשאַפט-
ליכטע אַרבייטס-פּראָצעסען פון דער מאָדערנער אינדוסטריע; די
קלאַסען-סאָלידאַריטעט, וואָס איז נויטיג אין דעם קאַמף פאַר דער
פאַרבעסערונג פון דער אייגענער לאַגע; דער באוואוסטזיין פון
דער אייגענער גרויסער מיסיע; דער באגריף פון דעם בונד, וואָס
עקזיסטירט צווישען דער פאַר-קאַפּיטאַליסטישער, קאַפּיטאַליסטי-
שער און צוקונפטיגער קאָלעקטיוויסטישער פעריאָדע פון דער גע-
שיכטע פון דער מענשהייט; דער באוואוסטזיין פון דער שעפּפע-
רישער ליכטיגער ראָל אין דעם דאָזיגען גוואַלדיגען פּראָצעס;
פאַרשטעהן דעם אייגענעם אידעאַל אַלס דעם אידעאַל פון אַל-מענש-
ליכער געשיכטע; מיטאַרבייטען אין דער פאַרניכטונג פון ראַסען און
קלאַסען-שטרייט צווישען מענשען — דאָס איז דער פונדאַמענט,
וואָס ערלויבט דעם פּראָלעטאַריער אַזוי לייכט צו ערציהען, צו
דער פיהלען אין זיך די נייע מענשליכע נשמה, צו פאַרבייטען דעם
בלייבינקען, איינגעשלאָסענעם קרייזעלע, דעם א י ך, אויף א
פאַרשטעלונג פון א כוואַליע אין מיטען ים, נאָהענט און פאַר-
וואַנדעט מיט אַנדערע כוואַליעס, ענג צוזאַמענגעבונדען מיט זיי
אין דער ברייטקייט פון רוים און אין דער טיעפעניש פון צייט, מיט
איין וואָרט — אויף דעם לעבעדיגען באגריף מ ע נ ש. ניט איך
בין זיך טייער, זאָגט דער סאָציאַליסט, נאָר דער מענש אין מיר;

ניט דו — דער מענש אין דיר, און אין מיין אָריגינאַליטעט און אין דיינע איינגענאַרטיגע איינגענשאַפטען ליעב איך די נייע קלאַנגען און פאַרבען וואָס דיענען דער אומענדליכער ענטוויקלונג פון דעם קאָלעקטיווין מענשען.

אויב דער צענטער פון אונזער וועלט־אַנשויאונג איז אונזער א י ך, דאַן שטעלט זיך פאַר אונז אַוועק, ווי אַ מורא׳דיגע פראַגע, דער טויט, דער סוף פון דעם א י ך. וואָס פאַר אַן ענטפער וועט דער אינדיווידואַליסט געבען אויף דער פראַגע פון די אויסגעשטשירעטע ציינער פון דעם סקעלעט?

„עס, טרינק און פאַרברייננג, און באַגראָב דיין פאַרצווייפלונג אין די מאָמענטאַנע גענוסען.“ אַזוי וועט ענטפערען דער ניהיליסט. „די נשמה איז אומשטערבליך, איך גלויב, איך גלויב אין דעם“, זאָגט דער מיסטיקער: „איך באַהאַלט מיין פאַרצווייפלונג הינטער דעם רויך פון ווייראַך־לעמפּלעך, איך בעט גאָט מיר צו העלפען אין מיין אומגלויביגקייט“. דער פּראָלעטאַריער דאַרף ניט דערנידעריגען זיך צו דעם ברוטאַליזירענדען ניהיליזם. אויך דאַרף דער פּראָלעטאַריער ניט זוכען קיין גאָט און קיין אומשטערבליכקייט. אַ מענש דאַרף קיין גאָט ניט האָבען. ער איז אַ גאָט פאַר זיך. פאַר דעם מענשען איז דער מענש אַ גאָט. און ער דאַרף אויך ניט האָבען קיין אומשטערבליכקייט, ווייל זיין אומשטערבליכקייט איז דאָס לעבען פון דעם מין און די האָפנונג אויף דעם אייביגען זיעג פון לעבען איבער די ניט־לעבעדיגע יסודות פון דער נאַטור, פון די העכערע פאָרמען איבער די נידעריגע.

אין קורצען — דער פונדאַמענטאַלער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער פאַקט פון אונזער צייט איז, נאָך מיין מיינונג, די ענטשטעהונג פון אַ נייעם נשמה־געבוי. אונטערצוכאַפּען אָט דעם פּראָצעס, איהם אויסצודריקען, באַלייכטען מיט אַ העלער ליכט — דאָס איז אַ אַ גוואַלדיגע, ענטציקענדע, פּאָעטישע און פרעהענדע אויפגאַבע, וועלכע קאָן באַפליגלען דעם טאַלאַנט פון דעם שרייבער, וואָס איז ענדליך צוגעקומען, דורך דער טרוקענער זאַמד פון אינדיווידואַליזם, צו דעם פרישען קוואַל, וואָס שטילט דעם גייסטיגען דורשט.

## 3. מאַקסים גאָרקי.

מאַקסים גאָרקי האָט שוין געשאַפען ערנסטע ווערק פון א סאָציאַליסטישען טיפּ — „די מוטער" און „די שונאים". די דאָזיגע ערשטע צוויי פּראָבען האָבען א סך פעהלערען; עס איז אין זיי ניטאָ די ברייטקייט און די פרייהייט, עס פיהלט זיך, ווי ביים קינסטלער זיינען נאָך די פליגעל געבונדען. און דאָך, מיט אַלע זייערע חסרונות, זיינען זיי מערקווירדיגע ווערק, און מיט דער ענטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער קונסט וועט זייער באַדייטונג אָפּגעשאַצט ווערען. בלויז די קליין־בירגערליכע פּיליסטעַרישע טעמפּקייט האָט אין דעם קריזיס פון וואוקס, וואו דורך די אומפּאָלקאָמענהייטען, אָדער טאַקע א דאנק זיי, האָט זיך געפיהלט א גוואלדיגע מאכט און א זיבען־מייליגער שריט פּאָראויס, — אין דעם קריזיס פון איבערגאַנג צו א נייער, העכערער וועלט־אנשויאונג, — געקענט דערזעהן די קראַנקהייט און זאָגאר — ווי לעכערליך! — דעם טויט פון גאָרקי. איצט שטאַמלען די קרי־טיקער האַלב־פאַרשעמט וועגען „גאָרקי'ס ווידערגעבורט", זוכענדיג, נאַטירליך, אפילו אין אָט דער ניט־ווילענדיגער אנערקענונג אויף וועלכען ס'איז ניט אופן אונטערצושטעלען גאָרקי'ן א פּיסעל.

די ארבייטער האָבען שוין פאַרשטאַנען „די מוטער" און האָבען זיך אויף דעם ווערק אָפּגערופען. אין א בריעף צו גאָרקי'ן, שרייבט א גרופּע ארבייטער מיט הייסער אויפריכטיגקייט, אויב אפילו נאַאיוו:

„מיט אַן אמת'ען געפיהל פון ענטוזיאַזם און פרייד באַגריסען מיר די ערשיינונג פון דער ,מוטער'; מיר האָבען זיך נעפּרעהט אויף דערפאַר, וואָס דאָס זייט איהר, א געוועזענער ארבייטער, געקומען אַלס דער גרויסער קינסטלער, וואָס באַזינגט די בליהונג און די פרייד פון לעבען ניט אין א מיסטיש־משונה'דיגען זין, נאָר אין זיין גאַנצען גראַנדיעזען אומפאַנג, אָנהויבענדיג מיט דעם קליינינקען גרעזעלע און פאַרענדיגענדיג מיט דעם סעפּיר פון די הימלען. אויף דעם הינטערגרונט פון ציינישער אויסגעלאַסענהייט, פון גראָבען געלעכטער, פון דער פּאַרשוועכונג פון דעם גרויסען באַרוף פון דער פרוי צו זיין די

ערציהערין פון דעם מענשליכען מין, צו זיין א מוטער פון די זיהן פון לעבען, צו זיין א פריינד און א חבר פון דעם מאַן אין זיין קאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג און איבערבויאונג פון דעם לעבען פון דער מענשהייט, זיך מיט איהם צוזאַמען צו דער־הויבען צו דער הויכקייט פון באוואוסטזיין מיט דער הילף פון איהרע שעפערישע כחות און אַנצואווייזען דעם זעלביגען וועג פאַר אַנדערע, — מיט איין וואָרט, אויף דעם הינטערגרונט פון דער וואַקסענדער פאַרדאָרבענהייט און באַנאַליטעט שטעהט די מוטער און איהר זוהן פאַוועל ווי א לעבעדיגער פאָרוואורף פאַר איינע, ווי אַן אידעאַל פאַר אַנדערע."

אָבער לויט דער קינסטלערישער באַדייטונג שטעהט „קאָנ־פעסיאָן" (איספּאָווער) פיעל העכער פון „מוטער", ווייל דאָ פיהלט זיך פאָלשטענדיגע פרייהייט, דער אויסדרוק פון דעם פאַרפאַסער'ס פערזענליכקייט, וואָס גיסט זיך האַרמאָניש צוזאַמען מיט דער גרונט־נאָטע פון דער נייער קוסט — קאָלעקטיוויזם.

דאָס ליכט אין דער פינסטער.

די קריטיקער פון גאָרקי'ס „קאָנפעסיאָן", מאַרקסיסטען אזוי גוט ווי ניט־מאַרקסיסטען, זיינען זיך ווי צונויפגעגאַנגען אויף איין זאַך: „קאָנפעסיאָן" באַדייטעט יעדענפאַלס, אויב ניט די צוריק־ווייזונג, אַם ווענינגסטען גאָרקי'ס דערווייטערונג פון דעם מאַרק־סיזם,

יאָ, אויב יעדע באַוועגונג פאָראויס, אָדער יעדע באַלייכטונג פון דעם עצם פון דער אָדער יענער לעהרע פון דעם מאַרקסיזם איז א דערווייטערונג פון דעם מאַרקסיזם, דאַן — יאָ!

מיר פאַרשטעהען, אז די שונאים פון דעם מאַרקסיזם וואָלט זיך זעהר ווען באַטראַכטען איהם איצט און אויף אימער אלס א „טרוקענע דאָגמע", אלס א טויטע זאַך, אַן אומגעהויבעלטער שטיק שטיין, וואָס איז ניט פעהיג צו לעבען און זיך צו ענטוויקלען. אזא שטעלונג גיט א מעגליכקייט אָפּצוהאַקען פון דעם מאַרקסיזם יעדע לעבעדיגע צווייג זיינע, אלס אַן אומגעזעצליכע נייע פאָרמאַ־ציע, אלס א קראַנקהייט, א פעהלער, און פאַראורטיילען איהם צו פרוכטלאָזיגקייט, צו בלייבען אומפאַרענדערט אין דער

ציים ווען אלצדינג אין לעבען האלט זיך אין ענדערען און ענט־ וויקלען. מיר פארשטעהען דעם פארצוג פון אזא פאזיציע פאר די שונאים פון מארקסיזם, און אפשר קענען זיי טאקע אויפריכטיג גלויבען אין דער פארגליווערטקייט פון דעם מארקסיזם, ווייל אינ־ וועניג, אין דעם מארקסיזם, זיינען זיי קיין מאל ניט געווען און פארשטעהען ניט זיין לעבעדיגען עצם.

אבער די מארקסיסטען! צום באדויערען געפינען זיך אויך צווישען זיי אייניגע וואס האבען, ווייזט אויס, קיין צייט ניט זיך פארנאנדערצוקלייבען אין די פארשיידענע „נייע אויסטראכטונ־ גען“, און וועלכע ווילען זיין רוהיג באשעפטיגענדיג זיך בלויז מיט טאריע. מען וואלט געמעגט אפטער זיך דערמאנען אן די ווערטער פון בעבעל, וועלכער איז געווים ניט געווען קיין לייכטזיניגער נייעס־ ליעבהאבער. אט וואס דער דייטשער וועטעראן האט געזאגט אויף דעם פארטיי־טאג אין האנאווער (1899):

„צו ערקלערען ווען ניט איז פאר אן אפיקורס, מיינט צו אנערקענען, אז ביי אונז עקזיסטירט א דאגמע. אבער אויב עס איז פאראן א פארטיי, וועלכע האט ניט קיין דאג־ מע, איז דאס די סאציאל־דעמאקראטיע, און אויב עס זיינען געווען מענשען, וואס האבען פאלשטענדיג פארדאמט דאגמא־ טיזם און האבען איהם פון אונזערע מוחות אויסגערייניגט, זיי־ נען דאס געווען מארקס און ענגעלס... מיר האבען ניט קיין דאגמע און מיר קענען צווישען אונז ניט האבען קיין אפיקור־ סים“.

### די אדיסעע פון א גאט־זוכער

דער העלד פון „קאנפעסיאן“ איז ניט קיין סאציאלדעמא־ קראט און ניט קיין ארבייטער, נאר א האלב־פויער. די ערצעה־ לונג איז זיין אדיסעע. די אדיסעע פון א גאט־זוכער וואס שטאמט פון „פאלק“. אפשר איז דאס א שטיק נאראדניטשעסטווא אין דעם אויסוואהל פון טעמא? לאמיר זעהן.

א ליידענשאפטליכע נאטור, פון קינדהייט אן פנים אל פנים מיט דעם הארטען שיקזאל, האט מאטוועי געפונען נחת־רוח פאר זיין שטורמישער נשמה אין רעליגיע. זיך אריינטראכטען אין דעם

עצם פון דער טעאָלאָגיע בכלל און באַזונדערס פון דער קריסטליכער דאָגמע איז ער נאָך ניט געווען אימשטאַנד; איהם האָט מיטגעריסען דער רעליגיעזער געפיהל, וועלכער האָט דער־הויבען דאָס האַרץ ווייט פון דער ערד און האָט געהאַט אַ גרע־סערע ווירקונג איידער די שטאַרקסטע מוזיק. רעליגיע גיט אַ באַ־זונדער מין פאַרגעסענהייט, אַ זיסע פאַרגעסענהייט, וואָס פאַר־נעמט אַ גרויס פּלאַץ זייט ביי זייט מיט אַנדערע באַרוישונגען און שטעהט אימער אין דעם פאָדערגרונט.

„כ'פלעג שטעהן אליין אין קירכע, פינסטער אַרום, און אויפ'ן האַרצען איז ליכטיג, ווייל דאָרט איז מיין גאָט, און עס איז דאָרט ניטאָ קיין פּלאַץ ניט פאַר די קינדערשע זאָרגען, ניט פאַר מיינע קריוודעס, ניט פאַר דעם אַלעם, וואָס איז אַרום מיר, וואָס איז דאָס מענשליך לעבען. די נאָהענטקייט צו גאָט פיהרט אַוועק ווייט, ווייט פון מענשען, אָבער אין יענער צייט האָב איך, נאַטירליך, דאָס ניט געקענט פאַרשטעהן.

„איך האָב אָנגעהויבען צו לייענען די ביכער, וואָס זיינען געווען אין קירכע, אַלע האָב איך זיי איבערגעלייענט, און מיין האַרץ פלעגט זיך אָנפילען מיט דעם שטילען קלינגען פון דער פּראַכט פון גאָט'ס וואָרט; דורשטיג האָט די נשמה געטרונקען די פליסיגקייט זיינע, און עס האָט זיך פאַנאַנדערגעעפענט אין איהר אַ קוואַל פון דאַנקבאַרע טרעהרען. איך פלעג קומען אין קירכע אַריין פריהער פאַר אַלעמען, זיך אַוועקשטעלען אויף די קניה פאַר דער בילד פון דער דריי־אייניגקייט און גיסען טרעה־רען, לייכט און אונטערטעניג, אָהן מחשבות און אָהן געבעט; איך האָב ניט געהאַט וואָס צו בעטען ביי גאָט, און איך האָב זיך אומאייגענוציג געבוקט צו איהם.“

דער גלויבען אין דעם אַל־גוטען גאָט, אַזוי העל אויסגע־דריקט אין די ווערטער: „איך בין ניט אַליין אויף דער וועלט, נאָר אונטער דעם שוץ פון גאָט נאָהענט צו איהם“, לעבט זיך גרינג איין און גיסט זיך זאָגאַר צונויף אין אַ האַרמאָנישען אַקאָרד מיט די אונמיטעלבאַרע איינדריקע פון דער נאַטור, ווען דער מענש געהט צו צו איהר ניט ווי אַן אַרבייטער, ניט ווי איי־נער וואָס זוכט ביי איהר, ווי ביי אַ שטיף־מוטער, אַרויסצוקריגען

די נויטיגע מיטעל צום לעבען, נאָר ווי איינער וואָס באַוואונ־דערט איהר שעהנקייט. אָבער די צייט איז גיך געקומען, ווען „מענשען האָבען מיך באַמערקט און איך האָב זיי באַמערקט“.

אויב דער שטן האָט ניט זעהר פיעל באַאומרוהיגט מאַט־וועיען אַזוי לאַנג ווי עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער נאַ־טור, איז ער אָבער געווען מורא׳דיג שטאַרק צווישען מענשען. און מאַטוועיען איז אויסגעקומען צו ווערען ניט נאָר א בעאָבאַכ־טער אין דער ערנידעריגענדער און שרעקליכער דראַמאַ פון דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ, נאָר טאַקע א דירעקטער אנטיילנעמער.

דאָס לעבען האָט אויך איהם פאַרבאַפט מיט די הענט פון דער ליעבליכער „אָלגינקאַ“ און האָט איהם אָנגעהויבען שליידע־רען אין זיין גוואַלדיגע סקריפּענדיגע ראָד. די גאַנצע האַר־מאָניע פון גלויבען אָהן מחשבות איז פאַרשוואונדען. די זע־ליגקייט האָט זיך באַגעגענט פנים לפנים מיט דער חוצפּה׳דיגער שאַרף־ציינערדיגער מאָרדע פון פּראַקטישען שכל און האָט זי ניט געקאָנט בייקומען. א שטאָלצער, האָט זיך מאַטוועי געצאַפּעלט, זיך געוואָרפען אין נשמה־וועהען. ווער קאָן אין דעם שוועדען, האָרעפּאַשנעם פאָלקס־לעבען אויסמיידען די דאָזיגע אומדייגע קראַפּט? אָבער איניגע ווערען בלויז עטוואָס צוקאַליעטשעט און איינגעשמירט פון איהר, און מיט א דערשלאָגענער, אנשוויגע־נער אָדער מיט א ברוטאַליזירטער נשמה הויבען זיי אָן זיך שטו־פּען אין דעם אַלגעמיינעם געדראַנג פון דעם סטיכישען עקאָנאָ־מישען לעבען צו העסליכען ערפאָלג אָדער צו פּייניכען אונטער־גאַנג און ענדליך — צו דער אַלגעמיינער גרוב, וואוהין דעם לעבענס שווערסטער, די הערשערין־טויט, שאַרט זיי צוזאַמען.

מאַטוועיען אָבער, צוליעב די אומשטענדען, צוליעב דעם שטאָלצען געבוי פון זיין נשמה און די ערשטע שפּראָצען פון א פּאָעטישער וועלט־אנשויאונג, וואָס איז אין איהם פאַרזייט גע־וואָרען פון דעם „דיאַטשאָק“ און דעם האַלב־משוגע׳נעם וויצלינג, האָט דער שיקזאַל עפּעס מיט אַמאָל דערשלאָגען, ביי איהם אַלעם אוועקגענומען, האָט איבערגעריסען יעדעם פאָדים וואָס האָט איהם געקאָנט באַהעפטען מיט דעם אַזוי־גערופענעם לעבענס־גליק און האָט אַזוי אָרום געמאַכט גרינגער פאַר איהם ארויפצושווימען אויף

דעם פלאַך פון דעם לעבענס־ים, פאַרלאָזען די וועלט, אויפהערען זיין אַן אַקטיווער אנטיילנעמער אין איהר קאַמף, פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ פרייען זוכער פון גאָט און אמת, ווענמען עס נאַגט אינוועניג אַ גרויסער אנגסט.

די וואַנדערענדע גאָט־זוכער — דאָס איז די פאַרקערפערונג פון די זוכענישען פון דעם מענשליכען געוויסען אין דער פינסטערניש פון דער כאַאָטישער סאָציאַלער אָרדנונג. די נשמה פון דעם אומוויסענדען דענקט מיט די קעפ פון די רעליגיעזע סעקטאַנטען, דענקט אויף אַ משונה'דיגען אופן, אָבער זי דענקט צו דער זעלבער צייט אויך מיט דער ערפאַהרונג פון ליידען פון דעם האַלבאויפגעקלערטען פאָלק. מיט די צובלוטיגטע פיס פון די וואַנדערענדע בעטלערס יאָגט זיך דאָס ליידענדע פאָלק נאָך דעם אמת.

גאָרקי נעמט אַ בולט'ען טיפ פון אַזאַ אמת־זוכער פון פאָלק.

וואָס וועט ער געפינען? וועט זיין וואַנדערונג זיין פונקט אַזוי פרוכטלאָז ווי אין די אַמאָליגע צייטען? וועט ער אָננעמען אַלס אַן אוצר עפעס אַן אַסקעטישע, דעם מענשען אָפּלייקענדע, זעלבסט־טויטענדע אילוזיע? וועט ער געפינען די פאַרלאָרענע זעלבסט־פאַרגעסענהייט אין די שאַרפע עקסטאַזען פון התלהבות, אין אָט דעם טראַגישען, קראַנקען אַרויספליה פון דעם לייב און פון דער וועלט? וועט ער פאַלען ערגעץ אויף אַן אומבאַוואוסטען וועג, וואָס פיהרט צו די פאַנטאַסטישע „ראַכמאַנען", אין דעם קעניגרייך פון דעם פרעסביטער יונה, צו די פאַרשוואונדענע שבטים פון ישראל, וועלכע האָבען ערגעץ „אויף די ווייסע וואַסערען" געפונען סאָציאַלען שלום, האָבען פאַרווירקליכט דאָס „לעבען לויט דעם געוויסען"? צי, נאָכדעם ווי ער וועט זיך אַרונטערלאָזען און וועט פאַרלירען אין דער בלאָטע פון שלעכטע הערבסט־וועגען און אין די קיכען פון די מאָנאַסטירען דעם אוצר פון זיין אומרוהיגקייט, וועט ער זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פראָפעסיאָנעלען וואַנדערער, וואָס זוכט בלויז צו ערנעהרען זיין קערפער? צי וועט ער גאָר, אַ בייז־נעוואָרענער, ווערען אַ בראָדיאַגע און וועט, אָנשטאָט די „ווייסע וואַסערען" דערגעהן צו די נערטשינסקער מינען?

מיר ווילען זיך ניט אָפּשטעלען אויף די באַגעגענישען פון אונזער העלד. וואָס קענען מיר דאָ צוזעצען? דער פאַרפאַ־

סער רעדט פאַר זיך. מיכאַ, אַנטאָני, מאַרדאַכי, — דאָס זיינען אומפאַרגעסליכע טיפּען. דאָס איז אַ פּלאַסטיק, וואָס שטעלט „קאָנפעסיאָן“ לויט איהר קינסטלערישען פאַרדיענסט אין איין רייה מיט די בעסטע ווערק פון דער רוסישער ליטעראַטור.

אָבער פון זיינע וואַנדערונגען טראָגט מאַטוועי אַרויס בלויז אַ פינסטערע פאַרצווייפלונג, זיין נשמה איז געלייטערט געוואָרען פון די אַלע פאַלשע אילוזיען, אין איהר הערשט אַן „עהרליכער פּעסי־מיזם“.

דאָ באַגעגענט ער יונה'ן (יאָנאַ).

די אידעען־קראַפט און די פאָלשטענדיגע נייקייט פון גאָר־קי'ס ערצעהלונג באַשטעהט טאַקע אין אָט דעם גראַנדיעזען בילד: דאָס אויסגעמוטשעטע פאָלק אין דער פּערזאָן פון זיין וואַנדערער. זיין זוכער שטויסט זיך אָן פּנים לפּנים מיט דעם „נייעם גלויבען“, מיט דעם אמת, וועלכען דער פּראָלעטאַריאַט ברייננגט דער וועלט.

קאָן דער פּראָלעטאַרישער אמת, אין זיין גאַנצער ריינקייט, ווערען דער אוצר פון די אַרבייטס־מאַסען?

ניין. אָבער ערשטענס קענען און מוזען צו דעם דאָזיגען אמת קומען פיעלע פאָרשטעהער פון דער פויערען און גלייך־בירגערליכער אינטעליגענץ און צוקומען פונקט אַזוי נאָהענט, ווי די בעסטע אינ־טעליגענטען. צווייטענס, קאָנען אַזעלכע עלעמענטען, וואָס זיינען איבערגאַנגס־טיפּען פון דעם דאָרפישען און האַנדווערק פּראָלעטאַ־ריאַט, פאָלשטענדיג צושטעהן צו דער מאָהן פון וויסענשאַפט־ליכען סאָציאַליזם, כאָטש אין זייער באַגריף וועלען די אמת'ען פון סאָציאַליזם פיליכט זיך אַרויסווייזען אין אַנ'אַנדער פּערספּעק־טיוו. דריטענס, וועט די פּאָליטישע העגעמאָניע, די רעוואָלו־ציאָנערע מיטווירקונג, דאָס פּראָגראַם פון וועלכער איז אָנגעדיי־טעט געוואָרען אין אַלגעמיינע שטריכען אפילו פון אַזאַ „ענגען אָרטאָדאָקס“ ווי קאַוטסקי, וועלכער האָט אויך באַוויזען איהר מעגליכקייט, — אָהן צווייפעל האָבען אַלס איהר פּאַראַלעל דעם איינפלוס פון דער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע אויף דער קליין־בורזשואַזיע.

דאָס הייסט, ניט צושמעהענדיג צום קאָלאָסאַלען פּלאָנטער פון די עס־ערען, קאָנען מיר און מוזען שטעהן אויף דעם

שטאַנדפּונקט, אַז דער איינפלוס פון דעם פּראָלעטאַריאַט אויף די פאָלקס־מאַסען איז ניט קיין פוסטער קלאַנג, נאָר אַן ערשיי־ נונג פון דער ערשטער וויכטיגקייט. און אָט די ערשיינונג שיל־ דערט עס גאָרקי אין „קאָנפעסיאָן". עס האָט אַ בליץ געטאָן אַ ליכט אין דער פינסטערניש. דאָס ליכט האָט זיך צוגאָסען איבער די דערפער, וואו די מאַכט פון פינסטערניש איז שטאַרק. עס האָט זיך פאַרברייט אַרום יעדער שטאָדט, אַרום יעדער פאַבריק.

דאָס דאָזיגע ליכט וועט צוערשט אַרומכאַפּען דעם אינדוסט־ ריעלען פּראָלעטאַריאַט, אָט דאָס אויסגעוועהלט פאָלק פון דער מאָדערנער געשיכטע, עס וועט אָבער אויך באַלייכטען אַלעם אַרומיגעס. מען דאַרף זיך פרעהען מיט דער דאָזיגער גרויסער ערשיינונג און אויפמערקזאַם זי נאָכפאָלגען. גאָרקי'ס בוך קאָן אין אַ גרויסער מאָס פאַרשנעלען און פאַרשטאַרקען דעם דאָזיגען פּראָצעס, אין דעם וועט באַשטעהן זיין היסטאָרישע פאַרדיענסט; עס איז לעכערליך צו זעהן „נאַראָדניטשעסטוואָ" אין דער דורכ־ פיהרונג פון דער דאָזיגער אויפגאַבע.

### דער פרייער טיראַליאַר

דאָס ליכט פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־אַנשויאונג פאַרשפּרייט זיך אין דער ברייט און אין דער לענג פון רוס־ לאַנד; און עס שפּיגעלט זיך אָפּ פאַנטאַסטיש, אָפטמאָל אמת שעהן, אין די אָריגינעלע מוחות, וואָס זיינען דאָ אַזוי פיעל צווישען פאָלק.

נאַטירליך, יונה, אָט דער פרייער יעגער און טיראַליאָר פון דעם נייעם אמת, שטעלט ניט צופרידען די אַלע פאָדערונגען, וואָס מען שטעלט אַ באַוואוסטזיניגען פּאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדיסט.

אָבער ער רייסט זיך ניט צו זיין קיין לעהרער, ער ווייסט זיין פּלאַץ, און דאָס איז אַן אויסגעצייכענט פּלאַץ.

„זוך ניט אין מיינע ווערטער קיין באַהויפּטונג; איך וויל ניט לערנען, נאָר דערצעהלען. די יעניגע באַהויפּטען, פאַר וועל־ מען דער גאַנג פון לעבען איז געפעהרליך, דער וואוקס פון אמת־ שעדליך. זיי זעהען, אַז דער אמת ברענט אַלץ העלער, ווייל אַלץ מעהר און מעהר מענשען צינדען אָן זיין פייער אין זייערע

הערצער — זיי זעהען דאָס און שרעקען זיך! אויף ניך וועלען זיי א כאַפּ טאָן א ביסעל אמת, וויפיעל זיי לוינט זיך, דריקען דאָס צוזאַמען אין א קליין קייקעלע און שרייען איבער דער גאַנצער וועלט: אָט איז דער אמת, די רייכע גייסטיגע שפּייז, אָט דאָס איז דאָס, — אויף אייביג אומריהרבאר! און זיי זעצען זיך אנידער, די פאַרפּלוכטע, אויף דעם פּנים פון דעם אמת און שטיקען איהם, און ווערגען איהם, און שטערען אויף יעדען מעג־ליכען אופן זיין ווייטערדיגען וואוקס, אָט די שונאים אונזערע, שונאים פון אַלעם וואָס עקזיסטירט. און איך קאָן זאָגען איין זאַך: דערווייל איז דאָס אזוי, און וואָס עס וועט זיין מאָרגען וויים איך ניט. וואָרים, פאַרשטעהסטו, דאָס לעבען האָט ניט קיין געהעריגען געזעצליכען בעל־הבית; ער איז נאָך ניט געקו־מען און איך וויים ניט ווי אזוי ער וועט זיין בעל־הבית'ישקייט איינאָרדנען ווען ער וועט קומען, וועלכע פּלענער ער וועט גוט־הייסען, וועלכע ער וועט צושטערען, און וועלכע טעמפּלען ער וועט אויפשטעלען."

דאָס לעבען האָט ניט קיין געהעריגען בעל־הבית! ווער־זשע איז ער? אָה, אין באַצוג צו איהם איז דער מאָדערנער פּראָלעטאַ־ריאַט ניט מעהר ווי א פּאַרגעננער, פּונקט ווי יונה איז בלויז א פּאַרגעננער פון דעם פּראָלעטאַרישען געראַנק. אפשר איז גאָט אָט דער בעל־הבית? יונה רופט איהם טאַקע אזוי אָן.

אָבער אויף וועלכען פּלאַץ שטעהט אָט דער גאָט?

ווער איז דער גאָט וואָס טוט וואונדער? אונזער פּאָטער אָדער דער זוהן פון אונזער גייסט?

דער גאָט, פון וועלכען דער אַלטער רעדט, איז די מענשהייט, די סאָציאַליסטישע מענשהייט אַלס א גאַנצע. דער דאָזיגער גאָט איז נאָך ניט געבאָרען געוואָרען — מען בויט איהם ערשט. און ווער איז דאָס דער גאָט־בויער? נאַטירליך: דער פּראָלעטאַריאַט צום אַלעם ערשטען, אין דעם היסטאָרישען מאָמענט, וואָס מיר לע־בען דורך. אָבער אין דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון געשיכטע איז דאָס ווידער אמאָל די מענשהייט, נאָך א צוריסענע, נאָך א פינ־סטערע. און מען דאַרף אַרונטעררעכענען פון איהר די גרופּען, וואָס שטערען דעם וואוקס פון די קרעפטען אין דעם באַוואוסט־

זיין פון דער דאָזיגער מענשהייט, דער פאַרוואַנדלונג פון דער מענשהייט פון אַן אומבאַוואוסטזיניגער אין אַ באַוואוסטזיניגער, איהר ליכטיגער אומוואַנדלונג. מען וועט פיליכט די דאָזיגע טעאָריע אָנרופען מיט דעם נאָמען „נאַראָדניטשעסטווא“; אָבער ניין! אין אַלגעמיין און אין גאַנצען איז זי טריי אויך צו אונזער שטאַנדפונקט, — דער אונטערשייד איז, וואָס מיר וויסען גענוי דעם פּראָצעס, דורך וועלכען די אומוואַנדלונג וועט פאָרקומען און די ראָל, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט וועט אין איהם שפּיעלען. אָט דאָס ג ע נ ו י ע פאַרשטעהן פון די קרעפטען, וואָס פיהרען צו דער פאַרוואַנדלונג פון דעם עקאָנאָמישען כאַאָס אין אַ סאָציאַליסטישער האַרמאָניע איז דער אייגענטימליכער שטריך פון דעם מאַרקסיזם, פאַרגלייכט מיט דעם היסטאָרישען סאָציאַליזם אין אַלגעמיין. יונה גיט אָן דעם אַלגעמיינעם אמת, ניט פאָרמולירענדיג איהם גענוי. אָבער אין דער דאָזיגער אַלגעמיינער פאָרם איז ער צוגעגגליך צו אַזאַ מענשען ווי מאַטוועי. און פאַר איהם, דעם גאָט־זוכער, איז פאַרשטענדליכער די הויכע פאָרמולאַ, אין וועלכער דער סאָציאַליזם איז דאָ איינגעוויקעלט. דו זוכסט גאָט? גאָט — דאָס איז די מענשהייט פון דער צוקונפט, בילד איהם צוזאַמען מיט דער מענשהייט פון היינט, צושטעהענדיג צו איהרע עלעמענטען אין די פאָדערשטע רייהען.

> „עס וואַכט אויף דער ווילען פון פאָלק, עס פאַראייניגט מיט־געוואַלד־צוריסענע, פיעלע זוכען שוין די מעגליכקייט צוזאַמענצוגיסען אַלע כחות פון דער ערד, און פון דער פאַראייניגטער קראַפט וועט אַרויסקומען דער ליכטיגער, גלאָררייכער, אַלץ־אַרומנעמענדער גאָט פון דער ערד!“

אַ וואונדערליכע פאָרמולע. זי איז אויסגעדריקט ניט אין אונזערע טערמינען, אָבער אין עצם איז זי אונזערע. דאָס איז די זעלבע מוזיק, אונזער מוזיק, זי ווערט בלויז געשפּיעלט אויף אַנדערע כלים.

וואוהין־זשע וועט יונה שיקען אונזער אָדיסעי, ביי וועמען עס איז דונקעל אין דער נשמה, ווי פאַר באַגינען? צו דעם קוואַל פון זיין חכמה, צום קוואַל פון דעם ליכט, וועמעס שטראַלען ברעכען זיך איבער אייגענאַרטיג אין זיין קאָפּ.

„געה אַקאָרשט אין פאַבריק אריין, ארבייט דאָרט און רייד זיך דורך מיט מיינע פריינד. וועסט גאָר ניט פאַרלירען, גלויב מיר. דער עולם איז אויפגעקלערט; זעהסט, איך האָב זיך ביי זיי געלערנט, און איך בין ניט קיין נאַר, וואָס?" ער האָט אָנגעשריבען עפּעס אַ צעטעלע און האָט עס מיר אריינגערוקט אין האַנט. „געה, קוק זיך צו און דו וועסט זעהן! דאָס איז אַ ניי־געבאָרען, לעבעדיג פאָלק".

דאָס ניי־געבאָרענע פאָלק

„כ'געה איבער די דערפער און קוק זיך צו. דאָס פאָלק איז פאַרכמורעט און בייז, ס'ווילט זיך מיט קיינעם ניט ריידען. אַלע קוקען פאַרדעכטיג, ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט מען זאָל ביי זיי עפּעס ניט צו'גנב'ענען.

„— גאָט־בויער, — טראַכט איך זיך, קוקענדיג אויף די האַרט־הויטיגע פויערים. כ'פרעג ביי זיי: וואוהין פיהרט דער וועג?

„ —צו דער איסעטסקי פאַבריק.

„— וואָס, אַלע וועגען פיהרען דאָ צו דער דאָזיגער פאַבריק?"

אָט דאָס איז די איינפאַכע און צו דער זעלבער צייט טיעף־סימבאָליסטישע ערקלערונג פון דער באַציהונג פון דעם נאָך אין גאַנצען כאַאָטישען „פאָלק" צום יענעם טייל פון פאָלק, וועמען דער פאַבריק־קעסעל האָט געהאָלפען נאָכאַמאָל געבאָרען צו ווערען. מיר ווילען ניט צוזעצען וואָס ניט איז צום פאַרפאַסער'ס באַשרייבונג פון דער פאַבריק און דעם איינדרוק, וואָס זי האָט געמאַכט אויף מאַטוועי'ס נשמה. מיר ווילען זיך בלויז אָפּשטעלען אויף איין זאַך. דאַכט זיך ניט, אַז מיכאַילאָ, דער לעהרער, איז אַן אפיקורס? עס שיינט, אַז דער פונדאַמענטאַלער פּראָלעטאַריער יאַגיך איז אַליין ניט איינפאַרשטאַנען מיט אייניגע באַזאָנדערהייטען פון מיכאַי־לאָ'ס אויסטייטשונג פון דעם סאָציאַליזם. „מישקאַ האָט שכל פאַר צוויי", זאָגט יאַגיך.

„וואַרט — ער וועט זיך נאָך פאַנאַנדערוויקלען! דער גלח פון פאַבריק האָט איהם אָנגערופען „ארכי־יערעטיק". אַ

שאָר, וואָס ביי איהם איז אַ פּלאָנטער אין קאָפּ וועגען גאָט. דאָס איז פון דער מאַמען זיינער. מיין שוועסטער איז געווען אַ באַ־ריהמטע פרוי אין געטליכע אַנגעלעגענהייטען. פון פּראַוואָ־סלאַוויע איז זי אַריבער צו די ראַסקאָלניקעס און פון דאָרטען האָט מען זי אַרויסגעוואָרפען."

וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַ „פּלאָנטער מיט גאָט?" אפשר האָט זיך דער פאַרפאַסער גענויטיגט אין דעם אלס אַ פּעדאַגאָגיש מי־טעל! אפשר איז גאָט פאַר מיכאַילאָ'ן אַ מיטעל ווי אַריינצונאַרען אין זיין גלויבען אַזעלכע מענשען ווי מאַטוועי?

„די פראַגע וועגען גאָט איז געווען אַ שטענדיגע אורזאַך פאַר קריעגערייען צווישען מיכאַילאָ און זיין פעטער. ווי נאָר מיכאַילאָ פלעגט אַרויסריידען דאָס וואָרט „גאָט", פלעגט זיין פעטער פיאָטר בייז ווערען.

„— שוין אָנגעהויבען! גלויב איהם ניט, מאַטוועי! דאָס האָט ער זיך פון זיין מוטער אָנגעשטעקט!

„— וואָרט, פעטער, פאַר מאַטוועיען איז גאָט אַ פונדאַמענ־טאַלע פראַגע!

„— פּלאַפּעל ניט, מישקאַ! שיק איהם צו אַל־די שוואַרץ יאָהר, מאַטוועי! קיינע געטער! רעליגיע, קירכע און אָט די אַלע זאַכען — דאָס איז אַ פינסטערער וואַלד. — אַ פינסטערער וואַלד, וואו עס זיינען פאַרבאַהאַלטען אונזערע רויבער! דאָס איז אַ באַטרוג!"

אָבער מאַטוועי'ס נייגונג צו טעאָלאָגישער טערמינאָלאָגיע איז פאַר מיכאַילאָ'ן בלויז אַן אויסרייד. אויך פאַר איהם איז די פראַ־גע פון גאָט אַ טיעפע פראַגע, וואָס רודערט אויף זיין נשמה. דאַר־פען מיר, אַזוי ווי יאַגיך, ניט־פאַנאַנדערנעמענדיג זיך אין דעם עצם, שרייען „פינסטערער וואַלד, באַטרוג". ווען נאָר מיר הערען דאָס וואָרט „גאָט"? איז אין מיכאַילאָ'ס „רעליגיע" פאַראַן עפּעס פינסטערעס? ליגט דאָרט פאַרבאַהאַלטען עפּעס אַ באַטרוג? מאַט־וועי באַמערקט:

„זיין גאָט האָב איך ניט פאַרשטאַנען. אָבער דאָס האָט מיך ניט געקימערט. די הויפּט קראַפט פון דער וועלט איז ביי איהם

געווען עפּעס אַ  ו ו ע ז ע ן,  און איך האָב אינערליך אָנשטאָט דעם וועזען אוועקגעשטעלט גאָט, און אַלץ איז געגאַנגען גוט.“

מאַטוועי שטעלט זיך אינסטינקטיוו אויף דעם קאָסמישען שטאַנדפּונקט, אויף דעם רעליגיעזען שטאַנדפּונקט פון ספּינאָזע, העקעל און די מאָניסטען, אָנרופענדיג מיט דעם נאָמען „גאָט“ דעם סך הכל פון די געזעצען פון דעם וועלט־אַל, זיין אומענדליכע סוב־סטאַנץ. עס דאַכט זיך אָבער, אַז אין אַזאַ „גלויבען“ שטעקט נאָך אַ היבש ביסעל פינסטערניש און עס איז דאָרט פאַראַן גענוג פּלאַץ פאַר שווינדעל. מיט דעם באַגריף  ג אָ ט  איז ענג פאַרבונדען דער באַגריף פון הייליגקייט און פאָלקאָמענהייט. דער שלום וואָס קומט ניט ווילענדיג אין זינען און וואָס איז ווירקליך ארויסגע־זאָגט געוואָרען פון די מאָניסטען, סיי די אידעאַליסטען ווי העגעל סיי די מאַטעריאַליסטען ווי סטראַוס און העקעל, איז אַ גאַנץ קלאָ־רער: די נאַטור־געזעצען זיינען גוט, הייליג און פאָלקאָם; דער מענש דאַרף פאַר זיי זיך בוקען אין עהרפורכט. די נאַטור־געזעצען זיינען אָבער בלויז די צייטווייליגע פאָרמולען, אין וועלכע מיר צאַמען ווי עס איז איין די אָדער יענע ערשיינונגען פון דעם אומ־ענדליכען. אַ חוץ דעם זיינען זיי בשום אופן ניט קיין ווילען און פאָרשריפט, לויט דער אַנאַלאָגיע מיט יורידישע געזעצען, נאָר בלויז אַן ערקענענדע צופּאַסונג — אַ צופּאַסונג, וועלכע ווערט געמאַכט אום די זעלביגע געזעצען בייצוקומען. מען שטודירט דאָס געזעץ פון פאַלען אום צו קענען פליהען. איבעראַל מוז דער מענש געוואַגט זיך פאַרמעסטען מיט דער נאַטור און בייקומען איהרע באַשרענ־קונגען. יעדע באַשרענקונג ווערט געפּאָרשט און ערקלערט אַזוי ווי מיט דעם אויסדריקליכען אבזיכט זי בייצוקומען, פריהער אין געדאַנק, און דערנאָך — אין דער ווירקליכקייט.

דער גייסט פון עהרפורכט פאַר דעם אוניווערזום, מיט וועלכען דער בורזשואַזער מאָניזם איז דורכגעדרונגען, קאָן ווערען אַ קוואַל פון נייע קייטען פאַר דעם מענשען. די נאַטור אַליין, הייסט עס, האָט דאָס און דאָס פעסטגעשטעלט, און אומזיסט בונטעווען זיך די נייע וואָלטעריאַנער געגען דעם. און די נייע וואָלטעריאַנער וואָלט אויסגעקומען צו צושטערען דעם נייעם גאָט־נאַטור, אַזוי ווי דער

אַלטער וואָלטער האָט צושטערט דעם קאַטוילישען גאָט, און העקעל — דעם גאָט פון וואָלטער און די דעיסטען.

אָבער מיכאַילאָ זאָגט מיט אַ שמייכעל: „גאָט איז נאָך ניט באַשאַפען געוואָרען“. מיט דעם טראָגט ער אונז אריבער אויף אַ גאַנץ נייעם באָדען. עס איז אין דער וועלט ניטאָ קיין זאַך, פאַר וועלכער דער מענש דאַרף זיך בוקען אין עהרפורכט.

„דער הויפט פארברעכען פון די הערשער פון לעבען באַשטעהט אין דעם וואָס זיי האָבען צושטערט די שעפּפערישע קראַפט פון פאָלק. עס וועט זיין אַ צייט, ווען דער גאַנצער ווילען פון פאָלק וועט זיך ווידער צוזאַמענגיסען אין איין פונקט. דאַן וועט אין איהם מוזען אויפשטעהן אַן אומענדליכע און וואונדערליכע קראַפט, און — גאָט וועט אויפלעבען! און דאָס איז טאַקע ד ע ר, וועמען איהר, מאַטווי, זוכט!“

דאָס, פאַר וואָס מיכאַילאָ איז גרייט זיך צו בוקען, איז דער קומענדער קאָלעקטיווער ווילען פון פאָלק. מיט איהם שטאַרבט, מיט איהם ווערט געבאָרען דאָס ג ר ו י ס ע, פאַר וועלכען דער איינצעלנער מענש קאָן זיך בוקען.

מיר קאָנען שוין פאָראויסזעהן איין אויסזעצונג: „אויך דאָ, וועט מען אונז זאָגען, ליגט אַ גרויס געפאַהר — דאָס געפאַהר צו אונטערוואַרפען דעם איינצעלנעם, די פערזאָן צו אייער לויתן, אייער נייעם גאָט, דעם קאָלעקטיוו“. וואָס מיינט אונטערוואַרפען די פערזאָן? אין דעם קינסטליכען קאָלעקטיוו, אין דעם שטאַאַט פון איינענטימער, איז דער קאָלעקטיוו ווירקליך פרעמד צו דער פערזענליכקייט; דאָ דריקט דער סטאַדנע אינסטינקט און די אַלגעמיינע אינטערעסען אויף די אינדיווידועלע שטרעבונגען און צו־שטערט (מאַנכעס מאָל) פריוואַטע אינטערעסען. דאָס וואָס די פארשיידענע אָפּגעזונדערטע מענשען פאַרמאָגען געמיינשאַפטליכעס, האָט זיך פאַראייניגט אין איין זאַך און דריקט אין די זעלבע מענשען דאָס, וואָס זיי האָבען אייגענטימליכעס. דאָ איז פאַראַן אַ טיראַניי פון דער געזעלשאַפט איבער דעם איינצעלנעם.

אָבער דאָס אַלעס פארשווינדט אינגאַנצען אין דעם לעבעדיגען, אָרגאַנישען, שעפּפערישען קאָלעקטיוו. דאָ איז דער איינצעלנער טייער טאַקע צוליעב זיינע אייגענטימליכקייטען, פאַר דעם

אַלגעמיינעם כאָר. אַלעס באַוועגט זיך שטענדיג: פאָלקאָמענהייט איז געזיכערט דורך קאָלעקטיווען אויסוואהל, און ברייטקייט און פאַרשידענאַרטיגקייט — דורך דער אינדיווידועלער פערזענליכ־קייט. עס איז ניטאָ קיין צושפּאַלטונג אויף בירגער און פערזאָן, עס עקזיסטירט בלויז דער שאַפענדער, קאָלעקטיוו־פיהלענדער מענש.

אפילו דער אינדיווידואַליסט מאַטוועי האָט דאָס דערפיהלט, ווען ער איז געקומען אין באַריהרונג מיט דעם פּראָלעטאַריאַט.

„איך האָב אין זיך אָנגעהויבען צו באַמערקען אַ שטילען ציטער פון נייע געפיהלען. אַזוי ווי פון יעדען מענשען געהט אַרויס צו מיר אַ שאַרפער און דינער שטראַהל, ריהרט מיך אָן אומזיכטבאַר, ריהרט אומבאַמערקט אָן מיין האַרץ, און איך נעם אַרום מיט אַלץ גרעסערער עמפּפינדליכקייט די דאָזיגע געהיימע שטראַהלען. אַמאָל קלייבען זיך צוזאַמען ביי מיכאַילאָ'ן אַרביי־טער, און זיי אָטעמען אָן אַ געדאַנקען־וואָלקען, וואָס רינגעלט מיך אַרום און הויבט מיך אויף אויף אַ זאָנדערבאַרען אופן. מיט אַמאָל הויבען מיך אַלע אָן צו פאַר־שטעהן פון אַ האַלב וואָרט. איך שטעה אין אַ קרייז מענשען, און זיי זיינען אַזוי ווי מיין קערפּער, און איך, בעת איך רייד, בין אַזוי ווי זייער נשמה און ווילען. און מיינע רייד — דאָס איז זייער קול. איך פיהל נעפיהלען, אַז איך אַליין לעב אַלס אַ טייל פון אומיצענס קערפּער, אַז איך הער אַ געשריי פון מיין נשמה פון אָן אַנדערענס מויל, און אַזוי לאַנג ווי איך פיהל דאָס הערצען, איז מיר געווען גוט; און אַז דאָס קול איז אַנשווינען נעוואָרען, בין איך ווידער געווען אַליין, פאַר זיך.

„איך דערמאָן זיך אָן מיין אַמאָליגער אייניגונג מיט גאָט אין מיינע תפלות: גוט איז מיר געווען ווען איך בין פאַרשוואונ־דען פון מיין אייגענעם זכרון, ווען איך האָב אויפגעהערט צו זיין. אָבער אין מיין צוזאַמענגיסען זיך מיט מענשען בין איך פון זיך ניט אַוועקגעגאַנגען, נאָר ווי אויסגעוואַקסען, זיך דערהויבען אי־בער זיך, און דער כח פון מיין גייסט האָט זיך פאַרפיעלפאַכט. דאָ איז אויך געווען זעלבסט־פאַרנעסענהייט, אָבער זי האָט מיך ניט פאַרניכטעט, נאָר בלויז פאַרלאָשען מיינע ביטערע געדאַנ־קען און די שרעקען איבער מיין איינזאַמקייט.“

און עס באַקומט זיך דער אומגעהויער פּועל־יוצא, וועלכער איז ניט דערזאָגט, וועלכער איז ניט דערגרייכט מיט דער הילף פון קאַלטן פאַרשטאַנד, אָבער וועלכער איז דורכגעפילט מיט דער לעבעדיגער ערפאַהרונג פון אַ לײדענשאַפטליך האַרץ:

„אין דעם גאַנצען וועסטו געפינען אומשטערבליכקייט,
אָבער אין איינזאַמקייט — אומפאַרמיידליכע שקלאַפעריי און
פינסטערניש, אַנגסט און טויט."

אין איין זאַך קאָן איך מאַכען מיכאַילאָ'ן אַ פאָרוואורף; ניט אומזיסט, אפילו אויב אויסערגעוועהנליך גראָב, זאָגט איהם זיין פעטער:

„דו, מישקאַ, האָסט זיך אָנגעפּאַקט קירכישע געדאַנקען,
אַזוי ווי דו וואָלסט אויגערקעס פון אַ פרעמדען גאָרטען אָנגע־
גנב'עט, און דו פיהרסט אַראָפּ מענשען פון וועג! אויב דו
זאָגסט, אַז דער אַרבייטער איז גערופען צו באַנייען דאָס לעבען,
טאָ באַניי, און הויב ניט אויף די שמאַטעס, וואָס די גלחים האָ־
בען צוטראָגען ביז צו טראַנטעס און דערנאָך אַוועקגעוואָר־
פען!"

ניט גראָד די גלחים! ניט זיי האָבען באַשאַפען דאָס וואָרט, דעם באַגריף ג אָ ט. אָבער אין אַלגעמיין קוקט מיכאַילאָ צופיעל צוריק. צוזאַמען מיט דער האָפנונג אויף גאָט — די קאָלעקטיווע מענשהייט — אין דער צוקונפט, זעהט ער איהם אויך דאָרט, וואו ער איז ניטאָ — אין דער פאַרגאַנגענהייט.

„דער גאָט, פון וועלכען איך רייד, האָט עקזיסטירט, ווען מענשען האָבען איהם איין־גייסטיג געשאַפען פון דער סוב־סטאַנץ פון זייער געדאַנק, צו באַלייכטען די פינסטערניש פון לעבען; אָבער ווען דאָס פאָלק האָט זיך צוטיילט אויף שקלאַ־פען און הערשער, אויף שטיקלעך און ברעקלעך, ווען עס האָט צוריסען זיין געדאַנק און זיין ווילען — איז גאָט פאַרלאָרען גע־גאַנגען, צושטערט געוואָרען!"

ניין, מיכאַילאָ, דער גאָט, פון וועלכען איהר רעדט, האָט קיינ־מאָל ניט עקזיסטירט. די אונטערגעגאַנגענע געטער פון פאָלק זיי־נען נאַטירליך, נאָבעלער, טיעפער איידער דער קינסטליכער גאָט פון די נייע צייטען; מען דאַרף זיי שטודירען, וויל געשיכטע אין

טאַקע די געשיכטע פון די כאַראַקטערנע און נויטווענדיגע טעות'ן פון דעם מענשליכען גייסט, אָבער זיי זיינען געשטאָרבען און וועלען ניט אויפשטעהן תחית המתים.

דער גאָט, וואָס מיכאַילאָ זוכט, דאַרף ערשט געבאָרען ווערען. דאָס איז די מאַכט פון קאָלעקטיווען פאַרנינפטיגען ווילען. און ווען ער וועט געבאָרען ווערען? אימער וועלען אויפשטעהן נייע פּראָבלעמען פאַר דער מענשהייט, אימער וועט ער פיהלען זיין באַגרענעצטקייט—„נאָך ניט קיין גאָט בין איך, דער ווילען איז נאָך ניט איינגעזאַמעלט מיינער, מיין עקזיסטענץ איז נאָך ניט אומענדליך,—דאָס הייסט, גאָט איז נאָך ניט געבאָרען געוואָרען." און קיינמאָל וועט ניט געבאָרען ווערען קיין אַלמעכטיגער גאָט, ווייל אומענדליך איז דער וועלט־אַל. אָבער וואָס מאַכט דאָס אויס? עס וועט קיינמאָל ניט געבאָרען ווערען קיין גאָט־אבסאָלוט, קיין אַלמעכטיגער גאָט, אָבער מיט דעם פעסטשטעלונג פון דעם סאָציאַליזם וועט געבאָרען ווערען אַ מעכטיגער קאָלעקטיווער פאַרנונפט — דער מענש. ביי מיכאַילאָ'ן קומט אויס, אַז די צוקונפט וועט זיין אַ צוריקקעהר צו דער גאָלדענער פאַרגאַנגענהייט. און אַט דאָס קען טאַקע יאַגיך ניט פאַרשטעהן. „באַגיי!", שרייט ער מיט כעס.

די נייע סביבה האָט ניט אריינגעצויגען און האָט ניט געוואָלט מיט אַמאָל אריינציהען אין זיך דעם נאָך ניט פאַרטיגען מענשען. כאַטוועיען האָט דער פּראָלעטאַריאַט אויפגעקלערט און האָט איהם אָפּגעלאָזען פונקט אַזאַ טרענער פון זיינע איבערגעבראָכענע שטראַלען, ווי יונה איז געווען.

„באַהעפט מיך אויך צו דער זאַך, איך בעט אייך!

„עס ברענט אין מיר אַלצדינג.

„ניין, — האָט מיכאַילאָ געענטפערט, — וואַרט אַ ביסעל און איבערלייגט זיך. נאָך צו פריה פאַר אייך... ביי אייך איז נאָך פאַראַן אַ סך ניט געלייזטעס, און פאַר אונזער ארבייט זייט איהר ניט פריי. אייך האָט אַרומגעכאַפּט, אייך רייסט מיט איהר שעהנקייט און גרויסקייט, אָבער — פאַר אייך האָט זי זיך פאַנאַנדערגעוויקעלט אין איהר גאַנצער קראַפט,—איהר שטעהט איצט ווי אויף אַן אָפענעם פּלאַץ און איהר זייט אימשטאַנד צו

זעהן דעם גאַנצען טעמפּעל וואָס ווערט געבויט, אין זיין גאַנ־צער אומענדליכקייט און שעהנקייט, אָבער ער ווערט געבויט דורך שטילער, געהיימער, וואַכעדיגער ארבייט, און אויב איהר וועט זיך נעמען פאַר איהר שוין איצט, איידער איהר זייט גוט באַקאַנט מיט דעם אַלגעמיינעם פּלאַן, וועלען פאַר אייך פאַר־שווינדען די אויסערליכע ליניען פון דעם טעמפּעל, עס וועט פאַרשווינדען דאָס בילד, וואָס איז נאָך ניט איינגעוואָרצעלט אין אייער נשמה, און די ארבייט וועט זיך אייך אויסווייזען אונ־טער אייערע כחות.

„— צו וואָס, — פרעג איך איהם מיט צער, — טרייבט איהר מיך? איך האָב זיך געפונען א פּלאַץ, עס פרעהט מיך צו זעהן אז איך בין א נויטיגע קראַפט...

„און ער זאָגט צו מיר רוהיג און אומעטיג:

„— איך דענק ניט, אז איהר זייט פעהיג צו לעבען לויט א פּלאַן, וואָס איז פאַר אייך ניט קלאָר; איך זעה, אז אין אייער גייסט איז נאָך ניט אויסגעוואַקסען דער באַוואוסטזיין פון זיין צוזאַמענהאַנג מיט דעם גייסט פון דעם ארבייטענדער פאָלק. איהר זייט פאַר מיר שוין איצט דער געדאַנק פון פאָלק, פאַרשאַרפט פון דער רייבונג אַן לעבען, ארויסגערוקט צום פאָדערגרונט, אָבער איהר אַליין קוקט אויף זיך ניט אזוי: איך ווייזט זיך נאָך אויס, אז איהר זייט א העלד, וואָס איז גרייט, פון דעם איבער־פלוס פון זיינע קרעפטען, גנעדיג צו העלפען דעם מאַכטלאָזען. איהר זייט עטוואָס באַזונדערעס, וואָס עקזיסטירט פאַר זיך אַליין; איהר זייט פאַר זיך דער אָנהויב דער סוף און ניט די פאָרטזעצונג פון דעם פרעכטיגען און שעהנעם אומענדליכען!"

דאָס איז אמת שעהן. דאָס איז א לעבעדיג, קאָנקרעט גע־פיהל פון קאָלעקטיווער איינהייט — פונקט אזא נויטיגער עלע־מענט פון אמת'ן פּראָלעטארישען סאָציאַליזם. ווי די שטרענגע, „קאַלטע" פאָרמולען, אין וועלכע פיעלע זעהען דעם אָנהויב און דעם סוף פון דער מארקסיסטישער אָרטאָדאָקסיע. אין די דאָזיגע ווערטער פון דעם „אפּיקורס" דאַרף זיך יעדער האַלב־סאָציאַליסט אריינטראַכטען. און עס זיינען דאָ א סך אזעלכע, פיעל מעהר, ווי זיי אַליין דענקען.

## דער נס

די מעכטיגקייט פון קאָלעקטיוו, די שעהנקייט פון דעם עקסטאַז פון קאָלעקטיווען לעבען, די וואונדער־שאַפענדע קראַפט פון קאָלעקטיוו — דאָס איז אין וואָס דער פּראָפעסאָר גלויבט און צו דעם רופט ער אונז. אָבער האָט ער דען אַליין ניט געזאָגט, אַז דאָס פאָלק איז איצט פאַנאַנדערגעטיילט און אונטערדריקט? האָט ער דען ניט געזאָגט, אַז קאָלעקטיוויזם קאָן מען זוכען בלויז אין דעם ניי־געבאָרענעם פאָלק, אויף דעם פאַבריק?

יאָ, אָבער דאָ, אין דעם צוזאַמענגעמען פון דעם קלאַסען־קאָלעקטיוו, אין דעם לאַנגזאַמען בויען פון אַן אַל־פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע ליגט די ווירקליכע אַרבייט פון פאַרוואַנדלען די דאָזיגע מענשען אין אַ מענשהייט, כאָטש אויך די אַרבייט איז בלויז אַ פאָרבערייטונגס־אַרבייט. דאָס מיינט ניט, אַז די קאָלעקטיווע שטימונג זאָל ניט אויפפלאַקערען אימפּולסיוו, מאָמענטענווייז, אַז עס זאָלען זיך וואו ניט וואו צופעליג ניט צוזאַמענגיסען מענשליכע מאַסען אין איין גאַנצעס, מיט איין ווילען. און אַ סימבאָל פון דער צוקונפט, אַלס אַ בלייכער פאַרגעשטאַלט, — בלייך אין פאַרגלייך מיט דער צוקונפט, אָבער העל אין פאַרגלייך מיט דער געגענוואַרט, — גיט גאָרקי אין זיין נס.

איינינגע זיינען שאָקירט פון דער אומגעבונג פון רעליגיעזער צערעמאָניע און אָבערגלויבען, פון דער אַנוועזענהייט פון אַלט־רעליגיעזען עקסטאַז, פון דער געמישעכץ פון דער אייגענטליך ווילדער און ניט סימפּאַטישער מענגע. צוליעב אָט די אויסזעצונגען האָבען פיעלע ניט באַמערקט דעם עצם.

וויכטיג איז דאָ טאַקע די אַנוועזענהייט פון געמיינשאַפטליכער שטימונג, פון אַ געמיינשאַפטליכען ווילען. אמת, דער קאָלעקטיוו איז דאָ געבויט אויף אַ קינסטליכען אופן און זיין קראַפט ווערט אַ פעטיש אין די מוחות פון זיינע אנטיילנעמער, אָבער ער איז דאָך באַשאַפען, און זיין קראַפט איז אַ פאַקט. וויכטיג איז ניט אָפּצולייקענען אַ פּריאָרי, נאָר צו פאַרשטעהן און שעצען. ווי זאָל מען פאַרשטעהן דעם פאַקט פון דעם גראַנדיעזען אויפהויבען פון די נשמות פון די וואָס נעמען אַנטייל אין די קאָלעקטיווע רעליגיעזע אַקטען, דעם פאַקט פון דער ענטוויקלונג אין

אַזאַ מענגע פון נייע קרעפטען, וואָס איבען אויס אַ מאַגנעטישע צוציהונגס־קראַפט אויף איינצעלנע אָרגאַניזמען? דאָס איז אַ שטי־קעל פון דער צוקונפט, זאָגט דער פּראָפעסער, דאָ איז צופעליג און קינסטליך פאָרגעקומען אַ צוזאַמענגים פון פּסיכאָלאָגיען. דער באָדען פון כמעט אַלע רעליגיעזע נסים איז ד ע ר צ ו ז א ־ מ ע נ ג י ם פ ו ן נ ש מ ו ת און ווי אַזוי איז די אָפּשאַ־צונג? זי איז די פּאָזיטיווסטע אין באַצוג צום פאַקט, און די נע־גאַטיווסטע אין באַצוג צו זיין פּאָרמעלער הייטעל. דאָס אַלעס איז קלאָר פון מאַטוועי'ס נאָכדענקונקען נאָך דעם נס.

„איך האָב געזעהן די ערד ווי אַ פולען בעכער פון העל־רויט, אימער זודיג, לעבעדיג, מענשליך בלוט, און איך האָב געזעהן איהר האַר, דאָס אַלמעכטיג־אומשטערבליך פאָלק.

„ער באַפליגעלט דאָס לעבען מיט דער גרויסקייט פון זיי־נע טאַטען און האַנדלונגען, און איך האָב מתפלל געווען:

„— דו ביזט דער גאָט און שעפּפער פון אַלע געטער, וואָס האַסט זיי אויסגעוועבט פון די שעהנקייטען פון דיין גייסט אין דער מיה און אומרוהיגקייט פון דיינע זוכענישען!

„און די וועלט זאָל ניט האָבען קיין אַנדער גאָט אויסער דיר, ווייל דו ביזט דער איינציגער גאָט, דער בעל־הנסים.

„דאָס איז מיין גלויבען און צו דעם וועל איך טריי זיין!

„...און דאַריבער געה איך צוריק אַהין, וואו מענשען באַ־פרייען די נשמות פון זייערע נאָהענטע פון דער געפענגנים פון פינסטערניש און אבערגלויבען, ברייגגען דאָס פאָלק צוזאַמען, באַלייכטען פאַר איהם זיין געהיים פּנים, העלפען איהם דער־פיהלען די קראַפט פון זיין ווילען, ווייזען אָן די מענשען אויף דעם איינציגען און ריכטיגען וועג צו דעם אַלגעמיינעם צוזאַ־מענגום פאַר דעם גרויסען צוועק, — דעם אַלוועלטילכען גאָט — בויען!

דער נס — דאָס איז אַ צייכען און ניט אָן אויסדרוק פון דער צוקונפט. ער איז ניט דאָס, צו וואָס דער פּראָפעסער רופט אונז, נאָר דאָס, וואָס, אַלס ביישפּיעל, גיט אונז אַ מעגליכקייט כאָטש טיילווייז צו פאַרזוכען דאָס, נאָך וואָס מיר גאַרען.

אָבער מיר זיינען שרעקיך איבערגעשראָקען. אַ קרייץ־פּראָ־

— ?ווייראַך־לעמפּלעך ? פּויסטער־בגדים ? איקאָנען ? צעסיע
מיר ווילען פון דעם ניט הערען, אפילו אויב אונטער די דאָזיגע באַדינגונגען ענטוויקלען זיך די אינטערעסאַנטסטע סאָציאַל־פּסי־כאָלאָגישע ערשיינונגען. אַזוי טויג ניט. דער גרונד־פּרינציפּ פון מאַרקסיזם איז צו באַטראַכטען ד י ג א נ צ ע וו ע ל ט מיט די אויגען פון אַן אַנאַליטיקער און דיאַלעקטיקער, זיך אָפּרו־פען אויף איהרע ערשיינונגען מיט דעם האַרצען פון אַ באַוואוסט־זיניגען קעמפער און אומבאַדינגטען קאָלעקטיוויסט. זאָל דער לעזער, וועלכער האָט זיך דערשראָקען פאַר דער אויסערגעוועהנ־ליכער צוזאַמענבינדונג פון קאָלעקטיוויזם מיט אַ קרייץ־פּראָצע־סיע, צוגעהן צו די מעכטיגע פעלדער, וואו דער נס איז באַשריבען, מיט אַזוינע אויגען, און ער וועט זעהן, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַר שעהנעם דאָקומענט איבער דער פּסיכאָלאָגיע פון קאָלעקטיוו דער פאַרפאַסער האָט איהם געשענקט אַלס מתנה.

אַז מען וואַרפט אַ בליק אויף „קאָנפעסיאָן“ אַלס אַ גאַנצעס, נאָך דעם ווי מען האָט די ערצעהלונג איבערגעלייענט, הערט זיך ווי אַ שעהן־קלינגענד האַרמאָניש ליעד. עס הויבט זיך אָן מיט אַ קינדערשען עקסטאַז, מיט אַן איינזאַם לעבען און נאָך ניט אָנ־געריהרטער נשמה, דערנאָך ווערט עס אָן זיין לויטערקייט, ווערט צוריסען אין די דיסאָנאַנסען, נאָך דעם ווי עס קומט אין צוזאַ־מענשטויס מיט דעם ווילדען כאַאָס פון לעבען; דאַן דערהויבט עס זיך אין ענגסטליכען ריס צום הימעל, פול מיט זוכעניש און וועה, רייסט זיך איבער, ווערט פאַרצווייפעלט און לאָזט זיך אַרונ־טער לאַנגזאַם, שווערץ ווי אַ שווערער ראָב, טרויעריג ווי אַ לויה־מאַרש, טרייסטלאָז ווי די וואָלקענס אין הערבסט. און מיט אַמאָל, ווי אַ רעגענבויגען צושפּרייט עס זיך איבער דעם הימעל, ווי אַ גוואַלדיגער פאָכער, אַלעס ציטערט אויף, אַלעס ווערט באַלויכטען פון דער זון, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די וואָלקענס, און אַזוי ווי עס האָט אַ טרונק געטאָן לעבעדיג וואַסער, דערהויבט זיך וויע־דער דאָס ליעד, קלינגט שוואַך און קוים געוואַגט צוערשט, אַזוי ווי עס וואָלט ניט געגלויבט זיין גליק און רעטונג, אַזוי ווי מורא־האָבענדיג פאַר דער אומבאַוואוסטער קראַפט, וואָס האָט צערטליך דערוואַרימט די פון קעלט ציטערענדע נשמה. און דאָס ליעד

שפּיינט העכער און העכער, ווי אַ לאַרך און צוגיסט זיך אין טרע־לען, אַזוי ווי עס האָט דערזעהן די הימלישע „שטאָדט“, וואָס עס האָט אַזוי לאַנג און אומזיסט געזוכט; און עס וואַקסט און קרעפּ־טיגט זיך דאָס ליעד און ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ הימנע צו דער נייער קראַפט און נייעם אמת און עס פאַרענדיגט זיך מיט אַ גע־שריי פון שטורם־פויגעל, וואָס זאָגט אָן עפּעס גרויסעס, מורא׳־דיגעס, ליכטיגעס! דאָס איז די ליעד פון דעם היידען וואָס איז נעקומען אין דער אמת׳ער קירכע אריין, דאָס איז די ודוי פון דעם אויסגעמוטשעטען רייזענדען, פּנים לפּנים מיט דעם ניי־געבאָרענעם משיח — דעם פאָלק.

„דו ביזט דאָס ליכט וואָס באַלייכט די לשונות און דער רוחם פון דיין פאָלק ישראל.“

„ערלויבט מיר צו דערצעהלען אייך מיין לעבען; קיין סך צייט וועט די דאָזיגע מעשה ביי אייך ניט אוועקנעמען, און וויסען דאַרפט איהר זי.“

אַזוי הויבט מאַטוועי אָן זיין געשיכטע.

יאָ, דאָס דאָזיגע לעבען איז נויטיג צו וויסען.

פאַר דעם גוואַלדיגען פאַקט פון דעם אריינדרינגען פון פּראָ־לעטאַרישען אמת אין די פאָלקס־מאַסען, זייט ביי זייט מיט דעם פאַקט פון דער ערשיינונג פון אַ נייעם לעזער, אַ נייעם דענקער, וואָס רעדט מיט שמערץ און אָנשטרענגונג וועגען לעבען, וועגען דער געזעלשאַפט, וועגען דער וועלט, וועגען זיך,—ווי קליינליך זעהט אויס די פּראַכע פּאָליטיק, מיט דער ערלויבניש פון נאַטשאַלסטוואַ, מיט דעם גאַנצען מויזען־טומעל און פישטשען פון דער קליין־ביר־גערליכער פּובליציסטיק און די שלומפּערישקייט פון דער קליין־בירגערליכער ליטעראַטור!

דאָרט, אין דער טיעף, געהט אָן אַן אַרבייט, עס קלינגט און רוישט עפּעס, ווי מאַסען אייז, וואָס האָבען זיך אַ ריהר געטאָן אויף דעם טייך אין מיטען נאַכט. דאָרט געהט אָן אַ פּלאַץ־אַי־בערבייטונג פון עפּעס מאָלעקולען, אַן אומבאַקעמפּבאַרער פּראָצעס פון קרעפטען־גרופּירונג אַרום אַ נייעם מיטעלפּונקט.

1.

## די טראַגישע פּראָבלעם און איהרע לעזונגען

עס קומט אָפט אוים צו הערען און לעזען באהויפּטונגען, אז די גרונט־אידעע פון דער אנטיקער־טראַגעדיע איז די אידעע פון שיק־זאַל, אין דער צייט, וואָס פרייער ווילען און מאָראַלע פאַראַנט־וואָרטליכקייט איז די שפּרינג־פעדער פון דער היינטיגער טראַגע־דיע. עס איז אַן אויבערפלעכליכער, אלגעמיינער קוק. די טראַ־געדיע אין אלע צייטען איז געוועזן די טראַגעדיע פון שיקזאַל און קען קיין אנדערע ניט זיין. עס איז פאַרשטענדליך, אַז די גרונט־אידעע פון שיקזאַל איז ניט שטענדיג גלייך פאַרשטאַנען געוואָ־רען, און דער מענש האָט ניט שטענדיג אין א גלייכער מאָס זיך געהאַלטען אָפּהענגיג פון דעם שיקזאַל.

פון צייט צו צייט האָט די מענשהייט געמאַכט פאַרצווייפעלטע אָנשטרענגונגען צוצונעמען ביי דעם שיקזאַל זיין כאַראַקטער פון בלינדקייט און שרעקליכער זינלאָזיגקייט; די מענשהייט האָט זיך באַמיהט איהם צו רעכטפערטיגען, באַגרייפען, — איהם איז צוגעשריבען געוואָרען די העכערע, פאַר אונז אומפאַרשטענדליכע גערעכטיגקייט, מען האָט זיך געמיהט צו זעהן אין איהם דעם ווילען פון די געטער, פון דעם גאָט פון נקמה און פון דער השגחה.

אָבער אָפט איז די מענשליכע נשמה דורכגעשטאָכען געוואָרען פון אַ שרעקליכען געדאַנק, אַז אומזיניג און גרויזאַם איז זי פאַר'משפט געוואָרען אויף ליידען, — ווייל די נאַטור, וואָס רינגעלט זי אַרום, איז לער, אומזיניג און גלייכגילטיג; אַז זי צו־ברעכט מיט איהר אומבאַוואוסטער סטיכיע אַ מענשליך הארץ פונקט מיט אַזאַ גלייכגילטיגקייט, ווי זי צורייסט וואָלקענס; אַז פאַר דער נאַטור איז ניטאָ קיין קליינעס און קיין גרויסעס, קיין מאָראַלישעס און הייליגעס, — בלויז אַן אומענדליכער, אייביגער פּראָצעס.

ווי שרעקליך איז פאַר דעם מענשען דער דאָזיגער געדאַנק! אויב די שולד פאַר די אומגליקען, וואָס שיטען זיך אויף זיין קאָפּ ליגען ניט אין איהם, הייסט עס, אַז ער קאָן מיט קיין זאַך זיך ניט העלפען צו באַפרייען זיך פון דער שרעקליכער לאַגע: דאָס שטיינערנע פּנים פון דער געטין פון שיקזאַל וועט פון קיין שום תּפילות און געבעטען קיין ציטער ניט טאָן, קענסט זי מיט קיין שום זאַך ניט אונטערקויפען, און, ווי זאָגט עס דער פיעל געפּרואווטער איוב: „דער מענש ווערט געבאָרען פאַר ליידען, ווי אַ פונק, כדי צו פאַרלעשען זיך.“

ווען דער דאָזיגער געדאַנק, די דאָזיגע ניהיליסטישע וועלט־אַנשויאונג לייגט אַרויף איהר אייזערנע האַנט אויף דעם מענשענס מוח, פאַלט דער מענש אונטער דער משא און ער שרייט אויס, אַז עס איז שוין בעסער אין גאַנצען ניט צו פיהלען און זעהן, אַבי נאָר אויפצוהערען פיהלען די דאָזיגע ליידען. דער בעסטער אויסוועג, דאַכט זיך, איז זעלבסטמאָרד. „בעסער פאַר דעם מענשען איז אינגאַנצען ניט געבאָרען צו ווערען, און פון די געבאָרענע איז דער גליקליכסטער דער, וואָס איז פריהער געשטאָרבען.“

אָבער די האַנט פון דעם ניהיליסט־זעלבסטמערדער ווערט אָפּגעשטעלט פון אַ שרעקליכען, אין אָנפאַנג אומקלאָרען, אָבער אַלץ וואַקסענדען געפיהל. — אַלץ איז אין דיר און ניט אויסער דיר. וועט דען דיך ערלייזען דער דאָזיגער פאַרצווייפעלטער שריט? גיב אַ קוק אויף דער דאָזיגער וועלט, וואָס איז שרעקליך מיט איהר רייכקייט: ווי זי גאַרט נאָך לעבען, ווי זי צוואָוואַרפט נייציג מיליאָרדען פון איהר זוימען, ס׳אָרא פאַרצווייפעלטען קאַמף עס פיהרט אָן אַלץ וואָס עקזיסטירט נאָך אין זיין עמבריאָ, כדי צו ווערען, און ווען עס ווערט — כדי צו בלייבען, כדי זיך צו פאַרשפּרייטען. דער טויט פון אָן איין־איינציגען מענשען וועט גאָרנישט ניט ענדערען אין דעם כאַאָס פון דער דאָזיגער לעבענס־פרייד, וואָס, ניט קוקענדיג אויף אַלע ליידען, גיסט זי זיך אַריבער איבער דעם ראַנד פון דעם בעכער פון דער אייביגקייט און שוימיג שטראָמט זי און שטראָמט אָהן אָן אויפהער.

דער מזרח־ניהיליסט פיהלט, אַז ער איז פאַרבונדען מיט טויזענטער שטריק און אויף אייביג מיט דער דאָזיגער וועלט; ער

פיהלט, אז דאָס לעבען און די ליידען וועלען ניט אויפהערען, און אז זיין טויט קאָן ניט האָבען אויפ'ן גאנג פון לעבען קיין גרעסערע ווירקונג, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעהאַקט א פינגער. אנערקענענדיג, אז דער עצם פון אַלעם וואָס עקזיסטירט איז דער ווילען צום לע־בען, האַלט ער זיך פאר א געפאנגענעם פון דער וועלט אזוי לאַנג ווי אין איהם אַליין איז דאָ כאָטש אַן איינציגער פונק פון אָט דעם ווילען. וואָרים, ווען מען רייסט איבער דאָס פאַקטישע לעבען, הייסט עס בלויז אָפּגעריסען אַ בלימעל, אויף וועמעס אָרט עס וועט באַלד אויסוואַקסען אַ צווייטער, — מען דאַרף אויסרייסען דעם וואָרצעל, דעם קוואַל פון דעם לעבען, נעמליך, דעם ווילען צום לעבען, וואָס איז די שולד און די אורזאַכע, וואָס מיר זיינען אונ־טערגעוואָרפען די ליידען; מען דאַרף טאָן אזוי, אז מען זאָל הויך אויפהויבען זיך איבער'ן בלינדען שיקזאַל; וואָרים, אין וועמען וועקט אויף שרעק דער שיקזאַל? — ער הערשט בלויז איבער די, פאר וועמען דאָס לעבען האָט א ווערט; אויב דער ווילען וועט זיך אין גרונט איבעראַנדערשען, און שטאָט ווילען צום לעבען וועט עס ווערען דער ווילען צום טויט — וועט דער ליידענדער אריינפאַ־לען אין די ווייכע אָרעמס פון דער גליקזעליגער גלייכגילטיגקייט און א געראַטעטער וועט ער זיין גאַנצען לעבען זיין דער אַפּאָסטאָל פון דעם אַבסאָלוטען טויט, אַלס אַן אַקט פון ערלייזונג.

דאָס איז די גראַנדיעזע פילאָזאָפיע פון בודיזם, דער ראַדי־קאַלסטער מיטעל ווי צו באַפרייען זיך פון דעם שרעקליכען שיק־זאַל. לויט איהר קלאָרער פאָרשטעלונג פון דער וועלט, לויט איהר ענטשלאָסענהייט, קאָנסעקווענץ און טיעפקייט, האָט זי ווייט אי־בערגעשטיגען אַלע פעסימיסטישע סיסטעמען פון דער מענשהייט.

און א גרויסע צאָהל רעליגיאָנען, פילאָזאָפישע סיסטעמען, שפּרוכען און מיטהען שטויסען דעם מענשען אָפּען אָדער פאַרשטעל־טערהייט אויף אָט דעם וועג. און פאר דעם קאַלטען שטיינערנעם פּנים פון שיקזאַל הויבט זיך אויף דאָס פאַרגליווערט שמייכלענדע געזיכט פון דעם מענשען, וואָס האָט געזיעגט א דאַנק זיין זעלבסט־ענטזאַגונג.

אָבער דאָס איז ניט די איינציגע ווייזהייט, וואָס מענשען האָבען געשאַפען אין אָנגעזיכט פון שיקזאַל.

אָבער צוזאַמען מיט אַלע ליידען, האָט דאָך דאָס לעבען זיינע פריידען! פאַרוואָס זאָלען מיר ניט אָפּנאַרען דעם שיקזאַל, פאַר־וואָס זאָלען מיר זיך ניט אויסלאַכען פון איהם, פאַר וואָס זאָלען מיר ניט צו'גנב'ענען אַלע פריידען, וואָס געפינען זיך אויף זיין טיש? אַזוי האָט געטראַכט און געפיהלט דער טיפּישסטער גריך אַנאַקרעאָן. „דאָס לעבען איז קורץ און פול מיט טרויער — באַ־ציהר־זשע זיך מיט רויזען, קוש דיין שעהנע פריינדין און פאַרגעס זיך ביים שוימיגען כוס אונטער'ן קלאַנג פון הארף און ליעדער.“ דאָס איז זיין שטענדיגער רעפריין. די דאָזיגע לעבענס־וויזהייט, וואָס איז אַזוי געשעצט געוואָרען פון די גריכען האָט געבאָרען דאָס העלענישע געפיהל פאַר מאָס און די וואַקכאַנאַלישע אָרגיען.

„קאָן דען דער פּעסימיזם ארויסוואַקסען פון דער פולקייט פון לעבען? קאָן דען זיין געפעהרליך איבערמעסיגע געזונטהייט?“ פרעגט ניטשע און ער ענטפערט, אַז יאָ. מיר זיינען פולשטענ־דיג איינפאַרשטאַנען מיט איהם.

קיינער איז ניט אריינגעדרונגען אַזוי טיעף אין דעם עצם פון דער גריכישער טראַגעדיע, אין דעם גריכישען קוק אויפ'ן שיקזאַל, ווי העגעל. ארויסגעהענדיג פון זיין שטאַנדפּונקט, קאָן עס אַזוי ערקלערט ווערען: דער מיטעלער מענש, ווען אפילו ער איז אונ־טערוואָרפען אונטער ליידען, קאָן ער זיי אַלענפאַלס אין אַ גרויסער מאָס אויסמיידען, אויב ער וועט זיך האַלטען אין די לעבענס־ראַ־מען, וואָס זיינען איהם באַשטימט פון דעם שיקזאַל. די געטער זיינען גנעדיג צו די מענשען, וועמעס פאַרלאַנגען זיינען מעסיגע, וועלכע וואַרפען זיך אונטער אונטער די אַלטע מנהגים, אונטער וועלכע מען קאָן דורכלעבען דאָס לעבען **אומבאַמערקט** פון שיקזאַל. אָבער דער שטאָלצער מענש, וואָס האַלט שטענדיג אויפגעהויבען אין דער הויך זיין קאָפּ, געהט שטענדיג פאַרלאָרען. די אורזאַכע דערפון איז, וואָס דער שטאָלצער פּאַרצייטיגער מענש איז אונמיטעלבאַר און אימפּולסיוו. ער לעבט אַ פולען לעבען און די גאַנצע געזונטע ענערגיע פון זיין מעכטיגער פיגור רייסט זיך ביי יעדער געלעגענהייט ארויס; ער רעאַגירט שנעל. ער איז אַן אַקטי־ווער און ניט אַן איבערטראַכטענדער מענש, אָבער טאַקע אין דעם אַלעם באַשטעהט זיין אומגליק. ווייל דער וועלט־אַל, איינשלי־

סענדיג אויך אין איהם די מענשליכע געזעלשאַפט, איז זעהר קאָמ־פליצירט; יעדע גרויסע טאַט, וואָס איז אָהן איבערלייגונג געטאָן געוואָרען, ברייגגט אין באַוועגונג די גרויסע סיסטעם פון באַציהונ־גען און קרעפטען, צו וועלכע דער אַקטיווער מענש שענקט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט; די פאָלגען פון זיין טאַט צואוואַקסען זיך ווי אַ גרויסער וואָלקען און פאַרניכטען איהם. אין דעם טאַקע ליגט די שולד פון עדיפ׳ן אָדער אַנטאָגאָנינע׳ן. עדיפ איז ניט שולדיג אין אַלע זיינע האַנדלונגען (סאָפאָקל ווייזט עס קלאָר ארויס אין דעם לעצטען טייל פון זיין טראַגעדיע); ער איז זיי באַגאַנגען אָהן זיין וויסען, אָבער אַ מענש, וואָס קען ניט פאַרטראָגען קיינע באַליידיגונגען, אַ מענש וואָס יאָגט זיך גייציג נאָך מאַכט און כבוד, וואָס גלויבט מיט׳ן גאַנצען הארצען אין אַלץ, אין וואָס עס פאַרווילט זיך איהם נאָר גלויבען, — אָט אַזאַ מענש, כאָטש ער וועט זיך אויפהויבען גאַנץ הויך אַ דאַנק זיין ענערגישען כאַראַק־טער, וועט אָבער סוף־כל־סוף טיעף פאַלען. „דו ביזט בלינד, מענש“, און סאָפאָקל וויל זאָגען: „ו ו י ו ו א ג ס ט ו צ ו ה א נ ד ל ע ן?“ — „דו ביזט בלינד, מענש“, זאָגט ער צו זיין אַנטאָגאָנינע׳ן: „ווי זשע וואַגסטו צו א ו ר ט י י ל ע ן?“ גע־רעכט איז אַנטאָגאָנינאַ, וואָס וויל בלייבען טריי צו די פאָרשריפ־טען פון די אַלטע געטער און פאַמיליען מנהגים, אָבער זי האָט אינגאַנצען ארויסגעלאָזען פון זינען דאָס מלוכה־לעבען, איהר זיינען אינגאַנצען פרעמד די ווייטע האָריזאָנטען פון מלוכה־ציעלען. גערעכט איז קרעאָן, וואָס פיהלט אונטער זיך דעם פעס־טען באָדען פון מלוכה אינטערעסען; אָבער ער מיינט, אַז ברייגגען די פערזענליכקייט פאַר אַ קרבן צו דעם שטאַאַט איז זיין פליכט, און אַ פליכט אַ לייכטע. פרואוו אויס, דו שטאָלצער מענש, צי דעם מענשליכען הארצען איז ליעב צובראָכען צו ווערען פון די פאָרשריפטען פון דעם אומ׳ברחמנות׳דיגען געזעץ! נעם ניט אויף זיך קיין שווערע אויפגאַבען, געה ניט אַרויס פון די גרע־נעצען, וואָס דער שיקזאַל האָט באַשטימט פאַר דיר! בויג זיך איין, בויג זיך איין אויף וויפיעל דו קענסט נאָר, מענש, בויג זיך נידע־ריגער, אפשר וועט דער שיקזאַל, וואָס פליהט אַרום אויף זיינע שטיינערנע פליגלען ניט אָנריהרען דיך. דאָס איז, אין אַלגעמיינע

שטריכען — לויט העגלען — די פילאָזאָפיע פון דער אַלט־קלאַסי־
שער טראַגעדיע.

אויף וועלכען פון די גריכען האָט אַם שטאַרקסטען געווירקט
די דאָזיגע טרייסטלאָזע פילאָזאָפיע? פאַרשטעהט זיך, אויף דעם
געזינטערען און קרעפטיגערען, אויף דעם, וואָס האָט ניט געקאָנט
שלום מאַכען מיט זיין מזל, אויף דעם עהרגייציגען, באַוועגליכען
און ליידענשאַפטליכען. און אַזוי, ווי אַט דער טיפּ מענש איז גע־
ווען זעהר פאַרשפּרייט צווישען די העלענען, האָבען טאַקע פון
דאָרט אַרויסגעשטראָמט צוויי גרויסע קולטורעלע שטרעמונגען:
די רעליגיאָן און די פילאָזאָפיע פון געמעסיגקייט און אָרגיעס.

פּראָקלאַמירען דעם אידעאַל פון געמעסיגקייט, מאַכען איהם
פאַר'ן עצם פון דער גאַנצער קולטור, פאַרגעטערען, פאַרהערליכען
איהם, דאָס האָט געפאָדערט די נשמה פון דעם גריך, אין וועלכער
עס האָט געלעבט אַן אומגעצאַמטער ענטוזיאַזם, אַלע שטורמישע
ליידענשאַפטען און וועלכער האָט דערפאַר געאַרדפט אַ מיטעל צו
קאָנען פיהרען זיין וואָגען, וואָס איז געווען געשפּאַנט מיט אַזוינע
צולאָזטע פערד.

דער שיקזאַל האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין דער געטין פון
נקמה: אַ מענש געהט פאַרלאָרען, ווען ער טרעט איבער די
גרענעצען פון געמעסיגקייט, איינגעהאַלטענקייט, — אַזוי דאַרף
זיין שטענדיג, וואָרים וואָס איז דער ציעל, דאָס גליק און דער
שטאָלץ פון דעם מענשען. ניין, די נאַטור איז ניט קיין אונזיני־
גער כאָאָס, — זי איז באַפעלקערט מיט פּראַכטפולע געטער, וואָס
זיינען פול מיט מאָס און געהען ניט אַרויס פון זייערע גרענעצען.
דער ליידענשאַפטליכער גייסט פון פּראָמעטעאוס דעם געטער באַ־
קעמפער, דעם קריגערישען קעמפער פאַר די מענשען, דעם גייסט
פון דער אַגרעסיווער, ריין מענשליכער קולטור, וועקט אויף ביי
דעם גריך אין געהיים די טיעפסטע סימפּאַטיע, אָבער ער איילט זיך
צו פאַרוואַנדלען דעם טיראַן זעאוס, וואָס האַלט אין צאַם דאָס
מענשליכע געשלעכט, אין אַ קעניג פון גערעכטיגקייט, ער קושט
די האַנט, וואָס האָט איהם אָנגעוויזען זיין פּלאַץ אַזוי ווייט פון
דעם גליקליכען אָלימפּוס. מען דאַרף זיין איינגעהאַלטען, ניט
פאָדערען צו פיעל, כדי מען זאָל קאָנען לעבען, אין דער שטיל, צו

ביסלעך הנאה האבען און... שטארבען. דער געדאנק פון טויט האט שרעקליך געדריקט די גריכען. דעם דאזיגען פאלק האט זיך געוואלט לעבען: עס האט ליעב געהאט זיין בלויען הימעל, בלויען ים, די בערג שפיצען, דעם שפיעל פון בלוט אין זיין האר־צען און דעם שפיעל פון געדאנקען אין זיין מארך... בלויז אין מינוטען פון די שארפסטע ליידען האט דער טויט געקאנט אין זיינע אויגען אויסזעהן ווי גליק, און בלויז אין דער צייט פון העל־ראאישע שלאכטען האט דער גריך געקאנט זיין גלייכגילטיג צום טויט. אבער דער טויט איז אונפארמיידליך. דער גריך האט זיך דערפאר באמיהט צוצונעמען פון טויט דאס שרעקליכע, וואס עס ליגט אין איהם, ער האט באמיהט זיך אליין צו באווייזען, אז ניט דאס לעבען און ניט דער טויט האבען וועלכען עס איז העכע־רען געדאנק, אז צום טויט, אזוי גוט ווי צום לעבען דארף מען זיך באציהען גלייכגילטיג און דער מענש האט אן איין־איינציג ציעל, — געניסען וואס מעהר פערגעניגענס.

אט שטעהט פאר אונז דער עלעגאנטער ק י ר ע נ א י ע ר, דער פרינציפענלאזער חונף, וואס פטר'ט אזוי לייכט דאס לע־בען: „פאנג יעדע זיכערע רגע, טראכט ניט, וואס וועט זיין מאר־גען: היינט באלאנגסטו נאך זיכער צו זיך, אבער ווער קאן דיר גאראנטירען פאר מארגען?" אט שטעהט פאר אונז דער ע פ י ק ו ר ע ע ר מיט א שטילען שמייכעל, וואס זאגט, אז די געטער ארט ניט פאר די מענשען, און אז זיי וועלען אונז ניט שטערען הנאה האבען פון לעבען. „בלויז זיי געמעסיגט, אויב דו ווילסט ניט, אז דאס פארגעניגען אליין זאל זיך פארוואנדלען אין פיין, קוש ניט צו שטארק די ראזע בעקלעך, — אז ניט וועלען דיינע ליפען פול ווערען מיט געשמאקלאזען אש, האלט ניט צו שטארק ביים מויל דעם כוס וויין, — דער וויין וועט ווערען סם פאר דיר; רוהיג און געמעסיגט באנוץ זיך מיט'ן לעבען". דער עפיקורעאיזם איז די קירענישע פילאזאפיע, צופיהרט מיט וואס־סער: די גריכען האבען געטרונקען און געגאסען וואסער אין זייער וויין אריין, זיי האבען ליעב געהאט דעם וויין און מורא געהאט פאר איהם.

אט שטעהט פאר אונז דער צ י נ י ק ע ר אין טראנטעס,

אָפּשפּעטענדיג קוקט ער אַרום זיך און װעטשט מיט די פּלייצעס: „נאָך װאָס יאָגט איהר זיך מענשען? די חיות זיינען גליקליכער פון אייך! איהר האָט דאָך אַלץ אװעקגעגעבען פאַר'ן רעכט צו קענען אָטעמען, זייט [illegible]אָנסעקװענט און דערפיהרט צו א מינימום אייערע באַדערפעניסען."

מיר לאָזען זיך אַרונטער מיט א טרעפּ נידעריגער, פאַר אונז שטעהט דער ס ט אָ א י ק ע ר. קאַלט און גלייכגילטיג איז זיין געזיכט, קיין זאַך פרעהט איהם ניט און ערגערט איהם ניט: „מאַך האַרט, מענש, װי שטאָל, דיין האַרץ, — געדענק, דאָס לעבען איז געגליכען צו א חלום. זיי שטאָלץ! װער ניט הינגעריסען פון די צוזאָגונגען פון לעבען, כדי זאָלסט קאָנען פונקט מיט אַזא שטאָלצער גלייכגילטיגקייט פאַרטראָגען די ענטױשונגען פון לעבען. זיי שטענדיג גרייט פאַר'ן טויט!"

ס'אַרא זאָנדערבאַרע פאָרמען נעמט אָן די פילאָזאָפיע פון נעמעסיגקייט.

„טו קיין שלעכטס ניט אין לעבען, — הערען מיר א שטימע — דאָס לעבען אַליין איז שלעכטס... א ריינער זאָלסטו דורכגעהן דיין װעג, טראָג פאָרזיכטיג דורך דיין נשמה: דאָ איז זי א געפאַנגענע, פול מיט טרויער און פּיין; אַלס באַלוינונג דערפאַר, װאָס דו זאָגסט זיך אָפּ פון פאַרגעניגענס און פאַר דיין ריינקייט װעסטו קריגען אַן אָפּרוה, פול מיט גליקזעליגקייט, דאָרט, אויף דער צװייטער זייט פון דער אייביגקייטס־שװעל". דאָס איז די לעהרע פון די אָרטיקער און די נײ־פּיטאָגאָרעער.

עס פיהרט אונז אַלץ נעהנטער און נעהנטער צו די טויערען, בײ װעלכע עס באַגעגענט אונז דער שמייכעל פון דעם אונפאַרגלייכבאַרען סאָקיאַ מוני.

װאָרים אין דער טיעפעניש פון דער פילאָזאָפיע פון נעמעסיגקייט, צי זי איז א פאַרבלאָז־פיליכטערישע צי א גריכישקינסטלערישע, װאָרצעלט זיך דער פאַרלאַנג נאָך רוה, איז שוין דאָ אַן אָנפאַנג פון דעקאַדענס.

דער העדאָניזם אַזוי גוט װי דער אסקעטיזם ציהען זייער יניקה פון דער פילאָזאָפיע פון ענטזאַגונג. צום ערשטען ענטזאַגט זיך דער מענש פון דער געפעהרליכער רעכט פון בכורה פאַר'ן

געגנוס פון א טאָפּ לינזען, און דערנאָך זאָגט ער זיך אָפּ פון דעם אַלץ נאָך געפעהרליכען געגנוס צוליעב רוה, קאַלטע און שווארצע רוה.

לוינט עס זיך דען אָבער? לוינט עס זיך דען אין אנגעזיכט פון טויט אזוי פאָרזיכטיג ארומצוגעהן אלע ליידען? איז דען ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג? איז דען ניט בעסער זיך צו פאַרגעסען אויף א מאָמענט, זיין חוצפּה׳דיג, געוואַגט ביז משוגעת און שפּעטער — זאָל זיין וואָס עס וויל? איז דען ניט בעסער זיך אָנצוטרינקען מיט ריינעם וויין, ביז עקסטאַז צוטאַנצען זיך, אז אַלץ ארום זאָל זיך אויסמישען אין אַ ווילדער, קראַנקהאַפטער ענטציקונג? אויף דעם וועג רופט דער זאָנדערבארער באַרבאַרישער גאָט, ועמעס קאָפּ איז מיט ווייגטרויבען בעקראַנצט — דיאָניסוס. און די גאַנצע בעהאַלטענע קראַפט פון זינליכקייט גיסט זיך אויס אין אַ ווילדער, פערצווייפעלטער אָרגיע.

אָבער דער עצם פון דעם דיאָניסוס-קולט איז אויך די פאַרצווייפלונג, פונקט ווי פון אַלע פריהערדיגע סיסטעמען.

עס איז קיין צווייפעל ניט, אז דאָס טראַגישע געפיהל איז געוואַקסען לויט דער מאָס, ווי עס איז געוואַקסען די זעלבסטערקענטניס, לויט דער מאָס, ווי דער אינדיווידום האָט זיך אָבגעטיילט פון דער סביבה . דער טראַגיזם פון לעבען האָט זיך אין דער אַלטער צייט זעהר שוואַך געפיהלט, דער מענש האָט גענומען די פאַרטיגע לעבענס-ווייזהייטען ; קיין פראַגען וועגען דעם, ווי צו לעבען, וואָס איז דער ציעל פון לעבען, — האָט ער זיך ניט געשטעלט. עס איז צו באַוואונדערען די טיעפקייט פון די אַלטע מיטהען, וואָס האָבען אַרויסגעבראַכט די ליידען פון דעם מענשען לויט זיין ערקענטניס פון גוטס און שלעכטס.

אָנשפּאַרענדיג זיך אָן דעם פעסטען געזעלשאַפטליכען קערפּער, כמעט ניט אנערקענענדיג זיך פאַר עפּעס פערזענליכעס, איז דער מענש געווען באַשיצט געגען די גרויזאַמקייטען פון שיקזאַל און, אַ דאַנק דעם, וואָס זיין פערזענליכקייט איז ניט געווען ענטוויקעלט, האָט ער קיין שום גרענעצען ניט איבערגעטראָטען און ער האָט זיך בעוואוסטזיניג ניט באַמיהט צו שטעלען זיך וועלכע ניט איז גרענעצען, גערעכטפערטיגען אָדער באַפּוצען זיי. די ציעלען פון דער געמיינדע זיינען געווען זיינע ציעלען, איהר לעבען —

זיין לעבען. דאָס איז געווען אַ הערליכער באָדען צו ענטוויקלען אַן אמת'ע מענשליכקייט, אָבער די עוואָלוציאָן פון דעם מענשליכען גייסט האָט געדאַרפט דורכגעהן דעם פיינליכען שטאַדיום פון דער מאָראַלישער איזאָלירונג פון דעם אינדיווידואום, פון דער פארקלענערונג פון ציעלען, דעם שרעק פאַר'ן טויט א. ז. וו.

דאָס צופאַלען פון דער געזעלשאַפטליכער סאָלידאַריטעט און פון טראַדיציאָנעלען גייסט, די ערוואַכונג פון קריטיציזם ביי די אינדיווידומען און די אַלע ליידען, וואָס זיינען געווען פארבונדען מיט דעם, וואָס די דורות אַלטע זיילען האָבען גענומען זיך וואַקלען, האָבען געבאָרען אַזאַ גרויסע ערשיינונג ווי די אַטהענישע טראַגעדיע. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז אין קאַמף מיט דער לעהרע פון די סאָפיסטען, האָבען די טראַגיקער געוואָלט אָנוואַרפען אַ שרעק אויף דעם מענשען דורך בילדער פון דעם אומפאַרמיידליכען אונטערגאַנג פון די שטאָלצע; אָבער אין דער בליהענדער עפּאָכע האָבען זיי עררייכט בלויז דאָס ענטגעגענגעזעצטע דערפון, ווי עס זאָגט עדות אַריסטאָטעל אַליין. דער גייסט פון דער אַטהענישער טראַגעדיע, אַלס דער קאַמף צווישען צוויי יסודות — דעם פּראָמעטעאישען שטאָלץ און די סטיכישע קרעפטען — האָט זיך פארלאָשען, ווען ש ר ע ק און מ י ט ג ע פ י ה ל האָבען געזיעגט אין דער פילאָזאָפיע און דער רעליגיאָן.

אַ לאַנגע צייט איז רוים געווען פרעמד דאָס טראַגישע געפיהל. עס איז אמת, אַז עס האָט זיך זיכער ניט געפונען קיין צווייט פאָלק מיט אַזאַ אַבערגלויבישען שרעק פאַר אַן אָריגינעלען נייעם שריט אין פריוואַטען לעבען. עס איז אַ צווייפעל צי עס האָט זיך געפונען אַן אַנדער פאָלק, וואָס זאָל מיט אַזוי פיעל צערעמאָניעם אַרומצאַמען יעדען שריט זיינעם, ווי די רוימער; דערפאַר אָבער האָט עס געפונען פרייהייט און רוים פאַר זיך אין דעם אונגעהויערען וואוקס פון זיין שטאַאַט. אָט די דאָזיגע גייציגע שטרעבונג פון רוים, אַרונטערצונעמען די גאַנצע וועלט אונטער איהר אייזערנער האַנד, האָט אויף אַ לאַנגע צייט פאַררוקט אָן אַ זייט אַלע פראַגען פון אַ טראַגישען כאַראַקטער. „וואָס איז דער ציעל אין לעבען?" — „דיענען דעם שטאַאַט". דער רוימישער אָדלער האָט אָנגעפילט מיט שטאָלץ דאָס הארץ פון יעדען רוימער.

אָבער דערפאַר איז דער רוימער געווען גראָב, ער האָט אפילו קיין אהנונג ניט געהאַט וועגען דער גרויסער בעדייטונג פון זיין מיסיאָן. ווען עס האָבען זיך באַוויזען די גרויסע אינדיווידומען, גרוים בלויז אַ דאַנק זייער אינדיווידואַליטעט — איז דאָס געווען אַ סימפּטאָם פון אינערליכער צופאַלונג, און דאָס טראַגישע באַוואוסטזיין, אין די פאַרצווייפעלטסטע און ערגסטע פאָרמען, האָט באַהערשט רוים. נירוואַנאַ האָט באַזיעגט די שטאָלצע ברוסט פון רוים. אמת, די נירוואַנאַ איז געקומען אין געשטאַלט פון דעם קריסטליכען הימעל, אין געשטאַלט פון אַ צוזאָג אויף אייביגער גליקזעליגקייט, אָבער דאָס וויכטיגסטע אין אָט דער פאָרם פון קריסטענטום, וואָס האָט אַזוי צוגעצויגען די דאַמאַלסטדיגע וועלט — איז געווען דאָס אָפּלייקענען פון לעבען און פון די לעבענס־ציעלען.

דאָס לעבען איז אומגליק, זינד. מיר זיינען פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט זינדיגע, שלעכטע קרעפטען. דאָס, וואָס די רעליגיאָן פון געמעסיגטקייט איז גרייט געווען צו אַנערקענען פאַר נעטליך, איז גלייך צו די געטער פון דער באַרבאַרישער הפקרות: אַפּאָלאָן איז פּונקט אַזאַ טייוועל ווי בעל און מולך. דער שיקזאַל איז נערעכטפערטיגט געוואָרען: די שולד ליעגט אין דעם מענשען, און אויף דעם באָדען ווערט בעשאַפען איינער פון די גרעסטע טראַגעדיעם אין דער געשיכטע פון דער קונסט — די טראַגעדיע פון ערלעזונג.

דאַכט זיך, אַז קיינמאָל אין דער מענשליכער געשיכטע איז נאָך ניט געווען אַזאַ שטאַרקע שטרעמונג אין דער ריכטונג וואָס איז נעגענגעזעצט דעם בודהיזם, ווי אין דער עפּאָכע פון רענעסאַנס.

דער קעמפערישער מוט, דער פּראָמעטעאוס פייער איז קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען געוואָרען אין דעם מענשען, געשטיקט פון דעם שיקזאַל האָט ער געטליעט און מיט אַמאָל אויפגעפלאַמט מיט אַ קראַפט, וואָס מען האָט נישט געקאָנט איינצאַמען און זיינע דעוויזען זיינען געווען די יסודות, וואָס לוציפער און פּראָמעטעאוס האָבען אריינגעטראָגען אין דעם מענשליכען לעבען: 1) אַ קריטישע באַציהונג צו דעם לעבען, ערקענטניש פון גוטס און שלעכטס, איבערשאַצונג פון אַלע ווערטען, 2) בלינדע האָפנונגען, וואָס גיבען די מעגליכקייט צו קוקען ווייטער פון קבר, 3) פייער, ווי דער

אָנפאַנג פון מענשליכער קולטור, — מיט אַנדער ווערטער — ער־קענטניש, אידעאַלע ציעלען, עקאָנאָמישער פּראָגרעס, אָבער צוליעב דעם, אַז די קולטור, וואָס באַשטעהט פון דער ענטוויקלונג פון די דריי איינציגע גרויסע שטרעמונגען, זאָל זיין מעגליך, איז פריהער פון אַלץ נויטיג אַ לעבענס באַשטעטיגונג.

אַ מענש, וואָס פאַרלייקענט ניט, נאָר באַשטעטיגט דאָס לעבען, וועט ענטוועדער פאַראורטיילען די נאַטור, ווי אַ סכום פון זינלאָזע קרעפטען, מיט וועלכע ער איז דאָך גרייט צו קעמפען, אָדער ער בענשט זי, אַלס דעם קוואַל פון לעבען. אָננעמענדיג די אַרויס־פאָדערונג פון לעבען, אַרויסגעהענדיג צום קאַמף מיט דער נאַטור, פאַרלאָזט זיך דער מענש אַם מעהרסטען אויף זיין שכל, אויף זיין פאַרשטאַנד. לויט העגעלן איז דער אימפּולסיווער מענש ניט דער־וואַקסען דערצו, אַז ער זאָל זיך געהן רעכענען מיט דער אַרומיגער ווירקליכקייט, ער וויל די נאַטור, די סטיכיע באַזיעגען דורך זיין ערקענטניש. דאָס איז אַ דאָמינירענדער שטריך אין דער נייער געשיכטע. צוזאַמען מיט דעם ווערט דאָס געפיהל פון דעם מענשען אַלץ איידעלער, דינער. די בלינדע ליידענשאַפט צופאַלט. עס טרעטען אַרויס די געמיטסצושטאַנדען צווישען וועלכע די איידעלע, דינע געפיהלען פאַרנעמען אַ באַדייטענדע ראָל. אַלץ מעהר און מעהר הויבען די מענשליכע ליידען אָן צו שטאַמען פון זיין אינערליכען לעבען. אָבער נייע אומגליקען שיקט אויף דעם מענשען דער שיקזאַל, און דאָס טראַגישע געפיהל טרעט אַריין אין אַ נייער פאַזע, וואָס טיילט אַזוי שאַרף אָב די מאָדערנע טראַגעדיע פון דער אַנטיקער.

און פאַר'ן אַנגעזיכט פון דעם זעלבען שיקזאַל בעוואָפענט זיך דער מענש מיט די איידעלסטע, פאָלקאָמסטע אַנאַליטישע אינסטרומענטען, אָבער פון דער שווערער אַרבייט, וואָס דער מענש מוז דורכפיהרען, איידער ער באַשליעסט זיך אויף אַ בעדייטענדען באַשלוס, ווערט פאַראַליזירט זיין אַקטיוויטעט. צוויי פריינד, וואָס זיינען אין תוך שונאים, וואַקסען אויס אין דעם מענשענס נשמה, — דער שוין צו שאַרפער, דינער שכל און דאָס שוין צופיעל צערטליכע געפיהל; זיי גראָבען אָפּטמאָל אונטער דעם וואָרצעל פון יעדען ווילען.

דערפון שטאַמט, וואָס פיעלע גרויסע פאַרשטעהער פון אונזער עפּאָכע בענקען נאָך יענער אונמיטעלבארקייט, וואָס איז אזוי פאַר־אורטיילט געוואָרען פון דער גריכישער קולטור.

עס שטעהט פאַר דעם מענשען פאַר אין גאַנצען צו באהערשען זיין שׂכל און זיין ראַפינירטע עמפינדליכקייט, זיי מאַכען הארמאָניש מיט זיין ווילען, כדי, אַ בעוואפּענטער מיט זיי, זאָל זיין ווילען קאָנען געהן אין קאַמף מיט דער נאַטור און נעהנטער קומען צו דער איינציג אמת׳ער לעבענס־ליכטיגער און פּאָזיטיווער לע־זונג פון דער אייביגער פּראָבלעמע.

כדי מיר זאָלען קאָנען דאַרשטעלען דעם עצם פון דער היינ־טיגער טראַגעדיע וואָס קאָנקרעטער, וועלען מיר אנאַליזירען דריי טיפּען פון דער מאָדערנער טראַגעדיע: מייסטער היינריך, ווי אַ קרבן פון זיינע געפיהלען; האמלעט, ווי אַ קרבן פון זיין שׂכל; און פאוסט, ווי אַ פּאָזיטיוועז און זיעגערישען טיפּ.

ווייל נישט בלויז בודהאַ אליין קאָן זיך געגענשטעלען דעם שטיינערנעם פּנים פון דעם שיקזאַל, איהם האָט דורכגעשטאָכען מיט זיין אָדלער־בליק דער גרויסער חכם פון דעם אומרוהיגען מערב. דער גרויסער וואָלפגאַנג געטהע קוקט אויף איהם מיט אַ געוואַגטען צוטרויען און ליעבע, און דאָס שטיינערנע פּנים, דאכט זיך, איז גרייט צוצושמייכלען זיך צו איהם, דער ספינקס איז גרייט צו זאָגען: „ווייזער עדיפּ, דו האָסט מיך געלעזט“.

## 2

## מייסטער היינריך.

מענגליך, אז פאַר פיעלע וועט אויסזעהן זאָנדערבאַר, וואָס צו־זאַמען מיט „האמלעט“ און „פאוסט“ אנאַליזירען מיר גערהארד האופּטמאַן׳ס „פאַרזונקענעם גלאָק“. מיר מיינען גאָרנישט צו פאַר־גלייכען דעם טאַלאַנטפולען האופּטמאַן מיט די ריעזען פון דער וועלט־פּאָעזיע, אפילו נישט זיין קונסטווערק מיט די טראַגעדיען פון שעקספּיער און געטהע; מיר אנערקענען בלויז, אז אויסער די גרויסע

פּאָעטישע פאַרדיענסטען, איז אין דעם „פאַרזונקענעם גלאָק" פאַר־קערפּערט א בעדייטענדע אידעע, וואָס איז גאַנץ בולט ארויסגע־בראכט געוואָרען אין א גאַנץ טיעף אָנגעצייכענטען כאַראַקטער, וואָס האָט אַן אינטערעס פאַר אונזער טעמא.

עס איז ארויסגעזאָגט געוואָרען א מיינונג, אַז די אידעען, וואָס זיינען פאַרקערפּערט אין דעם ווערק, זיינען גענומען פון ניטשע'ן. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז דער גרויסער דענקער האָט געהאַט א ווירקונג אויף האופּטמאַנ'ען, אָבער דער הויפּט בעגייסטערער אין דעם פאַל איז, אָהן צווייפעל, געוועזן איבסען, וועמען הויפּטמאַן האָט אויך פריהער געהאַט נאָכגעאַהמט. ד ע ר פ א ר ז ו נ ק ע־נ ע ר ג ל אָ ק איז א מערכענהאַפט־שעהנער, פאַראַלגעמיינטער און פאַרפּאָעטיזירטער ר א ס מ ע ר ס ה אָ ל מ ס. ווי שטאַרק „ראַסמערסהאָלמס" האָט געווירקט אויף האופּטמאַנען קאָן מען זעהן דערפון, וואָס אויך זיין „פוהרמאַן הענשעל" שטעלט מיט זיך פאָר א וואַריאַנט אויף דער טעמא, וואָס די דאָזיגע דראַמא בעהאַנדעלט. דער הויפּט פאַרדיענסט פון האופּטמאַנ'ס דראַמא אין פאַרגלייך מיט איבסענ'ס איז, ניט בלויז די וואונדערבארע שפּראַך און די פּאָעטישע פאַראַלגעמיינערונג פאַר וועלכער מיר האָ־בען ניט קיין אַנדערען טערמין ווי ס י מ ב אָ ל י ז ם. די נאַטוראַ־ליסטישע דראַמא איז שטענדיג אַן עפּיזאָד פון לעבען, אַמאָל זעהר א באַלערענדער; די טראַגעדיע, אָבער, דאַרף זיין א מיטוס, אין וועלכען עס דאַרף זיך אָבשפּיעגלען א גאַנצע וועלט מיט אידעען; אין דער טראַגעדיע דאַרף אַלץ זיין אונפאַרגלייכבאַר שטאַרקער, שאַרפער, דער פאַרנעם — ברייטער, וואָרים בלויז אין אַזאַ פאַל וועלען אויפ'ן ערשטען פּלאַן ארויסטרעטען די אַלע וויכטיגע, צאָל־רייכע זייטען פון לעבען, וועגען וועלכען עס האַנדעלט זיך, און זיי וועלען זיך ניט פאַרלירען אין דעם מינדערוויכטיגען, סביבה'יד־נען, מיקראָסקאָפּיש־אַנאַליטישען. די נאַטוראַליסטישע דראַמא איז דער ערשטער שריט צו פאַראַלגעמיינערונג, די טראַגעדיע — דער צווייטער. אמת, די בילדער ווערען אבסטראַקטער. דערפאַר אָבער נעמען זיי אַרום א ברייטערען פעלד. די טראַגעדיע פיהרט אונז אריין אין דעם קעניגרייך פון אידעען. קינסטלערישע גאַנצע און קאָנסעקווענטע כאַראַקטערען ענטוויקלען זיך אין אַזאַ אומגעבונג,

וואָס איז פאַר זיי בעשאַפען געוואָרען פון דעם דיכטער'ס פאַנטאַזיע און ניט פון דעם בלינדען צופאַל. אין דער טראַגעדיע וואַקסען זיי אויס, קריסטאַליזירען זיך, נעמען אָן די ריכטיגע פאָרמען; אין דער טראַגעדיע רעדט דער מענש ניט אין נשמה־לאָזער פּראָזאַ, נאָר אין זיין אמת'ער שפּראַך — האַלב זינגענדיג, ריטמיש. די אמת'ע שפּראַך פון דעם מענשען איז ריטמיש און מעלאָדיש. רייד מענשליכע אויסגעדריקט אין פּראָזע, לויט מיין מיינונג, זיינען פּונקט אַזאַ פאַרזעהעניש, ווי די אַזוי גערופענע פּראָזאַ פון לעבען.

מערקווירדיג איז דאָס, אַז די דריי דיכטער, וועמעס ווערק מיר קלייבען זיך דאָ אַנאַליזירען, פיהרען אַרויס זייערע העלדען שוין צובראָכענע מענשען. האַמלעט איז אַ צובראָכענער מענש נאָך פאַר דעם ערשטען אַקט פון דער טראַגעדיע, און אין דער טראַגעדיע ווערט ער גיכער בעפרייט פון זיינע ליידען, ווי פאַרניכטעט. און פאַוסט, פּונקט אַזוי ווי האַמלעט, ערקלערט כמעט אין זיינע ערשטע פאָר ווערטער, אַז ער איז גרייט צו שטאַרבען. דאָס זעלבע איז אויך מיט היינריך'ן. עפּעס האָט ער געשאַפען, צו עפּעס האָט ער געשטרעבט... צו וואָס זיין נשמה האָט געבענקט — האָט ער אַליין קלאָר ניט געוואוסט. אָבער ער איז געווען גראָב, געגען זיין אייגענעם ווילען, צו זיין ליעבענדער פרוי, געגען זיין אייגענעם ווילען האָט עס איהם עפּעס אַ שטויס געטאָן אין די בערג אַריין... אָט די דאָזיגע הויכע בערג, מיט זייער ווילדקייט און שעהנקייט, האָבען זיך אין זיין פאַנטאַזיע צוזאַמענגעגאָסען מיט זיין קונסט, מיט זיין קינסטלערישען חלום וועגען דעם נאָך ביז איצט ניט געהערטען גלאָקען־געזאַנג. טיילמאָל האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, אַז דער נייער גלאָק, וואָס ער האָט געהאַלטען אין אויסגיסען, וועט זיין דער, וועגען וועלכען ער האָט גע'חלומ'ט, אָבער זעהר גיך האָט ער זיך ענטטוישט. ער האָט געוואָלט דעם קלאַנג פון זיינע גלאָקען אויך לאָזען הערען די בערג, אָבער די בערג־גייסטער האָבען זיך ביטער נוקם געווען אָן איהם און האָבען איהם צוזאַמען מיט זיין אָרעם און עלענד ווערק אַראָפּגעשטופּט אין תהום אַריין.

אין אַזאַ עלענדען אויסזעהן זעהען מיר איהם אין ערשטען אַקט, ווען ער וואַכט אויף אויפ'ן שוים פון דער נאַטור. אַזוי הויבט זיך אויך אָן דער צווייטער טיפּ — פאַוסט. איבער דעם

פאַרמאַטערטען מענשען טראָגען זיך מיט אַ הערליכען געזאַנג „די גרויסע קליינע גייסטער פון דער נאַטור" און דרינגען אַריין אין זיין נשמה, טראָגענדיג מיט זיך גענעזונג, בערוהיגונג, נייע, פרישע, קרעפטען. די זעלבע צערטליכע, פאַר'חלום'טע, געהיימניספולע, פולקרעפטיגע נאַטור וויקעלט אויך אַרום דעם ליידענדען היינריך: זי וועט נאָכפאָלגען איהם אין זיין ענגען צימער, זי וועט איהם אויסהיילען, צוריקברענגען צו זיינע כחות, אָבער זי וועט פאָדערען אַ באַלוינונג דערפאַר.

זעהר כאַראַקטעריסטיש זיינען די באַציהונגען פון היינריך און פון פאַוסט צו דער נאַטור. פאַוסט האָט ליעב די נאַטור, אָפּט־מאָל איז זי פאַר איהם אַ קוואַל פון בעגייסטערונג, אָפטמאָל פרואווט ער אַריינדרינגען אין איהר געהיימניספולער טיפעניש: אין די מאָמענטען, ווען זיין נשמה איז פול, זעהט די נאַטור איהם אוים נאָהענט און אייגען, אָבער פאַוסט איז הויפּטזעכליך — אַ מ ע נ ש. פיהלענדיג די גרויסע שעהנהייט פון דער נאַטור, פיהלט ער אָבער אין נאָך אַ גרעסערער מאָס איהר פיינדליכע קראַפט, וואָס דאַרף באַזיעגט ווערען; זי איז פאַר איהם אַ רעטעניש, וואָס דאַרף געלעזט ווערען, זי איז פאַר איהם פּרוכטלאָזע כוואַליעס, ביי וועלכע מען דאַרף אויסקעמפען לעבען און פרייהייט... פאַוסט פיהרט די מענשען אין שלאַכט געגען דער נאַטור: א י ה ר ב ל י נ ד ע ס ט י כ י ע װ י ל ע ר א ו נ ט ע ר ט ע נ י ג מ א כ ע ן צ ו ד ע ם פ א ר ש ט א נ ד. אַנדערש איז היינריך, ער איז אין גאַנ־צען עמאָציע. ווען ער האָט באַגריפען די נאַטור איז ער גלייך געוואָרען איהר פאַרעהרער, פּריסטער, איהר פּרעדיגער! זיין אויפ־גאַבע איז ניט די אויפגאַבע פון דער גאַנצער מענשליכער קולטור, נאָר אַן אַנדערע, נעמליך, צ ו ר י ק צ ו ב ר ע נ ג ע ן ד ע ם מ ע נ ש ע ן צ ו ד ע ר נ א ט ו ר, בעפרייען איהם פון זיינע נאַרישע פאָראורטיילען, פון זיין קרענקליכען, קליינעם אַרט לעבען און צוריקברענגען צו דער זון, צו דער פרייד!

ווען מענשען געוועהנען זיך ווי־ניט־ווי צו צו דער נאַטור, מאָ־כען זיי צווישען זיך וואָס גיכער שלום און דעמאָלט ווערט די גרעסטע טוגענד — געמעסיגטקייט, דאָס באַנוגענען זיך מיט ווייניג, און דערנאָך קומט שוין אַליין די טיפע פינסטערניש פון די

אַלע אַנדערע טוגענדען, וואָס וואַקסען אַרויס פון דעם צוזאַמענ־לעבען פון האַלבע קאַליקעס און האַלבע אידיאָטען. געדולד און דעמוטיגקייט ווערט די פילאָסאָפיע פון דעם פיליסטער. דאָס ווערט פון איין זייט זיין רעליגיאָן, און ווילדער קאָנסעקוועטיזם פון דער צווייטער זייט. כדי עס זאָל ווידער אויפברויזען דער קאַמף מיט דער נאַטור, דאַרף מען זיך אומקעהרען צו איהר, שעפּען כחות ביי איהר, ווערען פאָדערענדיגער, שלעכטער, אויפלעבען אין זיך דעם שטאָלץ און אַלעם איבעריגע, וואָס עס פאָדערט אַ קעמפענ־דער גייסט. וואָרים די נאַטור לערנט אונז דאָך ניט קיין אידיליען, ווי עס פאַרזיכערען אונז פאַרשיידענע פיליסטער, נאָר אייביגען קאַמף!

ווי שטעלט האַופּטמאַן פאָר די נאַטור? זי איז מעכטיג, שטאָלץ, שלעכט און פאָדערענדיג; דאָס ווערט אויסגעדריקט דורך וואַלדשראַט, ניקעלמאַן, ראַוטענדעליין, וואָס ריידען פאַר איהר; אויסער דעם איז זי גלייכגילטיג צו דעם גאַנצען ים פון לעבען, וואָס זי געבירט. אין וויטיכען׳ס רייד שיינט דורך ניט נאָר אַ סטיכישע ווייזהייט, נאָר אויך די העכערע, איבערמענשיכע גוטסקייט, וואָס באַציהט זיך צו היינריך׳ן פונקט אַזוי, ווי צו דעם שמעטערלינג.

דאָס פולסירען פון געזונטע קרעפטען פיהלט זיך אין דער גאַנצער באַפעלקערונג פון די בערג, כאָטש עס פעהלען אויך ניט קיין שלעכטע קרעפטען... אָבער דאָס איז צום גוטען: אין דער דאָ־זיגער שלעכטסקייט איז דאָ עפּעס ליכטיגעס, אמת׳דיגעס, עפּעס, וואָס איז אונענדליך ווייט פון יעדער פייגהייט, וואָס ווערט פאַר־הערליכט פון פאַרשיידענע מענשעלעך דאָרט אין טאָל. די נאַטור, אין געשטאַלט פון איהרע נישט קאַליע געוואָרענע קינדער, האָט פיינט דעם מענשען. די באַציהונג פון דעם באַרג צו דעם טאָל קאָן מען כאַראַקטעריזירען מיט די ווערטער פון געטע׳ס סאַטיר, וואָס האָט זיבער געדיענט אַלס פּראָטאָטיפּ פאַר וואַלדשראַטען און, מענ־ליך, געבאָרען אין האַופּטמאַנס מח דעם געדאַנק פון זיינע בערג־גייסטער

און די מענשען פון זייער זייט האָבען ערקלערט די נאַטור פאַר אומבאַדייטענד און זינדיג און זיך אַליין געשטעלט העכער פון איהר. די קלוגע וויטיכען זאָגט:

שוויינט... איך קען גוט אַלע איי'רע דרשות!
כ'וויים: די געדאַנקען איי'רע זיינען זינד,
אַן ארון איז די ערד; דער בלויער הימעל —
דער דעק פון ארון. די שטערען זיינען לעכלעך,
א גרויסע לאָך אין הימעל — איז די זון.
די וועלט וואָלט אונטערגעהן, ווען ס'וואָלט ניט זיין קיין פּאַסטאָר,
און אונזער הער גאָט איז אַליין אַ פּריסטער.
שמייץ! בלויז שמייץ! אָט דאָס האָט איהר פערדינט,
און קיין זאַך מעהר!

און דער פּריסטער, אַלס ענטפער אויף דעם, באַשיט זי מיט זידלערייען.

אָבער די קינדער פון דער נאַטור קוקען מיט פיינדשאַפט און זיי קאָנען ניט פאַרשטעהן ניט בלויז די צופרידענע, זאַטע, אָר־ביייטזאַמע פּריזירער, שול־לעהרער, פּריסטער, נאָר אויך די אויס־דערוועהלטע, אין וועמעס ברוסט עס לעבט דאָס אמת' מענשליכע שטרעבען, די פּרוכטבאַרע אומצופרידענהייט. עס זעהט פאַר זיי אויס זאָנדערבאַר, און צוקוקענדיג זיך צו דעם, קעהרט זיך דער עלעמענטאַרער גייסט מיט עקעל דערפון אָפּ.

און דאָך, נייעט קוקענדיג אויף זיין גאַנצער אַלווייזהייט, האָט דער עלעמענטאַרער גייסט דאָס מאָל אַ טעות. דער דאָזיגער שטריך פון מענשליכען גייסט, דער דאָזיגער מענשליכער טיפּ האָט זיך אַרויסגעוויזען מעהר מעכטיג און קאָמפּליצירט, ווי עס האָט זיך איהם אויסגעדאַכט. ניט אומזיסט האָט די שענסטע נימף, די בעגייסטערטע, אונגעצאַמטע ראַוטענדעליין, די גאָלדלאָקיגע, גע־פיהלט צו די דאָזיגע מענשען אַזאַ טיפע סימפּאַטיע, אַזאַ שווער־מוטיגע, פול מיט טרויעריגע פאָרגעפיהלען, בענקשאַפט. און דער קלוגער ניקעלמאַן רוימט איין אין אויער פון דער נימף, זיין עלע־מענטאַר־קאַלטע, ווי קוואַל־וואַסער, קלאָרע און פשוט'ע ווייזהייט:

דער אָנפאַנג פון דעם מענש איז דאָ, צווישען אונז;
דאָך אָבער וועניג איז ער אויף אונז עהנליך.
ר'איז יאָ און ניט אַ זוהן פון אָט דער וועלט,

א העלפט פון איהם באַלאַנגט אהער, די צווייטע וואו?
אויף העלפט איז ער א ברודער אונז, א נאָהנטער,
אויף העלפט איז ער א שונא אונז, א פרעמדער.
אָ, וועה צו דעם, וואָס פון זיין באַרג־געצעלט
צו די פאַרפלוכטע מענשען געהט אַרונטער!
דער וואורצעל פון דעם שטאַם איז קראַנק, דאָך ווילד זיין זינען—
און זיך אליין פאַרוואונדעט אזוי אָפט דער דאָזיגער שטאַם.
גלייך ווי אין קעלער דער קאַרטאָפעל, ווען ער הויבט אָן שפּראָצען,
ציהט זיך אַרויף, אַרויף אַלץ, אזוי אויך ער
מיט קראַנקע הענט ציהט זיך צום ליכט אַלץ,
די זון, זיין מוטער, געדענקט עס אָבער מעהר שוין ניט.
דער פריהלינגס־ווינט ברענגט לייכט די קראַנקע צווייגען,
ווען לייכט און מילד ווערט גראָד פון איהם געצערטעלט.
וואַרף זיי אַוועק, גנעה נישט אין זיי׳רע רייהען,
ווייל וועסט פאַרזונקען ווערען גיכער ווי א שטיין.
זיי וועלען דיך מיט נעבעל טיעף פאַרהיילען,
פאַרוואַנדלען וועלען זיי ס׳געלעכטער דיינס אין טרערען
און שמידען וועלען זיי דיך צו אַן אַלטען בוך
און ווי אויף זיי, וועט זיין אויף דיר דער זונענמוטער׳ס פלוך,

ווער איז דאָס אַזוינס ראוטענדעליין? עס איז גענוג צו זעהן ווי דאָס דאָזיגע קינד פון דער נאַטור באַציהט זיך צו היינריך׳ן כדי צו וויסען, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר: זי איז די לאַסקע פון דער נאַטור, זי איז די לאַסקע פון פרייע ליעבע (איז דאָך דאָס אויך די נאַטור), זי איז אַן אונמיטעלבאַר וועזען, א שטאַרקע, אַן אומענדליך איבערגעבענע און [illegible]יך, א טיעף אונגליקליכע. דאָס, וואָס דער מענש האָט געקאָנט אריינציהען אין זיין טראַגישען שיקזאַל אזא וועזען, וואָס איז פול מיט געזונדע קרעפטען און לעבענס־פרייד, בעווייזט אונז קלאָר, מיט וויפיעל אָנציהענדער שעהנהייט זיינען פול די פּראָגרעסיווע שטרעבונגען פון דעם מענשען. פאַר׳ן גלח איז עס משוגעת, פאַר ניקעלמאַנען — קראַנקהייט, אָבער ראוטענדעליין קושט אוים א בעגייסטערטע מיט איהרע זיסע ליפען די מאַרטירער [illegible] אויף דעם הויכען שטערן פון דעם זשעני.

די נאַטור און דער מענש זיינען איינער דעם צווייטען גענאַנגען אנטקעגנען. די פּראַכטפולע פּעע האָט געגעבען דעם מענשען דאָס גליק און פאַרגעניגען, וואָס בעגייסטערט דעם מענשען צו פּראָקלאַמירען פאַר גאָט די זון, און וועלכער, לויט ניקעלמאַן'ס מיינונג, ער האָט פאַרגעסען.

אָבער די מענשען און די גייסטער זיינען אויפגעשטאַנען גע־גען דעם בונד. זיי וואָלטען ניט געקאָנט באַזיעגען אָט דאָס שטראַליגע פּאָרל, ווען עס וואָלט זיי ניט... ווען עס וואָלט זיי ניט געלונגען ארונטערצונעמען היינריך'ס קאָפּ ניט מיט א גרויסען בארג, נאָר מיט א שטרויעל.

לאָמיר זיך נעהענטער צוקוקען צו היינריך'ס כאַראַקטער, כדי צו פאַרשטעהן דעם פאַטאַלען אויסגאַנג פון זיין לעבען.

דאָס איז א פּאָעט, עמפּינדליך ביז גאָר, אומבאַשטענדיג און מיט א צערטליכער נשמה.

ווען די נאַטור קרעפּטען האָבען איהם פאַרניכט, ווייס ער אפּילו ניט צו בעטען וועגען עפּעס אַנדערש, ווי וועגען רוה, פאַר־געסענהייט: „זאָג, אז קיינער ,אז קיינער זאָל מיך ניט וועקען" — זאָגט ער.

אָבער די האַלבווירקליכקייט, האַלב־חלום נעמען איהם צערט־לען, און ער ענטפערט אויף די דאָזיגע צערטליכקייטען מיט אזא הערליכען געבעט, מיט אזא קינסטלערישען־אונמיטעלבאַרען אויס־גוס:

האָסט צונעבויגען זיך צו מיר? הויב מיך אויף
איצט פון דער ערד מיט הענט מיט צערטליכע...
אָ, זי איז גרויזאַם, דער שיקזאַל האָט צו איהר מיך
צוגעשמידט,

ווי צו א קרייץ... גיב פרייהייט מיר..
דו קענסט עס... אָ, נעם דו מיט דער האַנט דער צערטליכער,
פון קאָפּ דעם דערנער־קראַנץ אראָפּ...
זיי האָבען מיר מיט איהם דעם קאָפּ באַקראַנצט,
איך אָבער דאַרף איהם ניט, איך דאַרף דעם קראַנץ ניט,
איך דאַרף נאָר ליעבע, ליעבע בלויז!

דאָ איז אַזוי דאָך גוט... ווי הערליך און ווי צערטליך
די ביימער רוישען, מיט הענט מיט דונקעלע,
געהיימניספול באַוועגען זיך די טאַנען,
און שאָקלען פייערליך אַזוי די קעפּ...
אַזוי ווי אין אַ מערכען! דאָס איז אַ מערכען...
ווי שטיל, ווי זאָנדערבאַר עס ווערט אין וואַלד...
אָט נעמט דאָס מערכען זיך באַוועגען,
עס נעהנטערט זיך צו מיר אַ ווייסע...
ווייזט מיט זיין ווייסען פינגער אָן אויף מיר...
האָט אָנגעריהרט זיך אָן די אוי'רען מיינע... מיינע ליפּען...
מיינע אויגען...
און איז פאַרשוואונדען... אָבער דו געבליבען ביסט!
דאָס מערכען — דאָס ביזט דו!
אָ, מערכען, קוש מיך!

און אָט האָט ער זיך ווידער געפונען. ער לעבט אויף. און אָט איז זיין בענקענדע פרוי, וועלכע מען דאַרף נאָך טרייסטען, איינבעטען צו לעבען.

איז דען איהם ניט שלעכט? פאַרוואָס דאַרף מען איהם מאַטערען מיט אָט די ליעבעס פליכטען?

און זי, אין גאַנצען אַ בלייכע, מיט אויגען פול מיט טרערען, שטעהט אויף די קני ביי זיין בעט און מורמעלט מיט האַלב טויטע ליפּען:

ניט גרוויזאַם זיי צו מיר כאָטש היינט!

וואָס אָבער זאָל ער טאָן? ער קאָן מעהר נישט לעבען מיט דער שוין צו פיעל גוטער פרוי:

זיין אמת הייסט ביי דיר זיין גרוויזאַם.

ווי אָפט טרעפט זיך דאָס! ווי אָפטמאָל שניידט דער אמת, ווי אַ שאַרפער מעסער, און שניידט דאָס לעבעדיגע לייב פון אַ נאָהענטען מענשען. וואָס בלייבט אָבער צו טאָן? שווייגען? לאַי־

גען? נאָהענט דאַרפען בלויז זיין די מענשען, וועלכע האָבען **א י י ן** אמת. אָבער היינריך איז גאָרנישט גרויזאַם. אָט איז שוין זיין האַרץ ווייכער געוואָרען, אָט בעווייזען זיך אין זיינע אויגען טרערען, און ער זאָגט צו זיין אומשולדיגען קרבן:

גיב מיר די האַנט. כ׳האָב שלעכטס דיר פיעלע מאָל
מיט וואָרט און טהאַט געטאָן, און פיעלע מאָל באַליידיגט
האָב איך דיין ליעבע אויך: איצט זיי מיר מוחל, מאַגדאַ!
כ׳האָב קיינמאָל ניט געוואָלט עס טאָן, דאָך האָב איך
עס אָפט געטאָן. איך ווייס ניט ווער ס׳האָט מיך דערצו
געצוואונגען,
איך ווייס בלויז, עמיץ האָט געצוואונגען מיך דערצו.
אָ, זיי מיר מוחל, מאַגדאַ!

און מיט אַ הינרייסענדער צערטליכקייט פרעגט זי איהם:

„זאָג, ווייסטו, וואָס דו ביסט פאַר מיר?"
— „איך ווייס עס ניט!" —

ענטפערט ער מיט אַ ליידענדער שטימע. וואָס איז ער אין אמת׳ן פאַר איהר? ווי אַזוי קאָן ער עס וויסען? זי איז דאָך פאַר איהם גאָרנישט.

מאַגדאַ איז אַ וואוילע, זי ווייס אָפּצושעצען די גרויסקייט פון איהר מאַן. אָבער דאָס איז נאָך ערגער! וואָלט זי זיין אַ פּשוט פרוי, וואָלט מען דאָך געקאָנט זיך בעפרייען פון איהר, אָבער אַזאַ פרוי האַלט פעסט דעם מאַן.

האָסט מיך גענומען און האָסט אויפגעהויבען מיך
און פאַר אַ מענש געמאַכט. אונוויסענד, אָרעם, שרעקענדיג
בין איך געוועזן. מיין הימעל איז געוועזען גרוי.
האָסט מיך אַרויסגעלאָקט, געטראָגען צו דער פרייד!
כ׳האָב קיינמאָל שטאַרקער ניט געפיהלט דיין ליעבע
ווי אין די רגע׳ס יענע, ווען האָסט מיט דיין רויער האַנט

מיין פּנים, וואָס אין נאַכט געוועזען איז פאַרזונקען,
געוועגדט צום ליכט. איצט זאָג, וואָס איז דיין זינד,
וואָס איך דאַרף דיר פאַרגעבען?

איהר וואָלט זיך געוואָלט זיין ראוטענדעליין... דאָס איז נאָך ערגער פאַר איהר: ער דאַרף דאָך ניט האָבען ניט איבערגעבענהייט און ניט זאַרגזאַמקייט... זי קאָן דאָך איהם ניט געבען יענע אומבאַשרייבליכע פרייד פון פרייער ליעבע, וואָס עס האָט איהם געשאָנקען ראוטענדעליין! פאַראַפראַזירענדיג איבסען'ען, וואָלט הייגריך געקאָנט פרעגען: „האָסטו דען האָר וואָס פאַלען ווי אַ גאָלדענער מבול? פיהלט זיך דען אין דיינע אויגען דער אָפּגלאַנץ פון דעם בליץ? קענסטו דען לאַכען אַזוי, אַז דאָס האַרץ זאָהל נעמען טאַנצען אין דער ברוסט און קושען, אַז עס זאָל פאַרגעהן פון זיסע ליידען? — לאָז מיך אַליין!" הייגריך זאָגט:

יאָ, מיין ווערק געוועזען איז שלעכט...
אָ, מאַגדאַ, יאָ, דער גלאָק, וואָס איז אַראָפּגעפאַלען,
איז ניט געוועזען געמאַכט פאַר בערג און ניט געקענט
אין בערג אָן עכאָ אויפצואַוועקען...

און הייגריך טרויערט ניט אויף דעם, ער האָט בלויז מורא, אַז ער זאָל ניט, ווי זיי רופען עס דאָרט אָן, געזונט ווערען, אַז זיין לעבענס-געטרי אַנק, וועלכער איז אַ מאָל ביטער און אַ מאָל זיס געווען, אָבער שטענדיג שטאַרק, זאָל ניט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ קיהלען געטראַנק, —

זאָל ווער עס וויל אַזאַ איהם טרינקען,
מיר אָבער איז דערווידער בלויז אַ טראַכט צו טאָן דערפון!

איהר איז עס פיינליך צו הערען, און זי שטעלט דעם מאַן אַ פראַגע, וועלכע ווייזט ס'אַראַ פיינער פאַעט הויפטמאַן איז:

אָ, זאָג מיר, מאַן, ווי ס'איז דיר כריסטוס ליעב!
ווי קומען, זאָג, צו דיר אַזוינע טרוי'ריגע געדאַנקען?
אַ מענש, ווי דו, וואָס איז פון הימעל אַזוי רייך באַשאָנקען,

און איז אזוי באריהמט ביי אלע פאר זיין קונסט!
האסט זיך מיט פריינד, אהן אויפהער, אלע געמיהט, און
הונדערט גלאָקען
אויף הונדערט טורעמס קלינגען אוים דיין רוהם!
דו האסט אריינגעגאסען זיך אין פורפור־גלוט פון אווענט,
און אין דעם גאָלד פון ליעבען גאָט׳ס פריהמאָרגען!
אָ, עושר, וואס דו קאנסט אזוי פיעל שענקען!
דו ביזט גאָט׳ס שטימע, דו, וואס האסט בלויז
געהאט דאס פרייד וואס האט א גליק־צוטיילער אין דער צייט,
ווען מיר דא לעבען בלויז פון בעטעל־ברויט, —
דו קוקסט אויף, זאג, מיט עקעל אויף דיין ווערק?
אָ, היינריך, קענסטו מיך איצט צווינגען לעבען
דאס לעבען, וואס איז אזוי ביטער?
וואס קאן דאס לעבען זיין פאר מיר, ווען דו
ווארפסט עס אוועק פון זיך, גלייך ווי א שלעכטען פעניג...

פאר קליינע און אומבאדייטענדע מענשען איז אומפארשטענד־ליך דער טרויער, וואס מאטערט מענשען בעדייטענדע. זי ווערט שוועך דערפון; עס ווערט זיי שווער, וואס זיי קאנען ניט פאר־שטעהן, פאר וואס לײדט עפעס זייער א נאָהענטער מענש, א בע־דייטענדערער פון זיי און דערביי האבען זיי א געפיהל, אז זייער נשמה מוז זיין קליין, ווען זי קאן זיך באגנוגענען מיט דעם, וואס עס דריקט און מאטערט דעם בעדייטענדען מענשען. דער פארלאנג נאך מאכט און נאך שאפען ווערט ניט קלענער, פארקעהרט, וואס גרעסער דער גייסט איז, אלץ גרעסער ווערט דער פארלאנג, עס וואקסט אין פיין און איז פארניכטענד ניט בלויז פאר די נאהענטע פון דעם גרויסען גייסט, נאר אויך פאר איהם, עס איז אזוי לאנג געפעהרליך, ביז דער גייסט דערגרייכט יענע זוניגע ספערע, וואו די נשמה, וואס גאָרט נאך רוים, קאן זיך אויפהויבען, ווי אן אדלער, ברייט, רוהיג, שטאלץ.

מאגדא איז גרייט אויף אלץ, אבי נאר היינריך זאל צוריקגעווי־נען זיין אמאליגע קראפט... כמעט אויף אלץ. זי איז גרייט צו לײדען פאר איהם, צו שטארבען פאר איהם... אבער ווייטער קאן

איהר קרבן ניט געהן: זי איז גרייט אוועקצוגעבען פאַר איהם איהר לעבען, אָבער זי וועט איהם קיינמאָל ניט ערלויבען, אז ער זאָל זי פארלאָזען.

איצט קענען מיר דעם שרעקליכען שונא פון מייסטער הייני־ריך: דאָס זיינען זיינע נאָהענטע, די הויזיגע... די שונאים פון דעם מענשען זיינען זיינע הויז מענשען, — שטעהט אין עוואַנגעליום. זייערע פיילען טרעפען אין דעם אַנגעוועהטיגסטען אָרט, זיי בינדען איך מיט די שרעקליכסטע קייטען — מיט די קייטען פון זייער ליעבע. אָבער די ליעבע פון אָבגעשטאַנענע, באַגרענעצטע מענשען איז אַן אומגליק פאַר דעם מענשען, וואָס האָט א צערטליך הארץ. און אויב נאָך די דאָזיגע באַגרענעצטע מענשען זיינען ניט אין גאַנ־צען טעמפּ, אויב די דאָזיגע קראַפטלאָזע זיינען דערצו נאָך א ביי־סעל עהרענהאַפט, איז דער אומגליק נאָך גרעסער! א פרוי, וואָס פאַרגיסט טרערען, וואָס כאַפּט זיך מיט די שטאַרקע הענט פון פאַרצווייפלונג פאַר א מענשען — איז באמת א שונא, א נסיון. „פיהר אוועק די פרוי!“ — האָט ארויסגעמורמעלט דער שטאַר־בענדער סאָקראַט. אָבער אָט די פרוי איז געווען קסאַנטיפּא! קלוג איז געווען דער אַלטער אַטענער: קסאַנטיפּא איז צוגעפּאַסט צו זיין די פרוי פון א העלד! ס׳אַרא גליק וואָלט געווען, ווען הייני־ריך׳ס ווייב וואָלט געווען קסאַנטיפּא!

פאַרוואָס איז די לעצטע צייט געוואָרען אַזוי אַנגעוועהטאָגט די פראַגע פון מיטגעפיהל? פאַרוואָס האָט ניטשע אָהן רחמנות בעפאַלען דאָס מיטגעפיהל, ווי א פעסטונג פון שונא? פאַר וואָס האָט איבסען וועגען דעם אויפגעשריבען אַזא שרעקליכע זאַך ווי „ראַסמערסהאָלם“ און פאַרוואָס האָט דער קלאַנג פון דעם „פאַרזונ־קענעם גלאָק“ אַזוי פיינליך אָפּגעקלונגען אין אַלע הערצער? מיר ווייסען, אז דער ציעל פון דער טראַגעדיע איז אויפצואוועקען שרעק און מיטגעפיהל און דורך דעם בעפרייען דעם מענשען פון אַזוינע געמיטסצושטאַנדען. איז דען אָבער אונזער צייט אַזוי מיטפיהלענד? האָבען מיר דען צופיעל רחמנות? איז דען באמת אונזער קולטור, די קולטור פון מיטגעפיהל?

ניין, טויזענד מאָל ניין! אונזער קולטור איז די קולטור פון בלוט, די קולטור פון נקמה, די קולטור פון פאַרניכטונג פון שוואַכע־

רע ראַסען, און, פריהער פון אַלץ, אַ קולטור פון האַרצלאָזער קאָנ־
קורענץ און נאָך מעהר האַרצלאָזער עקספּלואַטאַציאָן.

יאָ, מיר זיינען אומבאַרמהערציג. דער גאַנצער געבוי פון אונזער
געזעלשאַפטליכען בנין איז שרעקליך און אונברחמנות'דיג. אָבער
מיר האָבען זיך דערצו שוין צוגעוועהנט, מיר באַמערקען עס אפילו
ניט — דאָס איז געשעפט! אויב איך דערטרינק אַ קאָנקורענט,
אויב איך באַצאָל ניט דעם אַרבייטער, וואָס איהם קומט — דאָס
איז מיין געשעפט, דאָס פאָדערט פון מיר דאָס לעבען... אין אַלעם
איבריגען בין איך זעהר באַרמהערציג, מיטפיהלענד, באַזונדערס אין
מיין קרייז, אין מיין פאַמיליע.

דאָס פּרעדיגען פון מיטגעפיהל שטערט זיי מיט קיין זאַך ניט
אין זייערע געשעפטען, דער דאָזיגער מיטגעפיהל איז זיי נויטיג
פאַר'ן היימישען געברויך: אין הויז דאַרף מען די באַציהונגען מאַ־
כען ווייכער און וואָס מעהר אַריינטראָגען צערטליכקייט און אַל־
טרואיזם.

די זאַך באַשטעהט אין דעם, וואָס די קייטען פון מיטגעפיהל,
וועלכע שטערען גאָרניט די הערשער פון דער וועלט, לאָזען אָבער
קיין טראָט ניט מאַכען די קעמפער פאַר נייע וועלטען. דער קעמפער
פאַר נייע אידעען זעהט אַז דער פונדאַמענט פון דער געביידע איז
צופוילט, ער וויל עס פאַריכטען, אָבער צוליעב דעם דאַרף ער אָנ־
ריהרען פיעלע אינטערעסען, אונטערוואַרפען זיך צו שרעקליכע גע־
פאַהרען און אונאַנגענעמליכקייטען, און דאָ נעמען אונזערע געגנער
שרייען וועגען מיטגעפיהל; אויב איהר וועט זיי ניט פאָלגען, וועלען
זיי געגען אייך אַרויסשיקען אייערע נאָהענטע און זיי שטעלען אין
דער ערשטער רייה געגען אייערע קוילען. דאָס מיטגעפיהל פון
דעם פיליסטער שטעהט אויף אַ פונדאַמענט פון חיה'שער גרויזאַמ־
קייט, און דער פונדאַמענט פון רעוואָלוציאָנער'ס גרויזאַמקייט איז
זיין באַגעהר נאָך העלדען־טהאַטען אין נאָמען פון דער העכערער
ליעבע צו דער מענשהייט.

אַזאַ מענש איז געוועזען היינריך און קלאָר וועט ווערען אונזער
געדאַנק, ווען מיר וועלען אַנאַליזירען זיין טראַגישען שיקזאַל.

ווען ראוטענדעליין האָט אומגעקערט היינריך'ן זיינע קרעפטען
און איהם געשאָנקען איהר ליעבע, איז ער גלייך אוועק אין די בערג

פול מיט דער וואָהנזיניגער פרייד פון זיעג, וועלכע ער האָט אזוי באַגעהרט אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט.

נאָך איינמאָל וויל איך ווענדען זיך צום לעבען,
איך וויל פערלאַנגען, קעמפען; ווידער
וויל איך אַ מוטיגער נאָך האָפען, שאַפען,
שאַפען...

די אידעע איז אַלץ ברייטער און קלערער געוואָרען און היינריך איז געווען פאַר'שכור'ט מיט זיין גראַנדיעזען פּלאַן פול מיט ליעבע און האָפנונג. וואָס איז דאָס פאַר אַ פּלאַן, ווי האָבען זיך מענשען באַצויגען צו זיין פּראָיעקט זיי גליקליך צו מאַכען, און וועלכען טעמפּעראַמענט האָט היינריך געהאַט — דאָס אַלץ ווערען מיר גע־וואָר פון דעם פּראַכטפולען און שעהנעם דיאַלאָג, וואָס היינריך פיהרט מיט דעם פּריסטער און פון וועלכען איך וועל ברענגען די בעסטע שטעלען.

ווען דער פּריסטער, אַן ערנסטער, אַן אָנגעבלאָזענער, האָט זיך אויפגעהויבען אין די בערג, וואו היינריך האָט געשאַפען, האָט איהם היינריך אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס: איהם איז גאָר־נישט איינגעפאַלען, אַז מען קען זיך אויפהויבען אין די בערג מיט אַנדערע ציעלען, ווי זיינע גראַנדיעזע און הייליגע ציעלען. דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר היינריך'ן.

איך זעה, אַז איהר האָט מיט אַ פעסטער האַנט
די קייטען דורכגעבראָכען און דאָס גאָטעסדיענסט פאַרלאָזען,
און געלאָזט האָט איהר זיך גאָט צו זוכען!
איהר קענט מיר ווי אַ פריינד די האַנט דערלאַנגען!
און כ'שווער אייך איצט ביי האַן, ביי שוואַן, ביי פערדענקאָפּ,
אַז איך נעם אייך אויף ווי אַ פריינד, און כ'וועל
אייך עפ'נען ברייט די טירען צו דעם פריהלינג פון מיין זעל.

„איהר קאָנט אזוי האַנדלען", ענטפערט דער גלח. — „ניט

איינמאָל האָט איהר שוין אַזוי געהאַנדעלט, — איהר קענט דאָך מיך גוט."

איך קען אייך, יאָ. און וואָלט איך אייך ניט קענען,
און וואָלט פאַר מיר דאָ אין אַ מאַסקע פון אַ פריינד
די נידערטרעכטיגקייט אַליין געזעסען און געטראַכט
זיך מיט דער גוטסקייט מיינער געהרען, — וואָלט אויך זיין
דאָס זעלבע!
ווייל ס'קאָן מיין גאָלדענע מתנה ניט פאַרלירען
קיין האָר נישט פון איהר ווערט אפילו אין דעם האַרצען
פון אַ סיקאָפאַנט.

אָט דאָס איז די איבערן ראַנד זיך גיסענדע ערדעלע לעבענס־פרייד. אַזאַ זעלעכצושטאַנד מאַכט באמת דעם מענשען פאַר אַ טייל פון דער נאַטור, פאַר עפּעס סטיכישעס און הערליכעס. אָבער אַזאַ הייליגע אמונה אין דער אייגענער גאָלדענער מתנה איז פריה־צייטיג: דער ליעבער מייסטער ווייס ניט, ער שטויסט זיך אפילו ניט אָן ווי שמאָל און שמוציג איז דאָס נשמה'לע פון דעם סיקאָ־פאַנט, און נישט נאָר זיינע, נאָר אפילו די נשמה פון דעם פיליס־טער.

די אַלע טוגענדען, וואָס בליהען און געדייהען אין אַ נאָבעלער נשמה, וועלקען, זוי אָן אָפּגעריסענער בלאַט, אין די דאָזיגע נשמות.

דעם גלח'ס גראָבע אויערען פאַרנעמען קיין איינציגען קלאַנג ניט פון דער גאַנצער מוזיק, וואָס שטראָמט פון אָט דער פריידיגער נשמה, אָבער ער איז באַליידיגט פון דער זאָנדערבאַרער, אונגע־הערטער שבועה: „זאָגט, אַלענפאַלס, מייסטער, וואָס איז דאָס פאַר אַ זאָנדערבאַרע שבועה?" — „האָן און שוואָן?" — „יאָ... אָבער מיט אַ פערדענקאָפּ אַלס צוגאָב".

איך ווייס ניט, ווי ס'איז אויפ'ן זינען מיר געקומען!
מיר דאַכט זיך, אַז דער האָן פון אייער קירכע,
וואָס שטעהט מיט זונען־שיין באַגאָסען,
דער פערדענקאָפּ פון שכנ'ס קליינעם הויז,

די שוואַן וואָס אין דער הימעל־בלויקייט
געפלויגען איז און זיך פערלאָרען, —
האָט אויפ׳ן זינען מיר ארויפגעבראַכט די שבועה;
עס איז דאָך אָבער אַלץ איינס.

דאָס איז א פּראַכטפּולע שטעלע. היינריך׳ס קינסטלעריש־אונ־מיטעלבאַרע, קינדישע נשמה איז נאָך באַפליגעלט מיט פרייד; ער נעמט זיינע בילדער פון איבעראַל, ער קלייבט זיי מיט א לייכטער האַנט, ער איז גרייט זיך צו שווערען מיט זיי, — וואָרים אין אָט די מינוטען איז איהם אַלץ ליעב אויף דער וועלט, אַלע ארום זיינען זיינע ברידער און די זון איז אַלעמענס מוטער.

דאָס וואָס עס וואַקסט אין מיר איז ווערט
אז ס׳זאָל אויפבליהען און אויך צייטיג ווערען...
קיין מייסטער בין איך ניט געווען, אויך ניט גליקליך!
איצט בין איך ביידע זאַכען: גליקליך און א מייסטער!

דאָס פאַרזיכערט ער דעם פּריסטער און מיט א קינדישע פרייד דערצעהלט ער איהם, אז זיין ציעל איז צו שאַפען עפּעס א באַזונדערע שפּיעל פון גלאָקען.

אין א רגע אַרום ווערט איהם אַליין לעכערליך, וואָס ער האָט מיט די דאָזיגע ווערטער באַצייכענט זיין גראַנדיעזען פּלאַן.

דער גלח שטוינט: גלאָקען? פאַר ועמען? ווער וועט פאַר זיי באַצאָלען? פאַר איהם איז א מייסטער — א בעל־מלאכה, וואָס נעהט, ווען זיינע קונדען באַשטעלען, שיך, גיסט גלאָקען. היינריך צוגיסט זיך אין פאָלגענדע פּראַכטפולע, פּאָעטישע ווערטער:

ווער וועט מיר פאַר׳ן גלאָק באַצאָלען? פּאַסטאָר! פּאַסטאָר!
באַגליקט מען דען דאָס גליק? באַלוינט דען דעם לוין?
א גלאָקען־שפּיעל האָב איך דאָס ווערק מיינס אָנגערופען,
זאָל זיין אַזוי! דאָך אָבער, אין קיין קלויסטער
איז אַלץ ניטאָ קיין גלאָקען, וועלכע האָבען אַזא קלאַנג;
מיין גלאָק קאָן זיך אין קראַפט פאַרגלייכען

מיט'ן שטאַרקען שאַלען פון אַ פריהלינגס־דונער!
און מאַכען וועט ער מיט זיין קלאָרען קלאַנג
פאַרשטומען זאָלען אַלע קירכען־גלאָקען,
און פריידיג וועט ער אָנזאָגען, אַז ס'איז
דאָס ליכט אויף ס'ניי געבאָרען אויף דער וועלט!

דער עפעקט פון די דאָזיגע זאָנדערבאַרע, פריידיגע ווערטער איז אין גאַנצען אַן אונערוואַרטעטער: פאַר דעם פאַסטאָר איז דאָס אַלץ קינדערייען, פראַזען, אָבער ער פיהלט אַז דאָס איז עפּעס נייעס און עס איז געפעהרליך פאַר דער אונטערטעניגקייט, געמע־סיגקייט און פינקטליכקייט, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבייט פאַר דורות און וועלכעס איז דער פונדאַמענט, דער תוך פון דעם פיליס־טערישען גליק.

אָ, מענש! וואַכט ענדליך אויף, וואַכט אויף! איהר טרוימט...
איהר טרוימט דעם טרוים דעם שרעקליכסטען, פון וועלכען
צו פיינען אייביגע ערוואַכט מען. אויב גאָטס וואָרט
וועט ניט געלינגען אויפצואוועקען אייך אַצינד, זייט איהר
פאַרלאָרען שוין אויף אייביג, מייסטער היינריך...
. . . . . . יאָ, מייסטער היינריך,
ס'איז אייער פאַרנעם פאַר מיר צו הויך,
איך בין אַ מענש אַ פשוט'ער, געבאָרען פון דער ערד
און איך ווייס גאָרנישט אין די זאַכען אייערע.
איינס אָבער ווייס איך, וואָס איהר ווייסט ניט מעהר:
איך ווייס, וואָס רעכט און אומרעכט, גוט און זינד איז.

— — — — — — — — — — — — — . . — — — — — —

איהר מיידט די קירכע אויס און אין די בערג אַנטלויפט,
הדשים גאַנצע קומט איהר ניט אַהיים, וואו אייער ווייב
אַ בענקענדיגע זיצט, און אייערע קינדער
די מוטער־טרערען איהרע טרינקען.

היינריך ענטפערט איהם:

ווען איך זאָל קאָנען טרוקען מאַכען אַט די טרערען
וואָלט איך עס גערן טאָן. איך קאָן עס אָבער ניט.

עס פיהלט מיין הארץ אין שעה'ן אין די פיינליכע,
אז כ'קאָן זיי איצט אין זייער וועה ניט העלפען.
כאָטש איך בין לויטער ליעבע און אין ליעבע גיי געבאָרען,
דאָך, איהר דארפט ניט די לעערע בעכערס אייערע
אָנפילען מיט'ן איבערפלוס פון מיין עשירות,
ווייל ס'וועט מיין ווין פארוואנדלען זיך פאר אייך
אין עסיג און אין גאַל אין ביטערען, אין סם.
זאָל דער, וואָס האָט שטאָט פינגער פאַלקענלאַפּעס
די בעקלעך פון די וויינענדיגע קינדער גלעטען?
זאָל גאָט זיי העלפען!

פאר דעם מענשענס אויג ציהען זיך דורות; אין זיין האנט ליעגט דער גורל פון געטער און מענשען... און קליינע אומבאדייטענדע פערזענליכקייטען ווערען אַמאָל געהאָלפען אין זייער פארצווייפלונג. אָבער די אומבאדייטענדע, קליינע מיטגעפיהל ווייסט ניט פון גרויסער ליעבע. יעדע גרויסע אידעע חזר'ט איבער די דאָזיגע הייליגע, שרעקליכע ווערטער: „ווער עס זאָגט זיך ניט אָב פון פאָטער און מוטער און געהט מיר ניט נאָך, איז מיך ניט ווערט".

אָבער דער פאסטאָר איז פאָלשטענדיג איבערצייגט, אז נאָכפאָלגען קריסטוסען הייסט זיין א גוטער בירגער, א גוטער פאמיליען מאַן און זוהן, א זאָרגזאמער מאַן, א צערטליכער פאָטער און אויסער דעם, זיין אונטערטעניג צו אלע שטאאטליכע און גייסטליכע אויטאָריטעטען און אָנגענומענע זיטען. עס איז קיין צווייפעל ניט, אז קריסטוס דער ערלייזער, דער סימבאָל פון אַלץ ארומנעמענדער ליעבע איז נעהענטער היינריך'ן ווי דעם פאסטאָר; דער פאסטאָר האָט ניט קיין פארשטענדניש פאר'ן אמת'ן קריסטענטום.

דאָ שטעה איך, מייסטער, אַן ערשיטערטער
פון אייער הארצענס שוידערליכער הארטקייט,

זאָגט דער פאסטאָר,

דאָס ווערק, פון וועלכען איהר האָט דאָ געפלוידערט...
פערשטעהט אליין: איז דאָך די גרעסטע גרויל

וואָס האָט אַ היידען־קאָפּ ווען אויסגעטראַכט.
כ׳וואָלט בעסער וועלען, אַז די אַלע מכות,
וואָס גאָט אַמאָל האָט אויף מצרים אָנגעשיקט
זיי זאָלען איצטער אויף די קריסטען פאַלען,
ווי איהר זאָלט קאָנען ענדיגען איי׳ר טעמפּעל!
קערט זיך אום! באַזינט אייך! בלייבט אַ קריסט!
דען באַלד וועט זיין צו שפּעט.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז היינריך קאָן זיך ניט אומקערען צו דעם קריסטענטום פון דעם פּאַסטאָר, פּריזירער און שול־לעהרער. דעמאָלט נעמט דער פּאַסטאָר דונערען:

גענוג! דאָך ווייסט: ס׳איז שייטערהויפען פאַר מכשפות דאָ!
און פאַר די פּרעדיגער פון זינד אויך זיינען דאָ
פאַרהאַנען איצט, פּונקט ווי אין אַלטע צייטען!
Vox populi, vox dei!
— אייער טעטיגקייט,
דאָס נעצענדינערשע, איז ניט פון אונז פאַרבאָרגען,
און ס׳וועקט אויף שרעק און שנאה אין די הערצער.
עס קאָן געשעהן, אַז די עמפּערונג
זאָל זיך ניט לאָזען צאַמען מעהר, און ס׳זאָל דאָס פאָלק
פאַרניכטען אָהן רחמנות אייער ווערקשטאַט.

„אויב דער קראַנקער — ענטפערט היינריך — שלאָגט אַרויס פון מיין האַנט דעם בעבער רפואות, וואָס איך טראָג איהם אונטער, איז עס ניט מיין שולד, זאָל ער ליידען“.
און דער פּאַסטאָר ענטפערט איהם:

ס׳איז דאָ אַ וואָרט,
חרטה הייסט עס, און אין אַ טאָג, אָ, מענש,
וועט דיך אין מיטען פון די כשוף־מעשיות דיינע
אַ קויל דורכלעכערען דאָס האַרץ דיינס —:
דו וועסט ניט לעבען און דו וועסט נישט שטאַרבען.

און זיך אַליין, די וועלט און גאָט און אויך דיין ווערק
וועסטו פאַרשעלטען! דערמאָן זיך דעמאָלט, מענש, אָן מיר!

„דאָס קאָן קיינמאָל ניט פּאַסירען" — ענטפערט היינריך.

היינריך איז צערטליך, עדעל. זיין גאַנצעס שאַפען, זיין גייס־טיג לעבען איז אַ פּראָדוקט פון זיין דינער, פיינער שטימונג און יעדער פיינטליכער ווינט קאָן צובלאָזען אָט די פיינע שטימונג זיי־נע. אויב זיין נשמה הויבט אָן צו טאַנצען, ווען זי דערפיהלט אַרום זיך פרייד, וועט זי אָבער אויסגעהן פון פּיין, ווען זי וועט דערפיהלען דעם אָטעם פון אַ פיינטליכע קראַפט.

דאָס געוויסען! דאָס געוויסען האָט זיך אין אונז אויסגעאַר־בייט דורך יאָהר־הונדערטער און יאָהר־טויזענדער, עס האָט זיך אויסגעאַרבייט דורך געוואוינהייט, דורך דער גרויזאַמער געזעל־שאַפטליכער דרעסירונג, דורך די שטראָף־רייד פון די פּריסטער; זי איז אויסגעוואַקסען אין אַן איררעציאָנעלער קראַפט, פאָלשטענדיג צוגעפּאַסט פאַר אַ פיהרענדע ראָל אין אַ געזעלשאַפט, וואָס שטעהט אויף אַ נידריגען שטאַנד, אָבער איז אומערטרעגליך און אוננוי־טיג פאַר אַ באַוואוסטזיניגען מענשען. דאָס געוויסען פּראָטעס־טירט ניט געגען די מעהרסטע גרוילטהאַטען פון דער היינטיגער קולטור, אָבער דערפאַר לייגט עס נאָך צו אינערליכע פּיינען, יסורים צו די שטראָפען, וואָס די געזעלשאַפט לייגט אַרויף אויף די קעפּ פון די פאַרברעכער. עס קאָן זעהר פּאַסירען, אַז אַ מו־טער, וואָס האָט גע'גנב'עט ברויט פאַר איהרע קינדער, זאָל ליי־דען פון געוויסענסביסע, אָבער קיינמאָל וועט ניט ליידען קיין געוויסענסביסע דער אונטערנעמער, וואָס דריקט אַרונטער דעם אַרבייטס־לוין אָדער שיקט אַוועק זיינע אַרבייטער אין די שווע־רע צייטען פון אַ קריזיס. דאָס געוויסען היט אַם מעהרסטען אָפּ אַלטע געוואוינהייטען און איז אַ שונא צו יעדען געדאַנק.

אמת, עס איז אויך פאַראַן אַן אַנדער געוויסען; דאָס געווי־סען פון אַ גאַליליי אָדער ברונאָ; אַ קעמפפעריש געוויסען, וואָס וועט אייך ניט שטראָפען פאַר זאַכען, וועלכע איהר אַנערקענט ניט פאַר זינד. דאָס איז אַ באַוואוסטזיניג געוויסען, דאָס קינד פון פאַרשטאַנד, אַז דאָס געוויסען פאַרשרייבט אייך בלויז אַזוינע

טונגענדרען, וואָס האָבען אויסגעהאַלטען די קריטיק פון פאַרשטאַנד, וועלכע זיינען ניט אַרויפגעצוואונגען געוואָרען אויף איהך, נאָר וועלכע איהר האָט אָנגענומען פרייוויליג נאָך אַ טיעפער, פערזענ־ליכער איבערשאַצונג פון אַלע ווערטען. אָט אַזאַ געוויסען האָט דאָס געטריבען היינריך׳ן אין די בערג אַריין, אָט דאָס געוויסען האָט עס איהם געמאַכט צו „פאַרטיידיגען די מענשען געגען זיך אַליין״, אָבער איצט ערוואַכט אין איהם יענער, דער אַנדערער, דער אינסטינקטיווער, דער גע׳ירשנ׳טער פון די אורעלטערען גע־וויסען, וועלכען יעדער מענש, וואָס נעהט פאַראויס, דאַרף הרג׳ע־נען אין זיך. יעדער נייער גלויבען באַפרייט דעם מענשען פון די פאָרשריפטען פון דעם אַלטען גלויבען. ער איז אַ פּרוכט פון פריי־הייט, איז פרייוויליג פון אונז אָנגענומען געוואָרען, און דער אַלטער גלויבען איז געווען געזעץ, וואָס איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרען אויף אונז און עס איז איהם געלונגען אַריינצודרינגען טיעף אין דעם אויבערבאַוואוסטזיניגען טייל פון אונזער נאַטור, און באַהער־שענדיג אונזערע אינכטינקטען, אַטאַקירען אונז דורך זיי. סאָק־ראַט האָט ניט געוואָלט אַרונטערזעצען פון טראָן קיין איינציגען גאָט, ער האָט געוואָלט זיי באַפעסטיגען, אַרויספיהרענדיג זיי פון דעם פינסטערען, אונטערערדישען טעמפעל פון טראַדיציאָן און אינסטינקט אין דעם ליכטיגען טעמפעל פון פרייהייט און פאַר־שטאַנד... אָבער ער איז פאַראורטיילט געוואָרען פאַר צולאָזען די יוגענד. די זאַך איז פשוט: די געטער געטרויען זיך ניט איבעריג פיעל.

ניט איינער ליידט פון געוויסען. היינריך ליידט. זיין נשמה איז דאָך געווען אַזוי וואַכיג, אַזוי דין. פון די ספערען, וואוהין עס גרייכט ניט דאָס אויג פון דעם פאַרשטאַנד, דערטראָגט זיך די שטימע פון געוויסען... ביי נאַכט קומט זי און שטיקט היינריך׳ס ברוסט. זעהר גערעכטען איז דער איינפאַל צו אָביעקטיווירען דאָס געוויסען, אַריינצולייגען זיינע גרויזאַמע רייד אין דעם מויל פון דעם פאַרזעהעניש ניקעלמאַן, וואָס הויבט זיך פון דעם שאָטענדיגען גרונט פון זיין טיעפען ברונען.

עס קריכען שאָטענס הונגעריגע אויף די בערג,
ווי וואָלקענס פינסטערע, בייז און שווייגענדיג,

מיט פויסטען מיט צוזאַמענגעדריקטע, און פונקט ווי אין פיין,
פאַרברעכען מיט אַמאָל די הענט זיי

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און קאַלט איז איהם... אַלץ נעהענטער איז דער ווינטער,
ביז אין די ביינער דרינגט זי איהם אַריין,
אפילו אין דעם חלום, אומאויפהערליך,
זעצט ער אַלץ פאָרט די אַרבייט זיינע.
לאָז אָפּ! דו קעמפסט אומזיסט! ווייל גאָט אַליין
איז אין אַ קאַמף מיט דיר אַריינגעטראָטען.
גאָט האָט אַרויסגערופען דיך אין קאַמף מיט איהם—
און דיך פאַרשטויסען, ווייל דו ביזט צו שוואַך!
אומזיסט איז יעדער קרבן: די זינד בלייבט זינד.
האָט ניט אַרויסגעריסען ס'גליק
ביי גאָט
ס'פאַרברעכען אין פאַרדינסט, די
שטראָף אין לוין פאַרוואַנדלען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די נעבעל־ריעזען בויען פינסטערע טורמעס
און לאַנגזאַם אויף די בערג אַנטקעגען דיר
זיי בריינגען זיי כדי פאַרניכטען
דיין ווערק און דיך און אַלץ מיט דיר,

די ווערטער, וואָס איך האָב אונטערגעשטראָכען, נויטיגען זיך מעהר ניט אין קיינע קאָמענטאַרען. ניט בלויז שטעלען זיי פעסט היינריך'ס קראַנקהייט, נאָר זיי ווייזען אויך דעם ציעל, דעם וועג. וואָס־זשע קומט אָבער דערפון אַרויס? דער וועג איז אַ שווערער און איז איבער די קרעפטען פון די מערסטע מענשען. וואָלט כאָטש דער המון אָנגעפאַלען אָפען!

„זיי זיינען מיך ווי הינט בעפאַלען!“ שרייט היינריך אויס.

ווי הינט האָב איך זיי פון די בערג געטריבען,
ווער ניט אַנטלאָפען איז — גע'הרג'עט איז געוואָרען.
גיב מיר דעם כוס! דער קאַמף פרישט אויף די ברוסט!
דאָס בלוט פולסירט אַלץ הייסער אין די אָדערען!

צעהנמאָל פאַרשטאַרקט די קראַפט דער קאַמף
און לעבט דעם האַס אויף אין דער ליעבע.

ווי איהר זעהט, איז דער רעזולטאַט דער צופרידענשטעלענד־סטער. ניט ווילענדיג דערמאָנט מען זיך אָן דר. שטאָקמאַן, וועמען דער קאַמף האָט שטופענווייז פאַרוואַנדעלט אין א העלד. אָבער דר. שטאָקמאַן׳ס פאַמיליע האָט נאָכגעפאָלגט איהם. „דער שטאַרקסטער מענש איז דער, וואָס איז איינזאַם“, שרייט אויס איבערן׳ס העלד, אָנלעהנענדיג זיך אויף דער ווייב׳ס האַנט, זייענדיג אַרומגערינגעלט פון דער גאַנצער פאַמיליע זיינער. נישט דאָס איז דאָס וויכטיגסטע: איינזאַמע מענשען זיינען ניט שוואַכער פון די, וואָס ווערען געשטיצט פון זייערע נאָהענטע, פון זייער פאַמיליע, וואָס טיילען זייערע מיינונגען; דער עיקר איז, דער איינזאַמער מענש זאָל זיין באַשאָנקען מיט א קראַפט, וואָס זאָל איהם פאַרהיטען פון צו ווערען א יאָהאַנעס פאָקעראַט. אָבער ערגער פון אַלעמען איז דעם, ווען מען האָט ליעב און וועלכער קאָן ניט נישט ליעבען, כאָטש א גאַנצער תהום טיילט אָפּ די ליעבע פון זיין לעבענס אויפגאַבע. מען קאָן אין פיינדליכען לאַגער ניט האָבען קיין פריינד.

„איך בין א מענש“, — זאָגט היינריך טרויעריג צו זיין נייער פריינדין:

א פרעמדער און אָן אייגענער בין איך אין טאָל דאָרט,
דאָס זעלבע איז אויך דאָ... קינד, מיין קינד, פאַרשטעהסטו עס?

אָרעמער, אָרעמער היינריך!

און דאָך איז ער פאַרמאַטערט געוואָרען פון דער אָנשטרענגונג פון זיין שאַפען. דאָס האָט געפאָדערט די אָנשטרענגונג פון אַלע זיינע קרעפטען, און אויב א וואָרים עסט דעם וואָרצעל, מוז דאָס בלימעל פאַרוועלקט ווערען. און דער אָרימער היינריך,

פונקט ווי די שפּראָצונג פון קאַרטאָפעל אינ׳ם קעלער,
רייסט זיך אַלץ אין דער הויך, פאַרבאָרגענדיג די זינד אין וואָרצעל.

ענדליך קומט דער יום־הדין. עס קומט פּאָר אַן ערשיטערענדע סצענע; עס קומען היינריך׳ס קינדער. מען האָט געהאַרפּט אַרויס־ברענגען אַ שרעקליכע קראַפט, וואָס זאָל זיך שטעלען געגען היינ־ריך׳ן, וועלכער האָט באַזיעגט, ווי אַ מחנה הינט, זיינע בלוטיגע שונאים. געניאַל האָט האַופּטמאַן דורכגעפיהרט זיין אויפגאַבע. אַט די דאָזיגע קינדער אין בלויזע העמדלעך, די בלייכינקע, מאָגע־רע, וואָס האַלטען זיך קוים אויף די פיס, שלעפּען אין די בערג אַ שווערע משא, אַמתנה פון דער מוטער: אַ קרוג ביטערע, קאַלטע טרערען. דער עפעקט מאַכט אייך באמת שטוינען.

וואָסערען באַדייט האָבען די פּאָר קינדער אין אַנגעזיכט פון דער מענשליכער ערלייזונג? ווייניג זיינען אַזוינע קינדער דען אונטערגעגאַנגען און געהען אונטער? אָבער היינריך קאָן ניט אַריבערטרעטען איבער די קערפּערס פון זיינע קינדער... מיט איהם איז אַלץ צו ענדע: דאָס געוויסען האָט אויפגעוואַכט און היינריך שטויסט אָפּ פון זיך זיין גאָלד־לאָקיג גליק, דאָס געטער־גליק, און פול מיט חרטה לויפט ער אין טאָל אריין.

איך קאָן דיך ניט פאַרטראָגען, איך האָב דיך פיינט,<br>איך שפּיי דיר אינ׳ם פּנים! אַוועק! פאַרשאָלטענע מכשפה<br>כ׳וועל שלאָגען דיך! אַוועק, אַוועק, אומריינער גייסט!<br>פאַרפלוכט זאָלסטו איצט זיין, אויך איך, מיין ווערק, די גאַנצע וועלט!

כ׳בין דאָ! כ׳בין דאָ! איך געה, איך געה... אַ נאָט!<br>ערבאַרעם זיך אויף מיר!

„באַזין זיך, היינריך!" שרייט אויס ראַוטענדעליין. דערנאָך קומט אַ לאַנגע, לאַנגע פּויזע. איהרע אויגען לעשען זיך, די הענט פאַלען אַרונטער; און אַלץ האָט זיך געענדיגט... אַלץ געענדיגט. „פאַרביי, פאַרביי!".

די טראַגעדיע איז געענדיגט.

אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם עפּילאָג — ביים שלום פון דעם אַרטיקעל.

3.

## פרינץ האַמלעט.*)

מען קאָן גישט ניט זיין איינפערשטאַנען מיט מעזיער, דעם בעסטען קאָמענטאַטאָר פון „האַמלעט“, אז די ליידען, וואָס האַמלעט ליידט, זיינען נישט אָבהענגיג פון די אומשטענדען, אין וועלכע ער געפינט זיך. וואָס עס זאָל ניט זיין זיין לאַגע, וואָלט ער אַלץ געפיהלט אַן עקעל צום לעבען און אַ פאַראַכטונג צו אַלץ, וואָס לעבט. די טראַגעדיע, די געשעהעניסען, ענטוויקלען זיך פאַר אונז, אָבער נאָך פריהער איז פאָרגעקומען די אינערליכע טראַגעדיע, וואָס האָט געמאַכט פון האַמלעטען אַ ביטערען פעסימיסט, אַ מענשען, וואָס איז אין גאַנצען אונפעהיג צו לעבען. „האַמלעט באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון פײַנסטערע מוחות, — זאָגט מעזיער, — וואָס זעהען בלויז דאָס שלעכטע אין לעבען. די אורזאַכע דערפון איז זייער מעלאַנכאָלישער טעמפעראַמענט און זייער צאַרטע און דינע שאַרפזיניגקייט“. און אין אמת'ן זיינען דאָך דער צו ראַפינירטער שכל און די געבאָרענע נייגונג צו פאַסיוויטעט — האַמלעט'ס קראַנקהייט; איינער אָהן דעם צווייטען וואָלט ניט געהאַט אַזוינע פאַטאַלע רעזולטאַטען.

מעזיער ווייזט ריכטיג אָן דעם אונטערשיעד צווישען האַמלעט'ן און די העלדען פון דער אַנטיקער טראַגעדיע. ביי אָרעסט'ן וואָלט דער געדאַנק גלייך פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין טהאַטען; אויב דאָס פאַרברעכען וואָלט ענטדעקט געוואָרען, וואָלט ער גלייך באַשטראָפט די שולדיגע און, ניט טראַכטענדיג פיעל, וואָלט ער דערשלאָגען קלאַדיוסען און אפשר אויך זיין מוטער. אָבער האַמלעט איז צוגעוועהנט צו טראַכטען, צו איבערלעגען זיך און ער קאָן ניט האַנדלען אַזוי איבעראיילט.

במעט אַזוי כאַראַקטעריזירען האַמלעט'ן געטע, קאָלרידזש און אַנדערע.

אין אַלגעמיינעם איז דאָס אויך מיין בליק אויף האַמלעט'ן; דאָך, דאַכט זיך מיר, אַז די קאָמענטאַטאָרען האָבען ארויסגעלאָזען

*) די ציטאַטען פון „האַמלעט“ זיינען אין דער איבערזעצונג פון י. י. שוואַרץ.

פון אויג די דאָפּעלטקייט פון זיין שמה. אמת, אין אַלגעמיין איז טאַקע זיין טעמפּעראַמענט אַ פּאַסיווער, די אויסברוכען פון כעס און ליידענשאַפט געהען זעהר גיך איבער אין וועלקענדיגער פויל־קייט, אָבער דאָך איז אין האַמלעט׳ן נאָך ניט אין גאַנצען אָב־געשטאָרבען די ווילדע ליידענשאַפט פון אַן אַנטיקען העלד, די אינסטינקטען פון אַ קעמפער, וועלכע רייסען זיך, אמת, אביסעל צו שפּעט, אָבער פאָרט דורך. אָט דאָס מאַכט האַמלעט׳ן פאַר אַ טראַגישער פיגור, ווען ניט דאָס וואָלטען מיר פאַר זיך געהאַט בלויז איינעם פון די אונצעהליגע האַמלעטלעך.

מיר וועלען זיך באַמיהען צו כאַראַקטעריזירען האַמלעט׳ס ביידע נשמות און נאָכפאָלגען דעם קאַמף, וואָס קומט פאַר צווי־שען זיי ביידען, — ערשט דעמאָלט וועט אונז אין גאַנצען קלאָר ווערען די באַדייטונג פון אָט דער טראַגישער געשטאַלט.

מען קאָן ניט אָנרופען האַמלעט׳ן אַ טיפּישען מעלאַנכאָליקער, ער האָט אויך טעמפּעראַמענט; עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז ער איז אַ נעוראַסטעניק. מיר וועלען זיך גענויער צוקוקען צו זיין פיזישער און נערוועז אָרגאַניזאַציאָן.

האַמלעט אונטערשעצט ניט די באַדייטונג פון זיין פיזישער ענטוויקלונג, ער האַלט אין איין איבען זיך אין פעכטען און ניט איינמאָל כאַראַקטעריזירט ער זיך ווי אַ מענשען, וואָס קאָן זיין שטערטעל באַשטעהן. אָבער ער ליידט פון אַסטמאַ. דאָס שטערט זיין ריין פיזישער טעטיגקייט. ער אַליין רעכענט זיך פאַר שוואַך און מעלאַנכאָליש און אונפעהיג פאַר אויסברוכען. דאָך ווייסען מיר, אַז האַמלעט איז פעהיג אויף ווילדע אויסברוכען; פון וואַנען־זשע קומט דאָס, וואָס ער קוקט אויף זיך, ווי אויף אַ פלעגמאַטי־שען מענשען, וועמען ס׳איז שווער אַרויסצוברענגען פון זיך? מסתמא שטאַמט דאָס פון די לאַנגע שעה׳ן פון פאַרמאַטערטקייט, וואָס פאָלגען נאָך זיינע אויסברוכען, פון יענע שעה׳ן, ווען דער געדאַנק פון טויט פאַרנעמט דעם וויכטיגסטען פלאַץ צווישען זיינע געדאַנקען, ווען זיין פילאָזאָפיע פיהרט איהם בלויז צו איין גע־דאַנק, נעמליך, וואָס ווייטער צו אַנטלויפען פון לעבען. לאַנג האַלט ניט אָן ביי האַמלעט׳ען דער אויפרעגענדער צושטאַנד: ניט בלויז זיין קערפּער, נאָר אויך זיין נשמה ליידט פון אַסטמאַ.

זעהען מיר אַלזאָ, אַז האַמלעט׳ס פיזישער און אויך נערוועזן־

נעבוי זיינען געווען שטרויכלונגען צו יעדער אַרט אַקטיוויטעט. און אַ דאַנק דעם, וואָס זיין שכל האָט זיך אַלץ ענטוויקעלט איז האַמלעט געוואָרען אַן אייגענטימליכער קאַליקע.

מען דאַרף נאָך דערצו צולייגען, אַז זיין געזעלשאַפטליכע לאַגע מאַכט אוננויטיג פאַר איהם דעם קאַמף פאַר מאַטעריעלע מיטלען צום לעבען; אמת, דאָס איז ניט מעהר קיין נאָבעלער קאַמף, אָבער טיילמאָל האָט ער דאָך אַ גרויסע ווירקונג, ער מאַכט שטאַרק, פעסט דעם ווילען. אָבער דאָס מאַכט ניט האַמלעט'ן פאַר אַן אויסנאַם, פאַרקערט, ער דערנעהנטערט איהם נאָך מעהר צו די אינטעליגענטערע מענשען פון דער נייערער אייראָפּאַ; ווארים עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז אַזאַ טעמפּעראַמענט איז אַ רעזול־טאַט פון דעם, וואָס דורך יאַהרהונדערטער זיינען די נערוועז גייס־טיג אָנגעשטרענגט געווען. אין שעקספּיר'ס צייטען זיינען שוין געווען צו באַמערקען די זוימען פון די היינטיגע נעוראַסטאַניקער, באַזונדערס צווישען אַריסטאָקראַטען.

האַמלעט איז זעהר בעגאַבט, גייסטיג און קינסטלעריש; אויף דעם פעלד האָט ער צו זיך קיין גלייכען ניט. די שטודענטישע סטודיע, לעקציעס, ביכער, דיספּוטען, — דאָס איז האַמלעט'ס אמת'ע וועלט צו וועלכער ער רייסט זיך, שטרעבט. זיין באַרוף איז צו פילאָזאָפירען וועגען דעם לעבען און ניט נעמען אַן אנטייל אין איהם. האַמלעט רעדט שעהן, ער איז גיפטיג, ער באַמערקט זאַכען. זיין געוואוינהייט צו פילאָזאָפירען איז אַלץ טיפער גע־וואָרען און האָט געגעבען רייכע פרוכטען, די וויכטיגסטע פון וועלכע זיינען: ערשטענס, אונעטשלאָסענהייט; צווייטענס, פּעס־סימיזם; דריטענס, די ליעבע צו פּאָזע. מיר וועלען אַנאַליזירען יעדע איינע פון די דאָזיגע שטריכען, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדען האַמלעט, פון דעם דענישען פּרינץ ביז דעם לעצטען שלים'מזל'דיגען גימנאַזיסט.

האַמלעט איז ביז גאָר אומענטשלאָסען, און ער ווייס עס. זיין נעוואוינהייט אָפּצורופען זיך מיט'ן שכל אויף יעדער ערשיינונג, מאַכט איהם אויף צוויי אופנים אומענטשלאָסען: עס באַוועגט איהם אויסצוגיסען דעם טרויער פון דעם בעטרעפענדען מאָ־מענט אין ווערטער און געדאַנקען, און עס פאַרוואַנדעלט זיך פאַר איהם אין פאַרשיידענע סאָפיסטישע שפּיצלעך,

וואָס צווינגען איהם אָפּצולייגען און אָפּצולייגען דעם ענט־שלאָסענעם מאָמענט. נאָך איידער עס באווייזט זיך דער שאָטען איז שוין האמלעט טיעף אומגליקליך, זיין טעאָרע־טישער פעסימיזם ווערט פשוט ניט איבערצוטראָגען, א דאנק דעם פאָטער׳ס טויט, דער שאנדהאַט פון דער מוטער און דער ליגנע־רישער לאגע, אין וועלכער ער געפינט זיך אין הויף. עס פאָלגט. פארשטעהט זיך, א ליידענשאפטליכער מאָנאָלאָג. פארגיפטענדיג זיך די נשמה מיט׳ן מאָלען די אומגעבונג און די געמיינהייט, וואָס רינגלען איהם אָרום, פארשפרייט ער עס אויף דער גאנצער וועלט.

„גאָט, מיין גאָט!
ווי נישטיג, נאריש, קליין און עקעלהאפט
דעם מענשענס מעשים זיינען אויף דער ערד!
פארהאסטע וועלט! ביסט א פארלאָזטער גאָרטען
וואָס ברענגט נאָר דערנער שטעכיגע ארויס“.

דאָס הייסט, קאָנסטאטירען פאקטען, געגען וועלכע עס איז אונמעגליך צו קעמפען. אָבער געגען דעם אָנקעל, וועלכען האמ־לעט פאראכט, וואָלט מען יע געקאָנט קעמפען. אָבער דאָס איז שוין דער כאראקטער פון די האמלעטס: יעדען פערזענליכען אומ־גליק פארוואנדלען זיי אין אַן אַלגעמיינעם און צוגיסען זיך אין נארישע טרערען. די אקטיווע נאטור פון דעם אויסוואורף יאגאָ איז אין דער הינזיכט פיעל סימפאטישער. ער מיינט אויך, אז דאָס לעבען איז א גאָרטען, און אָט וואָס ער זאָגט וועגען דעם קאסיוס׳ן:

„נישטאָ קיין כח? נארישקייטען. עס איז אָפּהענגיג אָן אונז ווי מיר זאָלען זיין! אונזער קערפער איז אונזער גאָרטען, און אונזער ווילען — דער גערטנער אין איהם. אין אונז ליעגט, א גליק, וואָס מיר זאָלען פארזייהען אין גאָרטען. א גליק, וואָס מיר פארמאָגען פארשטאנד, אז ניט וואָלט דאָס בלוט און די נידער־טרעכטיגקייט פון אונזער נאטור דערפיהרט אונז צו אומפאר־אַנטוואָרטליכסטע טהאטען.“

און האַמלעט ענדיגט זיין שטורעמדיגען אויסברוך מיט דעם, אַז עס איז ניטאָ קיין גוטע אויף דער וועלט און עס וועט ניט זיין, און אַז דאָס מויל מוז שווייגען אין דער צייט, וואָס די נשמה ליידט. אָ, ניין, עס איז ניט אַזוי! האַמלעט'ס מויל איז ניט פאַרשלאָסען, ער רעדט נאָך צו פיעל. גלייך נאָך די ווערטער, מאַכט ער צו האָראַציאָ'ן גיפטיגע באַמערקונגען וועגען אַלע, וואָס רינגלען איהם אַרום. פאַראַן ווערטער, נאָך וועלכע עס פאָלגען טהאַטען, און עס זיינען פאַראַן ווערטער וועלכע דריקען בלויז אויס דעם געמיטס־צושטאַנד. אָט אַזוינע רייד זיינען האַמלעט'ס ליעבסטער צייט־פאַרטרייב.

און האַמלעט באַנוגענט זיך דערמיט, וואָס ער פאַראַלגעמיינערט זיין וועה, וואָס ער קאָנסטאַטירט די אומגערעכטיגקייט פון דער וועלט־אָרדנונג און וואָס ער הויבט אָן צו טראַכטען וועגען דעם, ווי אַזוי זיך אין גאַנצען צו באַפרייען פון לעבען. אָבער דער שיקזאַל האָט געוואָלט אונטערשטרייכען זיין וועה, זיינע ליידען, מאַכען איהם פאַר אַן אויסנאַמע און איהם צווינגען ניט בלויז צו קאָנסטאַטירען פאַקטען, נאָך אויך רעאַגירען אויף זיי.

גאָט מיינער, ס'אַרא ענטשלאָסענהייט און געוואַגטהייט האַמלעט ציינט אַרויס אין דעם מאָמענט, ווען איהם ווערט קלאָר דער גאַנצער פאַרברעכען, און ווי גיך פאַרשווינדט זיין קריגערישע שטימונג! דער שאָטען האָט זיך נאָר וואָס געהאַט דערוויטערט. האַמלעט רעדט קראַמפהאַפט און רעדט, ער וויינט, ער שווערט. אָבער ער האָט שוין דאָס פאָרגעפיהל, אַז זיין קאָמפּליצירטע נאַטור, זיין גרויסער גייסטיגער באַגאַזש, לאָזט ניט. אָדער וועט ניט לאָזען דעם נייעם איינדרוק אומצוטיילבאַר באַהערשען זיין נשמה.

„כל זמן זכרון לעבט ביי מיר אין מוח —
וועל איך דיך ניט פאַרגעסען, איך וועל געדענקען דיך!
איך וועל פון בלאַט פון מיין זכרון אָבווישען
אַלץ, אַלץ, וואָס ס'האָט דאָס לעבען דאָרט פאַרשריבען —
די ביכער, בילדער, איינדרוקען, געפיהלען,
וואָס האָט דאָס לעבען און בעאָבאַכטונג פאַרקריצט.
דיין איינציגער געבאָט אַליין זאָל לעבען,

זאָל לעבען אינ'ם בוך פון מיין געהירען
מיט זאַכען איינפאַכע ניט אויסגעמישט."

מעשיות, ביכער, בילדער, פערזענליכע באַטראַכטונגען, דאָס איז אַלץ, וואָס האַמלעט געדענקט; פון דעם אַלעמען שפּראָצט אַרויס זיין חכמה וועגען דער נוצלאָזיגקייט פון לעבען, וועגען דעם, אַז דאָס לעבען איז אַן דערנידעריגענדער וויץ און בעסער פון אַלץ איז אַוועקצוגעהן אָן אַ זייט. און האַמלעט שרייט אויס:

„וואו איז מיין שרייב-געצייג? איך וועל פאַרשרייבען,
אַז ס'קאָן פאַרלויפען אין דער וועלט: אַ מאַן
זאָל שמייכלען, שמייכלען — און אַ מערדער זיין!
צום ווייניגסטענס אין דענעמאַרק איז עס מעגליך.
(שרייבט) איך האָב דיך, אַנקעל."

שמייכעלסט, ניט ווילענדיג, ווען דו לעזסט די דאָזיגע ווערטער. האַמלעט פאַרנעמט זיך מיט די פיינסטע פּסיכאָלאָגישע און עטיעש פראַגען אפילו אין דער שטורעמדיגער נאַכט, ווען ער באַגעגענט זיך מיט'ן גייסט.

און ס'אַרא שרעקליכע ענדע, וואָס פאַרניכטעט מיט אַמאָל דעם גאַנצען איינדרוק פון האַמלעט'ס שיינבאַרער קראַפט און גע־וואַגטקייט.

„נו קומט; די צייט איז איצט אַרויס פון איהר געלענק —
אָ, בייזער שיקזאַל מיינער, וועה! צו דענקען
אַז כ'בין געבאָרען עס צו אָרדנונג ברענגען".

מיר דאַרפען אָננעמען, אַז פון דער צייט ווען עס באַווייזט זיך דער שאָטען ביז האַמלעט'ס באַגעגעניש מיט די אַקטיאָרען געהט אַוועק אַ לאַנגע צייט. האַמלעט גיט זיך אָפּ מיט זיין באַליעבטען צייט-פאַרטרייב, צו בעאָבאַכטען, צו זאָגען ניפּטיגע ווי־צען, צו מיסטיפיצירען די אַרומיגע, אָבער ער פיהרט ניט אויס זיין פּלאַן. כאָטש ער האָט געבראַכט דערצו, אַז דער קעניג זאָל

מורא קריגען פאַר איהם; שטעכיגע באמערקונגען, פינסטערע בליקען, אָפּאָזיציע, דאָס אַלץ רעגט אויף דעם געגנער און גיט איהם א מעגליכקייט זיך צוצוגרייטען — אין דעם ליעגט האַמ־לעט'ס הויפּט־אומגליק.

אין אַלע דורות און צייטען זיינען די האמלעטס, מעהר פון אַלע אַנדערע מענשען, געניינט געוועזן צו זעלבסטפאַרניכטענדער קריטיק און אין דערזעלבער צייט צו גערעכטפערטיגען זיך מיט די פאַרשיידענסטע סאָפיזמען. דער מאָנאָלאָג — „גאָט איז מיט אייך, אצונד בין איך אַליין" — איז אַן אמת קונסטווערק פון פּסי־כאָלאָגישען אנאַליז. ביטער, גרויזאַם באַפאַלט האַמלעט זיך אַליין.

„וואָס פאַר א נידערטרעכטיגער בין איך —
טראָג זיך אַרום מיט אומפּרוכטבאַרע טרוימען,
און האָב ניט וואָס צו זאָגען; ניין, אַפילו ניט
איין וואָרט; איינצושטעלען פאַר א קעניג
אויף וועמעס טראָן און לעבען ס'איז באַגאַנגען
א הימעל־שרייענדעס פאַרברעך געוואָרען".

אָבער האַמלעט איז קיין פיינלינג ניט, ער וואָלט קיינמאָל ניט איבערגעטראָגען קיין אונמיטעלבאַרע פּערזענליכע באַליידיגונג, אָבער איצט:

„אָ, אייזעל וואָס איך בין! ווי בראַוו איך בין!
אז איך, דער זוהן פון דעם ערמאָרדעטען קעניג —
פון טייוועל און פון גאָט געטרייצט צו ראַכע —
מוז, ווי א גאַסען־פרוי, מיט ווערטער האַנדלען
און ווי אַן אַלטע מכשפה שילטען!
די שמאַך און שאַנד! ווער טהעטיג מיין פאַרשטאַנד!"

און האַמלעט ענטשליסט זיך — נאָך אַמאָל איבערצוטראַכטען, איבערצוקוקען די זאַך!

„דער גייסט, וואָס כ'האָב געזעהן, קאָן זיין דער שטן:
ער קאָן אין אויסזעהן זיך פאַרשטעלען;

כ׳בין מיעד און טרויעריג — ער האָט די שליטה
אויף ליידענדע און טרויעריגע נשמות —
און וויל מיך פאַנגען אין זיין נעץ פון זינד.
דעריבער דאַרף איך שטאַרקערע בעווייזע.״

גרויסאַרטיג! דאָס איז באמת געניאַל! ניט לאַנג צוריק, למשל, האָט אַ געוויסער קריטיקער, ריידענדיג וועגען בעלעטריסטישע ווערק, וואָס כאַראַקטעריזירען דאָס ציעל־לאָזיגקייט, דאָס אומבאַשטענדיגקייט, דאָס צובראָכענקייט פון אונזער אינטעליגענץ, באַמערקט, אז עס איז שוין צייט, אז אונזער אינטעליגענץ זאָל מודה זיין, אז זי איז „אַ קלאַטשע, וואָס באַמיהט זיך אומזיסט צו זיין אַ פעגאַזוס״. געטע זאָגט וועגען האַמלעט׳ן, אז ער איז אַ וואַזע, וואָס ברעכט זיך, און אין וועלכער קיין דעמב וועט ניט אויסוואַקסען, אויב ער וועט איהר פריהער ניט צוברעכען... יאָ, אמת, אָבער דער דעמב וועט אויך פאַרטריקענט ווערען, אויב ער וועט צופעליג ניט אריינפאַלען אין אַ שטיק פרוכטבאַרער ערד. אונטער׳ן אָפענעם הימעל, אויף אַ גערוימען אָרט. און ניט איין אינטעליגענט, שלאָגענדיג זיך אין דער ברוסט, באַגיסענדיג זיך מיט טרערען, האָט זיך מודה געווען מסתמא: „יאָ, יאָ, אַ קלאַטשע... דאָס איז ריכטיג... וואהרהאַפטיג, איך בין ניט מעהר ווי אַ קלאַטשע, און וואָס האָט זיך מיר עפּעס פאַרוואָלט צו ווערען אַ פעגאַזוס?״

און גלייך נאָך דעם — זעלבסטבארעכטיגונג. הערט זיך איין, וואָס עס זאָגען די אומבאַשטענדיגע, ברעכענדיגע זיך אינטעליגענטען: אמת, מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק זיינען מיר געווען הינגעריסען פון די אַלע פּערספּעקטיוון, וואָס האָבען זיך פאַר אונז געעפענט, עס האָט אַ וועה געטאָן מיט נייעם גייסט.

אָבער מיינט ניט, אז האַמלעט נויטיגט זיך אין געזינטערע, פעסטערע באַווייזע; אָט האָט ער זיי שוין געפונען און דאָך זוכט ער שוין מיט נייע סאָפיזמען זיך ארויסצודרעהען.

אָט דאָס איז האַמלעט׳ס טעאָריזירענדיגע, אויף איין אָרט זיך דרעהענדיגע פאַרזיכטיגקייט. ער איז צופיעל צוגעוועהנט וועגען יעדער קלייניגקייט צו פאַרטראַכטען זיך, צו פילאָזאָפירען.

אָבער דער זיעג געהט איבער צו דעם צווייטען האַמלעט׳ן,

וועלכען דער אינטעליגענט האָט נאָך ניט אין גאַנצען פאַרניכטעט.
זאָל גאָט געבען, אַז אַלע אונזערע האַמלעטס זאָלען האָבען אינערליכע כחות; זאָל גאָט געבען, אַז אויך זיי זאָלען זיין פעהיג אויף וואולקאַנישע אויסברוכען.

אָבער וועגען דעם שפּעטער.

איצט וועלען מיר זיך אָפּשטעלען אויף'ן באַריהמטען מאָנאָלאָג „זיין צי ניט זיין".

די אַלע דריי העלדען, וועלכע מיר האָבען אויסגעקליבען צו אַנאַליזירען אין דעם עסעי, איז אויסגעקומען צו שטעהן ביים טויער פון טויט; מען קאָן דורכפיהרען אַן אינטערעסאַנטען פּאַראַלעל צווישען די באַטראַכטונגען, וואָס זיי מאַכען פאַר'ן טויט. דערצו וועט גענוג זיין צו שטעלען זיי איינעם אַנטקעגען דעם צווייטען.

„זיין אָדער ניט זיין? אָט וואָס ס'איז די פראַגע.
איז איידעלער פאַר'ן געמיט פאַרטראָגען שטיל
דעם שליידער־שטריק און פייל פון בייזען מזל,
צי זיך בעוואָפנען אַנטקעגען ים פון לייד
און ענדיגען דעם קאַמף?"

איהר הערט, ער רעדט וועגען קאַמף. האָפט אָבער ניט, אַז ער איז באמת גרייט אַרויסצוטרעטען אין אַקטיווען קאַמף מיט די אומגליקען פון לעבען.

„און ענדיגען דעם קאַמף? אָ, שלאָפען! שטאַרבען!
דאָס גאָר! און וויסען, אַז מיר מאַכען דורכ'ן שלאָף
אַ סוף צו אונזער האַרצוועהטאָג און וואונדען,
דאָס ס'איז דער גורל פון אַ יעדען מענשען!
אַ טיעף באַגערטער שלאָף!"

אָט וואָס עס הייסט, לויט האַמלעט'ס מיינונג, קאַמף!

„שלאָפען?
יאָ, שלאָפען; אפשר חלום'ען אין שלאָף —

אַט וואו דער אומגליק איז; ווייל אין דעם טויטענשלאָף
ווען מיר וועלען די לעבענס־קייטען אָפּטרייסלען —
ווער ווייסט, וואָס פאַר חלומות מיר׳ן זעהן?
אַט וואָס פאַרצאַמט דעם ווייטערדיגען וועג
און ציהט דעם אומגליק דורכ׳ן לעבען לאַנג.
ווער וואָלט דעם בייטש פון לעבען פאַרטראָגען,
דאָס רעכט פון אומרעכט, יאָך פון אונטערדריקער,
דאָס שפּאָטען פון בעל־גאוה, און די טיפע וואונד
פון אומגליקליכע ליעבע, אומבאַשטראָפטע זינד,
באַליידיגונג פון אויסגעלאַכטער טוגענד,
וואָס דעם מוטוויליגענ׳ס שפּאָט אריבער —
ווען ער אליין זאָל קאָנען רוה געפינען,
און מיט איין מעסער־שטאָך, אין אויגענבליק,
געקאָנט פון אלע ליידען זיך באפרייען?
ווער וואָלט אונטער דעם שווערען יָם געקניהט זיך —
ווען ניט די שרעק פאַר עפּעס נאָכ׳ן טויט,
פון אומערפאָרשטען לאַנד, פון וועלכען ס׳האָט
קיין איינער נאָך ביז היינט צוריקגעקערט —
און מיר פאַרטראָגען בעסער אונזער לייד
ווי אין דעם אומבאַקאַנטען לאַנד אַנטלויפען.
אזוי מאַכט דאָס באוואוסטזיין פון אונז שקלאַפען
און ס׳ווערט די איינגעבאָרענע רויטקייט פון ענטשלוס
פאַרצויגען מיט אַ קרענקליך בלאַסקייט פון געדאַנק.
און אונטערגענומען פון הויכען ראַנג און שוואונג
זיי מוזען אָפּלענקען פון זייער וועג — "

אָבער דאָס אַלץ איז מעהר פון אַלץ בלויז מאַרך־גימנאַסטיק, וואָס וויל רעכטפערטיגען דאָס אייגענע אומענטשלאָסענהייט.

אָבער פול לעבענס לעבענס־קראַפט איז פאַרהאַן אין דעם, וואָס געטע זאָגט וועגען זעלבסט־מאָרד! דאָס אומבאַקאַנ־טע לאַנד רופט ארוים ביי איהם בלויז געוואַגטהייט, בלויז אַ דורשט נאָך וויסען! אזא מענש באַלאַנגט נאָך ניט צום טויט, אָבער אזא מענש, ווי האַמלעט, קאָן אפילו ניט שטאַרבען.

צופיעל סימבאָליק איז פאַראַן אין הויפּטמאַן׳ס שלום־סצענע, אָבער עס פיהלט זיך, אַז דער עמפינדליכער, צערטליכער היינריך גיט זיך אָפּ, אין מאָמענט פון טויט, צו עראינערונגען, צו טרויער... עס איז אפילו אין דעם ניט קיין שאָטען פון פּאוסט׳ס גיגאַנטי־שער געוואַגטקייט, עס איז ניט דאָ אפילו האמלעט׳ס פילאָזאָפי־רונג: דער טויט ווערט אָנגענומען, ווי אַ פאַקט, און היינריך ווי־ליגט לייכט איין אונטערצוזאָגען דעם טויט, ער זאָל קאָנען כאָטש אויף אַ רגע צוריקאויפלעבען דאָס געוועזענע גליק.

פּאַרביי, פּאַרביי!

אָט דאָס איז דער טרויעריגער רעפרען, דאָס אומערטרעגליכע, טרויעריגע וואָרט, וואָס קלינגט אין היינריך׳ס אויערען: אויף איין רגע כאָטש אומקערען דאָס אנטלאָפענע געפיהל, און זאָל קו־מען דער אומפאַרמיידליכער טויט.

און דער אַלטער וויטיכען, וואָס זאָגט איהם פאַר אַ ניכען טויט, זאָגט אַזוי היינריך:

„זאָג־זשע דו,
דו, וואָס זעלטען־קלוג אַזוי רעדסט אָפּט צו מיר:
וואָס כ׳האָב מיט טריט, מיט בלוטיגע, געזוכט אין לעבען,
וועל איך דערזעהן עס, איידער עס קומט מיין שעה?
וואָס ענטפערסט דו מיר ניט? איז דען מיין גורל,
אַז פון דער נאַכט דער פינסטערער, זאָל איך
אין אַ פיעל פינסטערער אַוועקגעהן און מיך זאָל
דער אָפּגלאַנץ פון פאַרלאָר׳נעם ליכט באַגלייטען?
וועל איך זי קיינמאָל ניט...

ו י ט י כ ע ן:
וואָס ווילסטו זעהן?
ה י י נ ר י ך:
איך וויל ז י זעהן! ווייסטו עס ניט?
ווענען קאָן איך וועלען זעהן, אויב ניט זי?
ו י ט י כ ע ן:
בלויז איין פאַרלאַנג מקוים קאָן איצט ווערען,
דאָס איז — דער לעצטער.

ה י י נ ר י ך:
גוט!
ו ו י ט י כ ע ן:
דו וועסט זי זעהן!

ווידער קומען עראינערונגען וועגען דער פארגאנגענהייט און וועגען דער הערליכער ראל, וואס די פראכטפולע פעע האט גע־שפיעלט אין זיין לעבען.

אן אומערגרינטליך טיפער טרויער פאר דער פארשטעהענדער צושיידונג מיט דער וועלט, די אנקומענדע ענדע פון לעבען, און שפעטער דאס הייליגע, קורצע גליק, דאס אויפלעבען פון דעם פארגאנגענעם בלויז אויף איין רגע... א פיינער, איידעלער טרויער, א רחמנות צו זיך און דעם פארלארענעם גליק, עראינערונגען, אהן אן ענדע עראינערונגען.

אבער לאמיר זיך אומקערען צו האמלעט'ן.

אומענטשלאסענהייט און פאסיוויטעט זיינען די וויכטיגסטע פרוכטען פון אן איינזיטיגער אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג. די צווייטע פרוכט איז דער פעסימיזם.

דארף מען דען ברענגען באווייזען צו האמלעט'ס פינסטע־רען, ביטערען, גיפטיגען, האפנונגסלאזען פעסימיזם? „די גאנצע וועלט איז א תפיסה, און דענמארק די ערגסטע אפטיילונג"... ער פרואווט אפילו ניט צו קעמפען, ער וואלט געקאנט זיך רוהיג לע־בען אפילו אין א נוס־שאלעכץ, ווען ניט זיינע שלעכטע חלומות, וואס פארפאלגען איהם. און אין אמת'ן, די וועלט וועט זיך ארויסווייזען פאר א שלעכטען חלום, אויב אזא שארפער קאפ, ווי האמלעט, וועט איהר באטראכטען און ניט אריינמישען זיך אין איהר, וועט ניט זיין קיין אנטיילנעמער, נאר אן אקטיאר.

אלץ ארום איז מיאוס, די מענשען אזוי גוט ווי די נאטור. האמלעט באמערקט יעדע מיאוס'קייט, וואס וועט ער טאן, אויב ער וועט באגעגענען עפעס שעהנעס, גוטעס? למשל, אפעליא'ן, די שעהנע נימפע? — ער וועט אויך זי זעהן אין יענעם שווארצען ליכט, אין וועלכען ער זעהט די גאנצע וועלט, אלע שלעכטסקייטען און זינד, וואס ער וויים פון פרויען אין אלגעמיינעם, וועט ער ארויפווארפען אויף איהר.

דער סטאָאיקער האָראַציאָס געפעלט איהם, ווייל ער איז איי־נענטליך אַ צווייטער האַמלעט. וועלכער זאָגט, אַז זיין לעבען איז ניט מעהר ווערט ווי אַ שפּילקע, איהם דאַרף מען ערשט נויטען צו לעבען. עס איז דאָ אין האַמלעט'ן עפּעס, וואָס וואָלט געקאָנט קעמפען געגען זיין פּעסימיזם, אָבער דאָס באַציהט זיך שוין צו האַמלעט'ס צווייטער נשמה, צו די אינסטינקטען, וואָס דרעמלען אין איהם. אָבער וועגען דעם שפּעטער.

כדי זיך קלאָר צו מאַכען דעם דריטען וויכטיגסטען שטריך פון האַמלעט'ס נשמה — רעטאָריק, פּ אָ ז ע, זיין נייגונג צו מיסטיפיצירען, וועלען מיר זיך ערלויבען אַביסעל אָפּצוטרעטען פון דער טעמאָ, אָבער וואָס דער לעזער, גלויבען מיר, וועט געפינען פאַר ניט איבעריג.

ביי העגעל'ן איז פאַראַן אַ בילד פון דער מאָראַלער ענטוויק־לונג פון דעם מענשליכען גייסט. אין איצטיגען פאַל אינטערעסי־רען אונז בלויז די ערשטע דריי סטאַדיען. מיר האַלטען ניט, אַז די גראַדאַציע מוז אומבאַדינגט פאָרקומען אין יעדער נשמה. אָבער העגעל, ווי עס איז אָפט דער פאַל מיט איהם, ווייזט דאָ ארוים פיעל דורכדרינגענדיגע און טיעפע חכמה.

דער גייסט, וואָס הויבט אָן זיך צו דערקענען, וואַרפט זיך צום ערשטען צום אינדיווידואַליזם, חוצפה'דיג שטעלט ער זיך אַנטקעגען דער טראַדיציאָן, דער אָנגענומענער מאָראַל א. ז. וו. ער וויל זיין זיין אייגענער געזעצגעבער, ער וויל קוקען אויף אַלץ מיט די אויגען פון זיין פאַרשטאַנד און אָפּשעצען זאַכען פון ריין עגאָ־איסטישען שטאַנדפּונקט. דער דאָזיגער עגאָאיזם לערנט איהם, אַז עס זיינען פאַראַן פאַרגעניגענס, וועלכע מען דאַרף, ניט קוקענדיג אויף קיין שום שטערונגען, דערגרייכען.

„עס איז ניטאָ קיין פליכטען", שרייט אויס דער קעמפּערי־שער יונגלינג: „איך וואָג צו באַנוצען זיך מיט'ן לעבען לויט מיינע פאַרלאַנגען, און ווילען וויל איך גענוס".

די סטיכיע איז שטאַרקער פון דעם אינדיווידואום, און די איי־גענע פערזענליכקייט איז קליין אין די אויגען פון דעם זוכענדען מענשען, זי קנייטשט זיך צוזאַמען און זי ווערט פאַר'ן גייסט אַזוי

קליין, אַז מען קאָן זי אפילו אין אַ קבר באַהאַלטען. וואָס ווערט דעמאָלט פון די פאַרגעניגענס?

ניט אַזוי לייכט איז זיך צו דערשלאָגען צו זיי! דער מאַגישער שטעקען, וואָס האָט געזאָלט פון דעם פעלז אַרויסבאַקומען וואַסער, האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ פּשוט שטיק האָלץ און די פאָר טראָפּען, וואָס דעם מענשען איז געלונגען אַרויסצוקריגען אין דעם לעבענס־מדבר האָבען ניכער צופלאַקערט זיין דורשט, ווי איינגעשטילט איהם.

און אָט וואַקסט אויס און עס דערגרייכט דער מענש, לויט העגעל׳ן, צו דער פאָלגענדער שטופע פון רייפקייט. ווי פריהער, פּראָטעסטירט ער געגען דעם סטיכישען, וואָס ער קאָן ניט באַהערשען, וואָס ענטפערט ניט אויף די פאָדערונגען פון זיין האַרץ. ער שטעלט געגען דעם איראַציאָנאַלען שטראָם פון געשעהענישען די געזעצען פון זיין האַרץ, די מענשליכע טעאָלאָגיע: דער מענש פאַרוואַנדעלט זיך אין אַ פאַרבעסערער פון דעם לעבען.

מיר וועלען דאָ ניט געהן פאַנאַנדערקלייבען די אַלע פאַלשע שלויקייטען, וואָס דער דיענער פון צייט־גייסט, דער פּרייסישער פּראָפעסאָר העגעל האָט באַנוצט, צו באַווייזען, ווי ניט ריכטיג איז אַזאַ קוק אויפ׳ן לעבען.

אַן אמת׳ע אַקטיווע נאַטור שטעלט זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט, וואָס עפענט אויף אומצעהליגע פּערספּעקטיווען פאַר קאַמף אַזוי גוט ווי פאַר דערקענטניש, אָ־ער די פּאַסיווע נאַטורען געהען מיט אַ פאָר שטאַפּלען נידעריגער, ביז דער העגעלשער העכסטער חכמה: אָננעמען פאַר׳ן אַבסאָלוטען דאָס עקזיסטירענדע און ניט מאַכען קיין איינציגען שריט אין טאַקט מיט דער צייט. גאָט זאָל אָפּהיטען פאַראויסלויפען פאַר דער צייט! אָבער מען דאַרף אויך ניט דרעהען זיך אַרום דעם זעלבען פּלאַץ, מען דאַרף רוהיג זיך באַוועגען פאַראויס — „אָרדענטליך אונד שטאַנדגעמעס“.

די ענטוויקלונגס־סטאַדיען, וואָס מיר האָבען דאָ געבראַכט, זיינען מעהר נויטיג ביים אַנאַליזירען פאַוסט׳ן; האַמלעט געפינט זיך ניט אין העגעל׳ס דריטער סטאַדיע, אין דער סטאַדיע פון טורגענד. אמת, האַמלעט האָט ניט געהאַט קיין נויטווענדיגקייט רעאַל דורכצולעבען די פריהערדיגע סטאַדיען: ניט גענוס און ניט

דער קאַמף פאַר'ן אידעאַל האָבען איהם ווען עס איז געצויגען צו זיך. ניך איז ער אריינגעדרונגען אין אַלע פינסטערע זייטען פון לעבען, און ער האָט קלאָר פאַרשטאַנען ס'אַרא טיעפער תהום עס ליעגט צווישען איהם, דעם קלוגען, טרויעריגען פּרינץ, וואָס באַמערקט פיעלעס, און די אומענטוויקעלטע, גראָבע, אייגעננוציגע יעגערס נאָך די קליינע אנגענעמליכקייטען פון דעם לעבען. אָבער דער, וואָס קאָנסטאַטירט דעם דאָזיגען תהום צווישען זיך און זיין אידעאַל פון איין זייט און דער ווירקליכקייט פון דער צווייטער זייט און וואַרפט זיך ניט אריין אין לעבען, דעם בלייבט בלויז איבער רעטאָריק, אָננעמען אַן אומצופרידענע אָדער קאָמישע פּאָזע און מיט שעהנע רייד, גיפטיג, בייז עס קאָנסטאַטירען... האמלעט פארנעמט זיך דערמיט.

אָבער דאָס איז ווייניג. די איבעריגע מענשען זיינען אַ שווישפּיעל פאַר האמלעט'ן און דאָס ציעלברעט פון זיינע וויצען, אָבער האמלעט — איז דאָך אַליין אַ שווישפּיעל פאַר אַנדערע מענשען. וואָס וועלען זאָגען אָט די מענשען?

וואָס קאָן אַזאַ האמלעט זיין אין זייערע אויגען? מען דאַרף די דאָזיגע קנעכט פון לעבען געבען צו פיהלען מיט וויפיעל מען איז העכער פון זיי, און האמלעט פּאַזירט מיט פאַרגעניגען. פאַר אַ קליינער צאָל מענשען, וועלכע ער אכט, נעמט ער אָן די שענסטע פּאָזען פון אַ מענשען, וואָס ליידט פיעל און פון אַן אסקעט. כמעט אַלע האמלעט'ס רייד זיינען הוילע מיסטיפיקאַציע; ער טרייבט שפּאַס, ער מאַכט זיך נאַריש מיט'ן קעניג, מיט דער קעניגין, ער מאַכט זיך נאַריש גלייך נאָכדעם, ווי ער זעהט זיך מיט זיין פאָטער'ס שאָטען, און אפילו אויך מיט אָפעליע'ן. איהם איז עס זעהר לייכט. ער דערשרעקט, צוטומעלט אַלעמען. „וואָס זאָל דאָס באַדייטען? פרעגען זיי זיך: אַ וויץ, אַ טיעפע אידעע, משוגעת, אַנדייטונג? דאָס איז אַלץ, וואָס איהם ווילט זיך אייגענטליך.

מיר האָבען געקאָנט ברייננען פיעל באַווייזען צו באַשטעטיגען אונזער כאַראַקטעריסטיק. מיט אַ קראַפט, וואָס איז צום שטוינען, האָט שעקספּיר געמאָלען האמלעט דעם אַקטיאָר. אַן און פאַר זיך זיינען די דאָזיגע מיסטיפיקאַציעס זעהר שאַרפזיניג און זאָגען

עדות אויף האמלעט'ס גרויסען קאָפּ, אָבער הינטער זיי פיהלט זיך שעקספּיר'ס איראָנישער שמייכעל: „אָהאָ, דו ביסט א קינסטלער אויף רייד!" ביז דעם לעצטען מאָמענט באַשליסט זיך ניט האמלעט צו האנדלען, צו טאָן, אָבער ווען מען האָט געדארפט שטראָפען די מוטער מיט רייד, האָט ער זיך ארויסגעשטעלט פאר אן אמת'ען הענקער און צאָרן־פּאָעט, זיין יעדער וואָרט איז א שווערד, אזוי שארף, אז אפילו דער שאָטען, וואָס זוכט נקמה, בעט פארגעבונג פאר דער מוטער.

האמלעט איז שוין אזוי צוגעוועהנט צו שפּילען טעאטער, אז מיט פארגעניגען טוט ער אויף זיך אָן די מאסקע פון א פאר־ריקטען. זיינע ערשטע ווערטער צו דער מוטער ענטהאַלטען א באַ־מערקונג, אז זיין טרויער נאָך'ן פאָטער איז אַן אמת'ער און ניט קיין געמאַכטער.

אָבער וואו איז דער אמת און וואו איז ליגען? דאָס ווייס האמלעט אליין ניט. ווער ס'האָט באגעגענט אין דער ווירקליכקייט די אלע האמלעטס (און ווער האָט זיי ניט באגעגענט?) דער ווייס, ס'אַרא גרויסען אָרט אין זייער לעבען פאַרנעמט די רעטאָריק און די מיסטיפיצירונג פון די ארומיגע. מיט וואָס דען זאָל אָנפילען זיין לעבען דער, וואָס בעאַבאַכטעט בלויז דאָס לעבען? איהם דאכט זיך, אז ער האָט עררייכט דאָס לעבען און געפונען אז עס איז גאָרנישט ווערט, אז אלע מענשען זיינען נאַראָנים אָדער לומפּען, אָבער מען קאָן זיך ניט באַשליסען צו שטאַרבען: — בלייבט אי־בער זיך צו וויצלען. און וויצלען זיך קאָן האמלעט בלויז שארף און גיפטיג, און ער צושפּיעלט נאָך פארשיידענע וואַריאַציעס אויף דער טרויער־מוזיק פון זיין נשמה. אָט אזוי איז די לאַגע מיט האמלעט'ס ערשטער נשמה.

לאָמיר איצט איבערגעהן צו דער צווייטער, וואָס, א דאַנק די אומשטענדען, שווימט ענדליך ארויף אויף דער אויבערפלאַך.

האמלעט באַזיצט א גרויסע פיזישע קראַפט און אימ־פּאָזאַנטע פיגור. די מאַסע, וועלכע, לויט דעם קעניג'ס ווערטער, קלייבט אוים מיט'ן אויג און ניט מיט'ן הארצען, ווערט ענטציקט פון איהם. דער גרויסער שטרייטער, האמלעט דער פאָטער, לעבט אין זיין זוהן און אין דעם מאָמענט פון ערוואַכונג איז האמלעט

גרייט אַרויסצואווייזען אַ וואונדערבאַרע קראַפט. אויב עס וואָלט ניט געווען אַזוי, ווידערהאָלען מיר, וואָלט האַמלעט ניט גע־ווען קיין טראַגישע פּערזענליכקייט; ער וואָלט פאַרזונקען געוואָ־רען אין זיינע ליידען און וואָלט זיך געקוויקט מיט קרעכצען, ווי עס טוען די טויזענטער האַמלעטלעך.

זיין ליידענשאַפטליכע נאַטור פלאַמט אויף אין איהם פיעלע מאָל, זי באַלייכט איהם זיין אייגענע נשמה און צווינגט איהם צו פאַראורטיילען זיין פּאַסיוויטעט, אָבער זי לעשט זיך אַלע מאָל אויס אונטער'ן דרוק פון זיין ליעבע צו פילאָזאָפירען. דאָך די געשע־הענישען לויפען איינע נאָך דער צווייטער, די געפאַהר וואַקסט און רייצט איהם און צום סוף פון דער פּיעסע באַזיעגט האַמלעט דער קעמפּער האַמלעט דעם פילאָזאָף.

מיר ווילען אין גאַנצען ניט נעמען אין אָנבאַטראַכט האַמ־לעט'ס אַלע קלאָג־רייד און שטעך־ווערטלעך, מעגען זיי זיין דורכ־געדרונגען מיט'ן פייערדיגסטען פּאַטאָס. די ערשטע שפּורען פון נויט, וואָס זיינען פאַרבאָרגען אין דער ברוסט פון דעם טרויעריגען פּרינץ, דיענט זיין צוזאַמענשטויס מיט'ן שאָטען; אין דער גאַנצער צייט פון דער סצענע זעהען מיר אַן אמת'ען העלד.

ווען דער פאַטאַלער שאָטען לאָזט איהם איבער אויף דעם שרעקליכען פעלז, וואָס איז איבערגעבויגען איבער'ן ים, פאָלגט איהם האַמלעט נאָך.

ה אָ ר אַ צ י אָ: ניט געהט, מיין פּרינץ.

ה אַ מ ל ע ט: וואָס האָב איך צו פאַרלירען?

עס האָט מיין לעבען סיי־ווי ניט קיין ווערט —
און וואָס אַזוינס קאָן ער צו מיין לעבען טאָן —
מיין לעבען, וואָס איז אומשטערבליך, ווי ס'איז דער גייסט.
ער רופט מיך ווידער — איך מוז איהם פאָלגען.

ה אָ ר אַ צ י אָ: און וואָס — אויב ער וועט אייך צום ים פאַרנאַרען,

צי גאָר דאָרט אויפ'ן שפּיץ פון הויכען פעלזען,
וואָס בויגט זיך מורא'דיג דעם הויכען באַרג אַריבער?
ער קאָן דאָרט אָננעמען אַן אַנדער אויסזעהן,

וואָס קאָן אייך פון דעם זין אראָפּפיהרען;
דער פּלאַץ אַליין קאָן ברענגען צו פאַרצווייפלונג
דעם מענש, וואָס קוקט אראָפּ צום טיעפען אָפּגרונט,
און הערט איהם אונטען רוישען.

האמלעט: ס'רופט מיך אַלץ;
געה ווייטער און איך קום.

מארצעלוס: איהר טאָרט ניט, פּרינץ!

האמלעט: נעמט צו די הענד.

האָראַציאָ: איך בעט אייך, געהט ניט, פּרינץ!

האמלעט: מיין שיקזאַל רופט; מאַכט יעדען מוסקעל שטייף,
ווי שטייף עס איז דער מוסקעל פון א לייב.
ער רופט מיך אַלץ, — לאָזט אָפּ — איך שווער ביי גאָט,
כ'וועל יענעם פון אייך אין א גייסט פארוואנדלען,
וואָס וועט מיך וואגען אָפּהאַלטען. פאָראויס!
איך קום נאָך דיר!

ווען דער שאָטען קלייבט זיך צו פערטרויען איהם דעם שרעק־ליכען סוד, שרייט ער אויס:

דערצעהל געשווינד! אויף פליגעל פון געדאַנק,
צי ווי אין ליעבעס־פאַנטאַזיע, זאָל איך
צו ראַכע איילען.

דער שאָטען אַליין איז זעהר צופריעדען מיט זיין אומגעדול־דיגקייט צו הערען דעם סוד.

שפּעטער, ווען דער שאָטען געהט אַוועק, קומט א גאַנצער שטורעם פון ווערטער, דורך וועלכע עס רייסט זיך דורך א שטורעם פון ליידענשאַפט; א מאָמענט — און פאר אונז שטעהט שוין האמלעט דער מיסטיפיקאַטאָר מיט זיין שניידענדער שאַרפזיניג־קייט. נאָך א מאָמענט — און מיר הערען א ביטערען יאָמער.

„נו, קומט; די צייט איז איצט אַרויס פון איהר געלענק —
אָ, בייזער שיקזאַל מיינער, וועה! צו דענקען
אַז כ'בין געבאָרען עס צו אָרדנונג ברענגען.“

ווען דער אַקטיאָר דעקלאַמירט פאר האמלעט'ן, וואַכט אין איהם אויף דער אינסטינקט פון א קעמפער. מיט באַזונדערער גע־

ניאַליטעט איז דאָ אָנגעצייכענט, ווי האַמלעט רופט קינסטליך אַרויס, וועקט אויף זיינע שלאָפענדע אינסטינקטען. זאָגט ער דאָך אַליין לאַערטעס'ען:

איך בעט דיך, נעם די פינגער צו פון האַלז, —
איך בין ניט ווילד — דאָך היטען זאָלסטו דיך,
דען איך האָב וואָס געפעהרליכעס אין מיר,
וואָס זאָל דיך מאַכען ציטערען. די הענד אַראָפּ!

דאָס „עפּעס געפעהרליכע" וועקט ער דאָך אין זיך. עס וועקען עס אויך אַנדערע אין איהם.

דער קעניג גרייט זיך צו פאַרטיידיגען און וועקט דערמיט דעם קעמפפער אין האַמלעט'ן, און דאָס „עפּעס געפעהרליכע" נעמט אַרויסשפּראָצען פון האַמלעט'ס נשמה.

ס'איז פאַרטיג דער באַפעל, דער זיעגעל צוגעלייגט,
און מיינע שול־חברים, ווען איך וואָלט טרויען
אַזוי פיעל, ווי מען טרויט די בייזע שלאַנג —
זיי טראָגען דעם באַפעל, זיי דאַרפען מאַכען וועג —
מיך פיהרען צו פאַרראַט. גוט, זאָל עס געהן;
עס איז אַ פיינער שפּיעל צו זעהן, ווי ס'ווערט
דער אינזשענער צוזאַמען מיט זיין אַרבייט
אין לופטען אויפגעריסען; אונטער זיי,
אויב ס'איז מיין רעכענונג ניט פאַלש, וועל איך
אַ ביסעל טיפער זיך אַרונטערגראָבען
און ביז די וואָלקען הויך זיי אויפרייסען.
ס'איז פיין, ווען ס'טרעפען זיך צוויי קרעפטען אויף איין וועג.

דאָס געפעהרליכע, דאָס שרעקליכע האָט שוין אויפגעלעבט אין האַמלעט'ס נשמה. זיין שכל טעראָריזירט איצט ניט, ער איז דער קנעכט פון דעם ווילען, ער באַטראַכט די שלויסטע פּלענער, ער מאַכט די דינסטע אויסרעכענונגען און אויב שוין יאָ זיין שלוי, איז האַמלעט פול מיט שלויקייט.

און פונקט פאַר דער אָפּרייזע נאָך ענגלאַנד, האָט דער שיק־

זאָל צוגעגרייט א שרעקליכען און א דערפרישענדען איינדרוק — די באַגעגעניש מיט פּאָרטינבראַסען.

פאָלגענדיג דעם באַפעהל פון דעם ליידענשאַפטליכען, עהר־גייציגען קריעגערישען גענעראַל, מאַרשירען צוואַנציג טויזענד מענ־שען פארביי האַמלעט׳ן. צו וואָס, וואוהין געהען די דאָזיגע morituri איינגעמען א שטיקעל ערד? — זיי געהען נאָך רוהם!

נאָך פריהער, ניט קוקענדיג אויף זיין גאַנצער גרינגשעצונג פון לעבען, האָט האַמלעט, לאַכענדיג פון גילדענשטערנען, וועלכער האָט איהם געוואָלט באַווייזען, אז רוהם איז דער „שאָטען פון שלאָף“, דער „שאָטען פון שאָטען“—געזאָגט: „אויב אזוי, הייסט דאָך, אז דער אָרעמער איז א רעאַליטעט און קעניגען און באַריהמטע העלדען — א שאָטען?“

לאָמיר זיך גענויער פאַנאַנדערקלייבען אין דעם פּראַכטפולען, טיעפען מאָנאָלאָג מיט וועלכען האַמלעט באַגירסט פּאָרטינבראַס׳ן.

ווי יעדע קלייניגקייט באַשולדיגט מיך
און טרייבט דעם פוילענצער אין מיר צו ראַכע!
וואָס איז דער מאַן, וואָס גיט אוועק זיין צייט,
זיין הארץ און זיין געפיהל אויף שלאָף און עסען? —
א נידעריגע חיה — און ניט מעהר!
געוויס, אז דער וואָס האָט באַשאַפען אונז
און האָט אין אונז אריינגעהויכט פאַרשטאַנד
די צוקונפט דורך פאַרגאַנגענהייט צו לעזען —
האָט ניט געשאָנקען אונז דעם געטליכען פאַרשטאַנד,
עס זאָל אין אונז אומזיסט־אומנישט פאַרוועלקען.
אצינד, צי איז עס טייווילישע פאַרגעסליכקייט,
צי גאָר דער טיעף־געגאַרטער צווייפעל,
וואָס קומט פון גריבלען זיך אין יעדער איינצעלהייט —
— א זאַך, וואָס האָט אין זיך איין חלק חכמה, דריי
חלקים פייגהייט — ווייס איך ניט געוויס
צו וואָס איך לעב נאָך אויף דער וועלט — אויב איך
מוז זאָגען זיך: „דאָס מוזטו טאָן“ — ווען כ׳האָב
אין זיך די קראַפט, די מיטלען און דעם ווילען
צו טאָן.

שוועך ברויזט האַמלעט'ס נשמה. דאָ קלאָגט ניט אַן אַקטיאָר מיט געמאַכטע טרעהרען, דאָס לעבען אַליין מיט זיין שוואונג, מיט זיין טראַגישער געוואַגטקייט, מאַרשירט דאָ צוזאַמען מיט די גרויזאַמע פּאָלקען אונטער די פעהנער פון דעם „צערטליכען פירשט". אין האַמלעט'ן האָט אויפגעוואַכט דער דורשט נאָך טאַטען. דאָס אמת־מענשליכע ליגט ניט אין פילאָזאָפירען, דער פערשטאַנד איז דעם מענשען געגעבען געוואָרען כדי צו קאָנען איבערגעהן פון ווערטער צו טאַטען.

און ביישפּיעלען, וואָהרשיינליך, גרויס,
ווי גרויס עס איז די וועלט, דערמוט'גען מיך צו דעם.
אָט די אַרמיי פון זעלנער טויזענדער
געפיהרט פון איידעלען און יונגען פּרינץ:
עס לעבט זיין גייסט נאָך זיעג און העלדענרוהם
און לייגט זיין יונגען לעבען אויפ'ן וואָגשאָל,
זיך איבערגעבענדיג צום צופאַל, טויט, געפאַהר,
בלויז פאַר אַן אויסגעבלאָזען איי. ס'איז גרויס
דער יעניגער, וואָס שטעלט זיך ניט,
ניט האָבענדיג
קיין גרויסע אורזאַך, אָבער וועט
זיך אויפשטעלען
פאַר דער קלענסטער קלייניגקייט,
ווען ס'האַנדעלט זיך
זיין עהרע צו פאַרטיידיגען.

דער יונגער פּרינץ — עהרגייציג, מוטיג, ריטערליך — וועקט אויף אַ טיעפען מיטגעפיהל אין האַמלעט'ן און ער פאַרשעמט זיך פאַר זיך, דעם דענקער. בלויז די געוואַגטהייט פון דעם מוטיגען יונגלינג ציהט איהם צו, איהם, דעם פאַרמאַטערטען דורך אייגענער פּאַסיוויטעט. די גאַנצע צייט טראַכט ער צי עס איז ניט נאַריש די גאַנצע אונטערנעהמונג. אָבער ער ענטפערט זיך, אז ווען עס געהט אום עהרע, איז אַ מלחמה צוליעב דער קלענסטער זאַך אַ גרויסע טאַט. עס איז ניט פון גרויסער וויכטיגקייט צוליעב וואָס מענשען קעמפען, נאָר פאַרוואָס און ווי. די פּאַסיווע נאַטור שטעלט זיך אַלע ווייַלע אָפּ און פרעגט, צי עס לוינט זיך דער קאַמף. אָבער אין

קאמף איז דאָך דאָס לעבען! אין קאמף וואקסען די מענשליכע כחות, עס ווערט שטארק דאָס הארץ, דער מענש ווערט גייסטיג א ריעז. אונטער די שורות, וואָס מיר האָבען אונטערגעשטראָכען, וואָלט זיך געקאָנט אונטערשרייבען אפילו ניטשע.*)

נוט וואָלט געווען ווען די פּרינצען פארטינבראס וואָלטען גע־קאָנט שטענדיג ארויסרופען אזא עדלע אויפרעגונג אין די פּרינ־צען האמלעט. אָבער האמלעט דארף ניט יענעם גרויסען גייסט, וואָס שאפט גרויסעס, ווען עס זיינען אפילו ניטאָ קיין גרויסע ציע־לען, שאפט בעדייטענדעס אין א צייט, ווען עס זיינען ניטאָ קיין באַדייטענדע אויפגאבען. ער האָט פאר זיך א גרויסע אויפגאבע: א שרעקליך פארברעכען איז באגאנגען געוואָרען און די פארברעכער לאָזען זיך וואוילגעהן און ער טוט דערצו גאָרנישט. דער פארשטאנד און דאָס געפיהל האָבען איהם געדארפט שטויסען צו טאטען, אָבער ער שטעהט און ווארט אויף עפּעס, ווען די דאָזיגע ארמיי פון די פּשוט'ע מענשען געהען רוהיג אין קבר, פונקט ווי אין בעט אריין.

האמלעט'ס ענערגיע וואקסט. זיינע באשלוסען ווערען אלץ געוואגטער. וואָלט ער ניט דורכגעלאָזט אזוי פיעל צייט, וואָלט דער זיעג געווען אויף זיין זייט. ער האָט קונציג פארפלאָכטען זיין אינ־טריגע און פיהלט זיך גרויסארטיג.

בײ מיר אין הארצען<br>
איז אָנגעגאנגען לאנג א גרויסער קאמף;<br>
דאָס האָט מיין שלאָף געטרויבט; ס'האָט מיר געדאכט<br>
איך ליעג אין קייטען, ערגער ווי א מערדער.<br>
נאָר אין איין אויגענבליק — און זאָל געבענשט<br>
זיין מיין ענטשלאָסענהייט — עס טרעפט אמאָל<br>
עס שיצט אונז פון געפאהר דער בלינדער צופאל,<br>
און ס'נארט אונז יעדע רעכענונג.

---

*) „א י ה ר זאגט, אז א גוטער ציעל רעכטפערטיגט אפילו מלחמה, און איך זאָג אייך, א גוטע מלחמה רעכטפערטיגט אפילו א שלעכטען ציעל.“ ניטשע, „זאראַטוסטראַ“.

אין דעם אַלעם פּיהלט זיך באַפרייאונג, אַן אַנדער לופט, אַ שטאַרקע, אַ פרישע.

ס'איז דאָ אַ געטליכקייט, וואָס היט אונז אָפּ
אָהן אונזער וויסען.

און אין אַן אַנדער פּלאַץ זאָגט ער, אַז אַלץ וואָס מען דאַרף איז צו זיין פאַרטיג, זיין שטענדיג גרייט, ווייל אַלץ ווערט געטאָן, ווען זיין צייט קומט. דער שכל מיט'ן געפיהל פון פאַראַנטוואָרט־ליכקייט, טרעט אָפּ דעם פּלאַץ פאַר דעם „עפּעס שרעק־ליכען", וואָס עס איז פאַראַן אין אונז. דאָס זיינען די גוטע מינוטען פון יענע גאַנצע געפיהלען און טהאַטען, נאָך וועלכע עס שמאַכט אַזוי דער מאָדערנער מענש, — האַמלעט לעבט איצט אי־בער אַזוינע טעג, ער הויבט אָן צו רעדען מיט דער שפּראַך פון ריעזען און האַלבע געטער, ווען עס איז פרעמד דאָס געפיהל פון רחמנות, וואָס מאַכט שוואַך און אָפּהענדיג. ראָזענקראַנץ און גילדענשטערען, די דאָזיגע צוויי דורכגעטריבענע יונגען און לאַ־קייען, שטאַרבען מיט אַ מיאוסען טויט.

זיי האָבען אַליין געזוכט — און זייער טויט
פאַלט ניט אויף מיין געוויסען. האָבען זיי דען
ניט דעם טויט אויף זיך אַליין גערופען,
זיך מישענדיג אין דעם? עס איז געפעהרליך,
ווען ס'וואַרפט דער שוואַכער זיך אריין אין מיטען
צווישען פעכטענדיגע שפּיזען.

יאָ, איצט איז האַמלעט אַ פורכטלאָזער קריגער. פיעל גוטס האָט איהם געטהאָן די רייזע איבער'ן ים. מעגליך, אַז אויך צווי־שען אונזערע אומענטשלאָסענע האַמלעטלעך וועלען זיך געפינען אמת'ע האַמלעטס, וועלכע האָבען דאָס רעכט אויסצושרייען:

איך בעט דיך, נעם די פינגער צו פון האַלז —
איך בין נישט ווילד — דאָך היטען זאָלסטו זיך,

דען איך האָב וואָס געפעהרליכעס אין מיר
וואָס זאָל דיך מאַכען ציטערען. די הענד אראָפּ!

דאָס זעהן די שאַנדע פון די נאָהענטע און דעם טריאומף פון די אומגערעכטע, די מאָראַלע פליכט און נויטווענדיגקייט צוריקצור־ברענגען „די צייט, וואָס איז אַרונטער פון איהר געלענק". דאָס אַלץ, מעגליך, וועט ניט אָנרעגען האמלעט'ן צו טהאַטען. אָבער כאַפּט ניט פאָראויס.

דער קעניג האָט אויפגערייצט האמלעט'ן מיט זיינע בלוטיגע געמיינהייטען און פאַלשקייטען.

ניין, וואַרטען קאָן מען נישט: אַלץ וועט באַלד געשעהן! וואָס איז דאָס מענשליכע לעבען? — אַ וואָרט, און ס'איז פאַרביי!

האמלעט איז גרייט. פון אַלע זייטען האָבען די שונאים אויסגעשטעלט פאַר איהם נעצען, ער וועט זיך ניט אַרויסרייסען, אָבער אַזאַ לייב איז שרעקליך צו האָבען אפילו אין אַ נעץ. דער קעניג האָט ניט פאָראויסגעזעהן די שרעקליכע קראַפט, וואָס קאָן ערוואַכען אין דעם שטאַרבענדען האמלעט.

אין דער ענדע פון אונזער כאַראַקטעריסטיק פון האמלעט'ן, ווילען מיר אָנווייזען אויף נאָך איין סימפּאַטישען שטריך אין איהם — זיין זאָרג איבערצולאָזען אַ גוטען נאָמען נאָך זיך. כאָטש האמלעט איז אַ מיזאַנטראָפּ און אַן אַריסטאָקראַט, דאָך בעט ער אין דער לעצטער מינוט, אַז מען זאָל פאַרטיידיגען זיין גערעכניש, ווייל אין דער לעצטער רגע פיהלט ער זיין גרויסען צובונד צו דער מענשהייט. און די מענשהייט וועט איהם רעכטפערטיגען, ווייל דער העלד אין איהם האָט ענדליך באַזיעגט דעם סאָפיסט און ריטאָר.

שעקספּיר'ס טראַגעדיע איז ביז צום פאַרוואונדערען עלעגאַנט אין איהר פאַרטראַכטונג. דעם וואַקלענדיגען האמלעט ווערט אַנט־קעגענגעשטעלט דער ניט־וואַקלענדיגער, בלינדער לאַערטעס. שעקס־פּיר זאָגט אונז, אַז ער רופט אונז גאָרניט צוריק צו דעם צושטאַנד פון האַלב־חיות: ווי לייכט לאָזט זיך לאַערטעס פאַנגען פון קלאַו־דיוס'ן, ווי גרינג ווערט ער אומטריי, דאָס אַלץ דערפאַר ווייל ער האָט קיין פונק שכל ניט. האמלעט, באַזיעגענדיג זיין אינטעלעקט

און זיין געוויסען, האָט ער זיי ניט נאָר פאַרלאָזען, נאָר ער האָט געמאַכט, אז זיי זאָלען איהם פאָלגען, זיין איהם געהאָרכזאַם. עס איז אמת, וואָס עס זאָגט וועגען איהם פאָרטינבראַס:

וועןְ ער וואָלט לעבען
וואָלט ער געוועזען קעניג.

ניט צוריק, ניט צו לאַערטעסען דאַרף געהן האַמלעט, נאָר פאָר־אויס, און דאָס אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט און דורכגע־פיהלט וועט פאַרוואַנדעלט ווערען אין לעבעדיגען קאַפּיטאַל. א מענש אָבער, וועמען די ליידענשאַפט מאַכט בלינד און מאַכט פאַר א בהמה, וועט פאַרלאָרען געהן, ניט איבערלאָזענדיג נאָך זיך קיין נאָמען.

אין האָראַציוס'עס שלוס־ווערטער קאָן מען זעהן שעקספּיר'ס אויספיהרונגען.

דאַן וועט איהר הערען
פון בלוט, פון טויט, פון אומגעהערטע מעשים;
פון צופעליגען משפּט, ניט פאָראויסגעזעהענעם טויט,
פון פאַלשקייטען, וואָס זיינען אויפ'ן מערדער'ס קאָפּ
געפאַלען.

נו, ווער־זשע איז סוף־כל־סוף גערעכט? האַמלעט וואַקעלט זיך און טראַכט איידער ער געהט עפּעס באַשליסען. לאַערטעס שטרעבט פאָראויס, ווי א ווילדער אָקס. ביטרע צושטעלט קלאַודיוס זיינע נעצען... און דער שיקזאַל באַשליסט פאַר אַלעמען! דאַרפען מיר דען דערפון ניט דרינגען, אז פול מיט פעסימיזם איז דער גרויסער דראַמאַטורג? שלעגעל קוקט טאַקע אַזוי אויף דער דראַ־מאַ: איינער ווי איינער געהען פאַרלאָרען, אַלע זיינען שפּיעלצייג אין די הענט פון שיקזאַל. אפשר דאַרף מען אין באַצוג צום שיק־זאַל פאַרנעמען האָראַציאָ'ס לאַגע:

דו ביסט א מאַן, וואָס קאָן זיין לייד פאַרטראָגען;
א מאַן, וואָס נעמט דעם שיקזאַל'ס לייד און פרייד
און צאָהלט א גלייכען דאַנק. געבענשט איז דער
ביי וועמען הארץ און שכל געהען האַנד אין האַנד —

דו ביסט קיין אינסטרומענט אין שיקזאַל'ס הענד
אויף דיר צו שפּילען לויט דיין וואונש. באַווייז מיר
דעם מאַן, וואָס איז קיין שקלאַף ניט צו זיין ליידענשאַפט.

רעקאָמענדירט אונז ניט שעקספּיר אַלס פּאָזיציע אײן אַנ־געזיכט פון שיקזאַל — דעם סטאָאיציזם?

א מאַן, וואָס נעמט דעם שיקזאַלס לייד און פרייד

און צאָהלט דערפאַר א גלייכען דאַנק.

אָ, ניין! אויף האַמלעט'ס ביטע, ווען ער זעהט די אַלע אומ־גליקען, וואָס באַפאַלען די, וואָס רינגלען איהם אַרום, אַז מען זאָל איהם רעכטפערטיגען אין די אויגען פון די קומענדע דורות, שרייט אויס האָראַציאָ:

דו אורטיילסט פאַלש;
כ'בין מעהר אַן אַלטער רוימער, ווי א דענער;
ס'איז דאָ נאָך גיפט אין בעכער.

קיין שום זאַך, אבסאָלוט קיינע, בינדט איהם ניט צום לעבען צו. וויסענדיג זיין לעבענס אנשויאונג, בעט איהם האַמלעט, אַז ער זאָל צוליעב איהם פאַרבלייבען נאָך א ביסעל אין דעם יאָמער־טאַל. דאָס איז שוין גאָר ניט עהנליך אויף דאַנקבאַרקייט צום שיקזאַל! ניין, האָראַציאָ'ס פּאָזיציע, איז די פּאָזיציע פון פאַר־צווייפלונג.

וועלען מיר גלויבען שלעגעל'ן, אַז האַמלעט'ס גאַנצע גייס־טיגע ענטוויקלונג איז אומזיסט? אַז אַלע אַנטיילנעמער פון שעקס־פּיר'ס טראַגעדיע זיינען גלייך אומגליקליך און עלענד? זאָנדער־באַר, וואָס קיינער פון האַמלעט'ס קאָמענטאַטאָרען, אַלענפאַלס קיינער פון די, וואָס זיינען אונז באַקאַנט, האָבען ניט געזעהן דאָס, וואָס איז קלאָרער ווי דער טאָג. האַמלעט שטאַרבט. און מיט אַמאָל אין דעם זאַל, וואָס איז פול מיט בלוט, טרויער, טויט, פאַר־ברעכען, דערטראָגען זיך טריאומפירענדע, פריידיגע געזאַנגען:
דאָס קומט דער יונגער פּרינץ!
דער „צאַרטער פּרינץ“ האָט פאָרט זיך דערשלאָגען צו דעם,

וואָס ער האָט געוואָלט: באַקראַנצט מיט רוהם פון עהרע, קערט ער זיך זיעגרייך אהיים:

נאָר כ'זאָג פאָראויס: דער אויסוואהל פונ'ם פאָלק
וועט פאַלען אויפ'ן יונגען פאָרטינבראַס;
איך גיב פון קבר איהם מיין שטימע אָפּ.
דו וועסט איהם אַלץ וואָס ס'איז געשעהן גענוי
דערצעהלען.

אָט דער פרינץ, וואָס האָט אמאָל אויפגעברויזט האמלעט'ס נשמה — איז זיין נאַטירליכער יורש. צו די פאָרטינבראַס'ן באַלאַנגט דער טראָן און די וועלט! און האמלעט'ן ווילט זיך זעהר זיין באַרעכטיגט אין די אויגען פון דעם יונגען העלד. פאָרטינבראַס הייסט באַערדיגען האמלעט'ן, ווי אַ קריעגער, — דאָס איז דער גרעסטער כבוד אין זיינע אויגען:

זיין לויה
זאָל ווערען דורכגעפיהרט ווי ס'פּאַסט זיך פאר אַ קריגער.
נעמט צו די קערפּער; אזא שרעקענס־בילד
איז פאַר'ן שלאַכטפעלד בלויז; דאָ איז עס ווילד.

עס וואַרפט אָן אַ שרעק אויף פאָרטינבראַס'ן די גאַנצע אַטמאָספעריע פון אינטריגען און לומפּעריי'ען, די גאַנצע שרעקליכע דראַמאַ וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם שלאָס און האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך אזויפיעל לייכעס. ער איז צוגעוועהנט צו זעהן די טויטע קערפּערס פון שונאים און פריינד בלויז אויפ'ן שלאַכטפעלד, וואו דער טויט באַליידיגט ניט, דאָרט איז עס אַם פּלאַץ און פאַרשטענדליך.

דער שיקזאַל הערשט איבער אונז. עס איז קיין שום נוצען ניטאָ אין דעם פרוכטלאָזען חקירה'ן זיך, — אַ מענש איז באַשאַפען געוואָרען כדי צו האַנדלען, ער דאַרף באַשאַפען אַרום זיך אַן אומגעבונג פון קאַמף און העלדען־טאַטען, ווען אַנדערש, — איז ער

א חיה; אָבער דאָס הייסט ניט זיך איבערגעבען דעם בלינדען כעס, פומאכען די אויגען, פארשטאָפּען די אויערען און געהן וואו מען שטופּט איהם; דאָס הייסט, מען דארף זיין א פעלדמארשאַל, א סטראטעג, א באהערשער פון לעבען. באשלוסען דארפען גלייך אָנגענומען ווערען און גיך דורכגעפיהרט ווערען. אָבער ניט דער מח און ניט דאָס הארץ דארפען בלייבען שטום, — אלע סטרונעס פון דער מענשליכער נשמה דארפען ארויסברענגען הארמאָנישע אקאָרדען. דאָס איז שווער, זעהר שווער, אָבער דאָס איז די אויפ־גאבע. מעגליך, אז דו וועסט פארלאָרען געהן, וועסט זי אין צייט ניט לעזען, אָבער טו, וואָס דו קאָנסט, שטארב מיט עהרע און גיב איבער דיינע ערפאהרונגען דיינע ברידער־מענשען. דאָס איז די מאָראַל פון האמלעט. אָנצייגענדיג מיט א געניאלע האנט א נעגא־טיווען טיפּ, באשטימענדיג מיט א פיינעם חוש אויף דעם דיאג־נאָז, — האָט שעקספּיר אויך אָנגעמערקט די מעדיצין, דעם וועג צו גענעזונג, — אמת, בלויז אָנגעמערקט, אָנגעצייגט.

פיעל מעהר צו דער פּסיכאָלאָגיע פון א פּאָזיטיווען טיפּ האָט געגעבען א צווייטער ריעז פון דער נייער אייראָפּעאישער פּאָעזיע,— געטע אין זיין „פאוסט“.

4

## דאָקטאָר פאוסט.

היינריך איז אן אונמיטעלבארע נאטור. אויב ער געהט פאר־לאָרען צוליעב דער קאָמפּליצירטקייט פון זיין נשמה, איז די קאָמ־פּליצירטקייט פון א ריין עמאָציאָנעלען כאראקטער: א צו גרויסע עמפּינדליכקייט, ראפינירטקייט, צופיעל רחמנות און אונמיטעל־בארע ליעבע. די געשיכטע האָט ארייינגעלייגט אין פיעלע אוים־דערוועהלטע מענשען א צערטליכקייט, א רחמנות, וואָס איז געווען פרעמד דעם אנטיקען מענשען. האמלעט איז נאָך א מעהר קאָמ־פּליצירטע נאטור. יעדער פאקט רופט ארויס אין איהם א וועלט מיט געדאנקען, זיין ווילען ווערט קאָנטראָלירט דורך זיין קריטישען בליק און א דאנק דעם, איז זיין באציהונג צו דער וועלט א טיעפע,

אַ דורכגעטראַכטע און ניט אַ קינסטלעריש־ברוויזענדע, ווי ביי היינ־ריך'ן.

דאָס שטרעבען צו ערקענטניש און דער אַנאַליטישער שכל האָבען אַ גרויסע פאַרדיענסט פאַר דער מענשהייט, כאָטש זיי האָבען אַ ביסעל פּאַראַליזירט דעם ווילען. דאָס וויכטיגסטע איז, אַז דער פאַרשטאַנד דאַרף זיך געפינען אין אַן אונטערגעאָרדנעטער לאַגע. ערקענטניש איז נעווען דער ציעל פון דאָקטאָר פאַוסט'ס לעבען. ווער ווייס, אפשר איז ער נעווען אַ פּראָפעסאָר אין יענעם אוני־ווערסיטעט, וואוהין עס האָט זיך געריסען האַמלעט. מעגליך, אַז האַמלעט האָט אויך אַמאָל גע'חלום'ט וועגען אַן איינזאַמען קאַ־בינעט? וואָלט זיך האַמלעט באַנוגענט מיט אַזאַ לעבען? וואָלט ער געוואָרען אַ צווייטער וואַגנער? עס איז אַ גרויסער צווייפעל! מיר קענען זיין צווייטע, זיין העראָאישע, אומרוהיגע נשמה און עס איז גאַנץ מעגליך, אַז זי וואָלט רעוואָלטירט געגען דעם, און וואָלט זי רעוואָלטירט און נאָך פריהער פיעל העכער אויסגעוואַקסען, וואָלטען מיר געהאַט עפּעס ענהליכעס צו פאַוסט'ן. אמת, האַמלעט'ס העראָאישע נשמה דאַרף נאָך פיעל אויסוואַקסען, כדי צו קריגען יע־נעם טיטאַנישען פאַרנעם, מיט וועלכען עס צייכענט זיך אויס פאַוסט'ס שטורמישע נשמה.

געטע'ס טראַגעדיע האָט אַזאַ רייכען אינהאַלט, דאָס איז אַזאַ אוצר פון חכמה, אַז צו די צעהנדליגע קאָמענטאַרען וואָס עקזיסטירען שוין, וועלען זיכער צוקומען נאָך הונדערטער און יעדער איינער וועט אין איהר געפינען נייעס. מיר האָבען מורא היננעריסען צו ווערען מיט די פּראַכטפולע בלומען פון געטע'ס גאָרטען, מיר וועלען זיך באַשרענקען בלויז אויף אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיקען פון פאַוסט און מעפיסטאָפעל און מיט די וויכטיגסטע מאָמענטען פון פאַוסט'ס גייסטיגער ענטוויקלונג, ד. ה., מיט דעם, וואָס איז נויטיג כדי צו ערקלערען אַ פּאָזיטיווען טראַגישען טיפּ.

ווער איז אַזוינס פאַוסט? אין פּראָלאָג זאָגט גאָט, אַז ער איז זיין קנעכט, אויף וואָס מעפיסטאָפעל ענטפערט, אַז עס וועקט אָבער אין איהם זיך אויף עקעל צו זיין שיקזאַל, אַז עס ציהט פאַוסט'ן מיט אַן אומפאַרשטענדליכער קראַפט די ווייט; אַז ער וויל אויף דעם הימעל זעהן אַ בעסערע זון און אַל דאָס גליק

גענׅיסען אויף דער ערד. אז עס איז קיין זאַך איהם ניט נאָהענט און טייער און קיינער קען זיין וועהטאָג ניט פארשטעהן.

ליידענשאַפטליכע פארלאַנגען און שטענדיגע אומבאַפרידיגונג זיינען די וויכטיגסטע שטריכען פון פאוסט'ס כאַראַקטער. פיעל שענקען באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו דער טאָפּעלטקייט פון זיינע שטרעבונגען, אויף דעם, וואָס עס ציהט איהם צום הימעל און צו דער ערד, אויף די צוויי נשמות, וואָס לעבען אין איהם.

פאוסט אליין באַשטעטיגט עס. ער זאָגט אליין, אז צוויי נשמות לעבען אין איהם, איינע פרעמד דער צווייטער, איינע, ווע־מען עס איז נאָהענט די ערד און די צווייטע, וואָס שוועבט ארום דאָרט, וואו גייסטער שוועבען ארום.

אָבער, באַשטעהט דען טאַקע פאוסט'ס עצם, יסוד, אין דער טאָפּעלטקייט פון זיין נשמה? באַשטעהט דען די וויכטיגקייט פון דעם מענשען אין זיין שטרעבונג צום הימעל, אין מיסטיציזם? גע־ווים ניט! א ביסעל שפּעטער זאָגט טאַקע פאוסט, אז דאָ, אויף דער ערד, לעבען זיינע שטרעבונגען און איהם אַרט ניט, וואָס עס קומט פאַר דאָרט אויף די הימלען און וואָס עס וועט זיין שפּעטער.

דאָס דאָזיגע געפיהל האַלט אין איין וואַקסען אין פאוסט'ן און בילדעט א גרויסע טייל פון יענער חכמה צו וועלכער ער איז געקומען אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען. ביז דער לעצטער רגע פון זיין לעבען רייסט ער זיך אַלץ מיט א פיבערדיגער אומרו־היגקייט, אָבער שוין לאַנג האָבען זיך זיינע ביידע נשמות צוזאַמענ־געגאָסען אין איינער. דער ראָמאַנטישער אידעאַליזם איז געוועזן, אזוי צו זאָגען, פאוסט'ס יוגענד־קראַנקהייט, אזוי איז ער אויך גע־ווען געטע'ס. האַלטען אין איין ווידערהאָלען פאוסט'ס ווערטער וועגען „צוויי נשמות" און זעהן אין דעם אמת'ן טראַגיזם קאָן נאָר יענער, וואָס איז נאָך גייסטיג א קינד.

אן אנדער קוואַל פון פאוסט'ס ליידען איז דאָס, וואָס דער גייסט איז אונמעכטיג איבער דער דרויסענדיגער נאַטור. דער אונמיטעלבאַרער איינפלוס פונ'ם גייסט אויף דער מאַטעריע איז מאַגיזם און געטע באַמערקט ספּעציעל פאַר די הערען ראָמאַנטיקער, אז די אבוועזענהייט פון מאַגישע קרעפטען ביי א מענשען, איז נאָך אַלץ קיין אומגליק ניט.

דאָס וואָס פאוסט נעמט אָן פאר ליידען — זיין גרויסע ליי־דענשאַפט אַלץ איבערצולעבען, צו פיהלען, דאָס איז דער דורשט נאָך מאכט, ווילען און לעבען! ניט נאָר דאַרף מען עס ניט טוי־טען אין זיך, פארקערט, מען דאַרף עס ענטוויקלען אין זיך! די פעהלערען וועלען ארונטערפאַלען און עס וועט בלייבען די ריינע שטרעבונג צום שאַפען.

הייסט עס, אַז פאוסט'ס אומבאַפרידיגונג איז ניט עפּעס אנ־דערש, ווי אַ פּראָדוקט פון דער פולקייט פון זיין לעבען. אייב אַזוי האָט פאוסט פריהער פאר אַלץ אַ שטאַרקען ווילען. אַ ווילענ־לאָזען מענשען וואָלט דאָס דער'הרג'עט, ער וואָלט געענדיגט מיט זעלבסטמאָרד אָדער מיט פרוכטלאָזער טרוימעריי, גיפטיגער קרי־טיק; אָבער פאוסט צו אַלעם ערשטען איז אַ מענש פון ווילען, אַן אקטיווער מענש. דער ווילען צום לעבען אין אַ פאָרם פון אונמי־טעלבארער ליידענשאַפט באַזיעגט ביי איהם אַלע איבריגע קרעפ־טען פון זיין קאָמפּליצירטען גייסט.

„עס איז געשריבען, — זאָגט פאוסט, — אַז אין אָנפאַנג איז געווען דאָס וואָרט. איך קען אַזוי הויך ניט שטעלען דאָס וואָרט. איך וועל דעם טעקסט פאַרריכטען, אַז אין אָנפאַנג איז געווען דער געדאַנק. מיר דאַכט זיך, איך האָב ווידער אַ טעות, דער געדאַנק קאָן ניט אַלץ באַשאַפען. ניין, פאַר דעם אָנפאַנג פון אַלעם דאַרף מען אָננעמען די קראַפט. איך האָב ווידער אַ טעות, אין אָנפאַנג איז געווען די טאַט."

די טאַט, דער פאַקט, די זאַך איז דער עצם פונ'ם זיין; צום ערשטען גערט ביי פאוסט'ן די טאַט, דערנאָך קומט די איבערליי־גונג, טיילמאָל — חרטה, — דער דאָזיגער פּראָצעס באַרייכערט זיין נשמה מיט נייע אוצרות פון חכמה, מאַכט דעם ווילען איידעלער, ערהאבענער, אָבער גראָבט קיינמאָל ניט אונטער פאוסט'ס ליידענ־שאַפטליכע אקטיוויטעט.

אַן אומגעשטילטער לעבענס־באַגעהר און אַ שטאַרקער, ליי־דענשאַפטליכער ווילען זיינען די יסודות פון פאוסט'ס נשמה; דאָך צוזאַמען דערמיט האָט ער אַ צערטליך האַרץ, ווי היינריך און אַ ראַפינירטען קאָפּ, ווי האַמלעט. וואָלט עס אַזוי ניט געווען — וואָלט פאוסט געווען אַ פּשוט'ער אַוואַנטוריסט אָדער אַ דאָן זשואַן.

פיעל באשטעטיגונגען דערצו וועלען מיר האָבעןביים ווייטערדיגען אנאליזירען די דראמא. איצט וועלען מיר זיך פארנעמען מיט מעפיסטאָפעלען, מיט דער צווייטער, מיט דער נעגאטיווער זייט פון דער מענשליכער נשמה.

די אייביגע בענקשאפט נאָך העכערע לעבענס-פאָרמען, איז דער וויכטיגסטער שטריך פון פאוסט'ן. דאָס פארלייקענונג פון לעבען, דער פינסטערסטער ניהיליזם — מעפיסטאָפאָל'ס עצם.

מעפיסטאָפאָל'ס ספעציאליטעט איז צו שטערען די הויכע שטרעבונגען פון די מענשען, באוועגען זיי, אז זיי זאָלען א מאָך טאָן מיט דער האנט אויף אלע חלומות, צווינגען זיי אָנצוכאפען זיך אָן די רגע'ס פון גענוס און גלייך צו זיי א געשריי טאָן „גענוג!"

מעפיסטאָפעל פרעדיגט די פרייד פון לעבען און צושטערט די פרוכטלאָזע טרוימערייען.

איז עס ניט זאָנדערבאר, וואָס דער מלאך פון פארניכטונג, דער אָנהענגער פון דעם גרויסען „גאָרנישט" שפעט אָפּ פון די וואָס טרוימען? דאָ זעהט זיך אַרוים די טיעפקייט פון געטע'ס געדאנק, אז צופרידענהייט, דאָס בליהענדע לעבען, חיה'שע גליקזעליגקייט איז דער אָנפאנג פון סוף, אז דאָס באדייט, אז די שאפונגס-קראפט אין איהם איז שוין אויסגעטריקענט געוואָרען, אז אָפּגעשטעלט האָט זיך שוין דאָס שטרעבען פאָראויס און אז עס רוקט זיך אונטער איבערזעטיגונג, אידיאָטיזם, דעקאדענץ און צוזאמען דערמיט בודא'ס שאָטען מיט זיין אייביג טרויעריגען שמייכעל. מעפיסטאָפאָל ווייסט דעם וועג, וואָס פיהרט צו אייביגער פינסטערניש, אָבער דער מענש קען זיך בארוהיגען אויף אָן ענטגעגענגעזעצטען פונקט: קאָן דערטרונקען ווערען אין דער באטראכטונג פון אייביגע אמת'ן, ווערען א פאסיווער אידעאליסט. דער טייוועל פארשטעהט ניט, אז דאָס איז ווינט פאר די פליגלען פון זיין מיהל; אין פאסיווען פלאַטאָניזם זעהט ער נאָך אלץ עפּעס העכערעס, פאזיטיוועס און ביטער פאלט ער אויף דעם אָן, ער באווארפט מיט שמוץ, אלץ וואָס איז הויך, ער שפעט אָפּ פון ריינקייט, פון עקסטאז, פון דער עסטעטישער פאראייניגונג מיט דער נאטור און אין דער זעלבער צייט צופלאקערט ער אין דעם מענשען חיה'שע ליידענשאפטען. נארישער טייוועל! דער אמת'ער מענש וועט קאָנען פאראייניגען דעם

קאלטען אידעאליזם מיט'ן פייער פון ליידענשאפט, און דעם ברע־נענדיגען חושך פון ליידענשאפטען וועט ער באלויכטען מיט'ן פייער פון אידעאל.

מעפיסטאפעל איז א נארישער טייוועל, ניט קוקענדיג אויף זיין שרעקליכען שכל.

וועלענדיג פאנגען פאוסט'ען אין זיין נעץ, ווערט מעפיסטא־פעל זיין דיענער; דער פראזאאישער, ציניש־פראקטישער שכל איז געווארען א מעכטיגע וואפע אין פאוסט'ס הענט, אין די הענט פון דעם, וואס ארגאניזירט דאס לעבען דא, דא אויף דער ערד.

איצט בלייבט אונז איבער נאכצופארשען די וויכטיגסטע מא־מענטען פון פאוסט'ס ענטוויקלונג, ווייל בלויז אין זיי קאן מען זעהן זיין כאראקטער.

נאך דעם לאנגען פעריאד, וואס ער האט אפגעגעבען צו דער־קענען דעם עצם פון לעבען, נאך ביטערע ענטוישונגען, נעמט פאוסט'ס נשמה ארום א געפיהל פון קאמף, ער וויל אנטלויפען פון דעם אלעם, ער וויל קעמפען מיט די שטורעמס, ער וויל א נייע, וואונ־דערבאר העל לעבען.

אזוי זיפצט זיין נשמה. און דער שיקזאל גיט איהם א מעג־ליכקייט צו פארזוכען דאס לעבען. מעפיסטאפעל איז צופרידען, וואס דער פארלאנג נאך לעבען האט זיך צופלאמט אין פאוסט'ן, — מען דארף איהם נאך שטארקער פאנאנדערברענען. דער פארלאנג נאך לעבען איז אין מעפיסטאפעל'ס אויגען, פריהער פון אלץ, תאוה.

אבער פאוסט דערשרעקט איהם גלייך מיט'ן פארנעם פון זיינע פארלאנגען.

פאוסט וויל, נאך דעם, ווי ער וועט פארלעשען זיין ליידענ־שאפט, פארזינקען אין הערליכע טרוימען; ער וויל, אז דאס לע־בען זאל לויפען, אזוי ווי א פייל פון בויגען, זאל עס זיין גליק, אדער אומגליק; ער איז א מענש און איהם איז פרעמד רוה, ער זוכט ניט קיין פרייד; פארבארגענדיג טיעף אין זיך די ליעבע און די נשמה, עפענט ער אויף זיין הארץ פאר אלע ליידען; דאס מענש־ליכע לעבען, אט דעם גאנצען יאמער־טאל, וויל ער אויספארשען, ער וויל אריינדרינגען אין אלע געהיימניסען פון מענשליכען לעבען און דערפיהלען די גאנצע טיעפקייט פון זייער פרייד און פיין; ער

ווייל אַז זיין נשמה זאָל אריינדרינגען אין די מענשענס נשמות און מיט זיי צוזאַמען אין שטויב פאַרוואַנדעלט ווערען.

מעפיסטאָפעל ווערט דערשראָקען. אין די דאָזיגע ווערטער פיהלט זיך דער אומרוהיגער שאַפונגס־גייסט. ער פּרעדיגט פאוסט'ן געמעסיגטקייט.

נאָר דאָס שרעקליכע וואָרט „אָבער איך וויל!" ליעגט אַלץ אויף פאוסט'ס ליפּען. מעפיסטאָפעל דרעהט זיך אין אַלע זייטען, מען דאַרף צוברעכען דעם דאָזיגען ווילען, דאָס גיגאַנטישע, דורש־טיגע וואָרט „איך וויל!", מען דאַרף דערמאָנען דעם מענשען, ווי עס טוט עס אָפט דער פּראַקטישער שכל, זיין אָרט. מען דאַרף איהם דערמאָנען, אַז נאָך אַלעמען איז ער ניט מעהר ווי אַ מענש.

דערפון איז געדרונגען, אַז מען דאַרף וואָס פרעהליכער דורכ־געהן דאָס לעבען, ווייל דאָס לעבען איז דאָך אייגענטליך ניט פיעל ווערט.. וועט דען דאָס קינד פון סקעפּטיציזם, דאָס יאָגעניש נאָך לייכטע פאַרגעניגענס ניט קאָנען באַהערשען פאוסט'ן? ער איז דאָך שוין ענטטוישט אין דער וויסענשאַפט!

ס'אַרא טעות דער טייוועל האָט געמאַכט! ער מעג אפילו מאַטערען פּאוסט'ן מיט ערדישע פריידען, אָבער מיט־אַמאָל וועט ער אין אָט די ליידען דערקענען זיין גליק, און אַ כאָר פון מלאכים וועט דעם נאַרישען טייוועל אויפזינגען, אַז זייער ברודער, נאָכ'ן גייסט, איז ערלייזט, אַז דער שטן איז אויסגעלאַכט, און ווער עס קעמפּט אַזוי, ווי ער, פאַרדיענט אייביגען לויב.

אָבער אפילו מעפיסטאָפעל אַליין האָט ניט גע'חלום'ט צו פאַרוואַנדלען אומבאַדינגט פּאוסט'ן אין זיינעם אַ קרבן. ער האָט אַ גוטען מיטעל — די ליעבע. ליעבע — די חיה'שע ליידענשאַפט, דער עגאָאיסטישער גענוס, איז אָפט פאַרבונדען מיט דער פאַרניכ־טונג פון אַ צווייטען וועזען, צו וועלכען מען באַציהט זיך בלויז ווי צו אַ קוואַל פון חיה'שען פאַרגעניגען, אָבער צוזאַמען דערמיט איז אין דער ליעבע פאַראַן עפּעס אונערדישעס, פאַר'כשוף'טעס. פּאוסט'ן וועט זיין שווער צו קעמפּען געגען דער ליעבע. מען דאַרף איהם אומקערען די יוגענד מיט איהר אונמיטעלבאַרער לייִדענ־שאַפט און פאַרלאָקען איהם מיט פרויען־שעהנהייט. די דייטשע קאָמענטאַטאָרען בלייבען שטעהן פאַרלאָרענע פאַר פּאוסט'ס אונ־

ערוואַרטעטער „צולאַזענקייט". אין אמת'ען, ס'אַרא ווערטער ער רעדט!

פ אַ ו ס ט: דו דאַרפסט מיר זעהן צו קריגען דאָס מיידעל.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל: וואו איז זי?

פ אַ ו ס ט: כ'האָב איהר נאָר וואָס באַגעגענט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל: איך בין מיט איהר צוזאַמען היינט פון דער קירך אַהיימגעגאַנגען, וואו זי האָט זיך פאַר'ן פריעסט מתודה געווען אויף איהרע זינד. איך האָב זיך צוגעזעצט און איינגעהערט זיך. זי איז אומזיסט געגאַנגען זיך מתודה זיין, ווייל זי איז ריין, אומשולדיג, כאָטש זי איז זעהר שעהן — און איך, מיין פריינד, האָב איבער איהר קיין שליטה ניט.

פ אַ ו ס ט: וואָס, זי איז דען נאָך קיין פערצעהן יאָהר ניט אַלט?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל: אַזוי האַנדעלט בלויז אַ דאָן־זשואַן, ווען ער וויל עפּעס בעקומען, איז ער גרייט אויף אַלץ; אָבער ניט שטענדיג איז דער זיעג אויף זיין זייט.

פ אַ ו ס ט: אָ, דו טוגענד־אויפזעהער! לאָז איבער אַלע הייליגע געבאָטען און וויים — אז איצט אָדער קיינמאָל ניט! וויים, אויב דו קומסט ניט מיט איהר אהער היינט ביי נאַכט — זיינען מיר אויף אייביג פרעמדע איינער פאַר'ן צווייטען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל: מיין פריינד, דאַרפסט מיר געבען אַם ווייניגסטענס אַ מאָנאַט צייט, אז עס זאָל זיך מאַכען אַ געלעגענהייט.

פ אַ ו ס ט: ווען איך זאָל האָבען אַ פּאָר שעה רוה, וואָלט איך געקאָנט עס אליין בעזאָרגען און נישט געדאַרפט נעמען אַ טייוועל פאַר אַ שותּף.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל: זיי ניט בייז אויף מיר, אָבער דו נעמסט אַלץ לייכט, ווי אַ פראַנצויז. עס ליעגט קיין גרויסע פרייד אין נעמען און גלייך הנאה האָבען. וואָלט ניט בעסער זיין באַקענען זיך, אַרומשלעפּען זיך, מאַטערען זיך אַ ביסעל, ווי עס רעדט זיך אין די ראָמאַנען.

פ אַ ו ס ט: איך האָב אַזוי אויך אַ גוטען אַפּעטיט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל: אָהן וויצען! מען דאַרף ניט זיין

צו הייס, מען דאַרף די זאַך גוט איבערטראַכטען, — מיט גוואַלט וועט מען דאָ גאָרנישט אויספיהרען, מען דאַרף מיט ביטרעקייט צוגעהן צו דער זאַך. אָבער זעה, ווי טריי איך דיען דיר, נאָך היינט וועל איך דיך ברענגען אין איהר געצעלט אריין.

פ א ו ס ט: צו איהר? כדי זי צו באַזיצען?

דאָס איז דאָך ציניזם! מעפיסטאָפעל צוגעהט זיך פאַר נחת פון זיין שילער. ווי אַזוי האָט אַן אידעאַליסט געקאָנט דערגעהן צו אַזאַ ציניזם? די דייטשע קאָמענטאַטאָרען שאָקלען מיט די קעפּ: „אַי, אַי, אַי!“. איין געעהרטער קאָמענטאַטאָר פיהרט אויס, אַז פאַוסט איז געוואָרען אויסגעלאַסען, און אַזוי ווי ביי געטען ווערט גאָרנישט געזאָגט, דאַרף מען אָננעמען, אַז די סצענע אין דער מכשפה'ס קיך דאַרף סימבאָליזירען אַן אונאויפהערליכע אויס־געלאַסענקייט.

אָ, ווי טיעפזיניג! מיר מיינען פשוט, אַז צוזאַמען מיט זיין יוגענד, האָט פאַוסט באַקומען די גאַנצע לייכטזיניגקייט פון דער יוגענד, נישט מעהר. נישט די אויסגעלאַסענהייט רעדט מיט פאַוסט'ס ליפּען. ער זעהט א פרוי אין דער גאַס, זי געפעהלט איהם. ער זוכט אַלץ נייע פאַרגעניגענס, ער באַגעהרט זי. אָבער עס איז גענוג, אַז פאַוסט זאָל אריינקומען אין גרעטכענס צימער, עס איז גענוג, אַז ער זאָל איינזאַפּען די קינדישע, נאַאיווע ריינקייט, עס איז גענוג, אַז ער זאָל זיך פאָרשטעלען איהר יוגענד, איהר פאַ־מיליען אומגעבונג, אַז אין זיין הארץ, וואָס איז ניט וויניגער צאַרט, ווי היינריך'ס, זאָל זיך אָנצינדען א טיעפער מיטגעפיהל צו דער מיידעל, וואָס איז מיט א שעה צוריק געווען איהם א פרעמ־דע, וואָס איז מיט א שעה צוריק געווען בלויז א שפּיעלצייג, וואָס איהם האָט זיך געוואָלט עס צו צוברעכען.

וואָלט פאַוסט געווען היינריך, וואָלט ער באמת אוועקגעגאַנ־גען און קיינמאָל זיך ניט אומגעקערט, אָבער ער האָט א ליידענ־שאַפטליכע הייסע, אַקטיווע נאַטור, און דער געדאַנק וועגען גרעט־כען איז א זינליכער, א הייסער, וואָס בריהט מיט זיין פאַרבאָטע־נעם גענוס, און דער דאָזיגער געדאַנק פאַרפאָלגט איהם.

די דאָזיגע ליידענשאַפט לעשט זיך קיינמאָל ניט אויס אין איהם; און לעשט זי זיך אויס אויף א צייט, איז עס בלויז כדי

אויפצופלאַמען מיט אַ גרעסערער קראַפט. אָבער ער בלייבט שטענ־
דיג, לויט מעפיסטאָפעל׳ס אויסדרוק, „איבערזינגליך זינליך“, ווייל
זיין טיפער מיטגעפיהל און זיין צערטליכקייט וואקסען אין זיין
הארצען צוזאַמען מיט דער ברענענדיגער ליידענשאַפט.

„וואָס האָט מיך געבראַכט אהער? — פרעגט פאוסט — אָ,
גאָט, ווי טיעף איך בין געריהרט. וואָס וויל איך? וואָס ליידט
אזוי מיין הארץ? אזוי ווי איך וואָלט געווען באהערשט פון אַ
כשוף בין איך אהער געגאַנגען בלויז כדי צו געניסען. און בין
איך אהער געקומען, איז ס׳הארץ פון טרוימערייען פארשמאַכט
געוואָרען. בין איך דען אַ שפּיעלצייג אין די הענד פון דעם בלינדען
שיקזאל? ווי וואָלט איך זיך פארשעמט פאַר מיינע געדאַנקען,
ווען איך וואָלט זי איצט דערזעהן. מיט אַ רגע צוריק בין איך
געווען אַן אומפארשעמטער יונג, און איצט בין איך גרייט צו פאַ־
לען צו איהרע פיס“.

די גאַנצע נאַאיווע, ליעבע פּלוידעריי פון דעם אומענדליך ליע־
בען קינד ברענגט איהם אריין אין באגייסטערונג, ווייל עס וועקט
אויף רחמנות, צערטליכקייט, ווי אַלץ, וואָס איז גוט, שוואַך, ריין,
אָבער — וואָס ברעכט זיך לייכט.

„בלויז איין איינציג וואָרט דיינס, — זאָגט פאוסט, — בלויז
אַן איינציגער בליק דיינער איז פאַר מיר רייצענדער ווי די גאַנצע
ערדישע חכמה. פאַר וואָס ווייסט נישט די פשטות, די אונשולד,
ווי זי איז אונשעצבאַר און הייליג?“

גיך, פונקט ווי אַ בליץ, לויפט פאַרביי די זיסע פּאָעמאַ
פון דער ערשטער ליעבע! וויפיעל איז אין דעם פאַראַן פּאָעזיע!
און ס׳אַרא וואונדערבארער מייסטער איז געטע געווען! מען דארף
לעזען די שורות ביז יעדע דרינגט אריין אין אונזער הארצען, ווי
דער קול פון אייגענע עראינערונגען, ווי דער קול פון דעם יונגען,
פרישען עבר, וואָס מען לעבט נאָר איינמאָל איבער.

פאוסט וואקסט דורך זיין ליעבע. די נאַטור, וואָס איז פאַר
איהם געווען ביז איצט אומפארשטענדליך, עפענט זיך פאַר איהם.
אַ געפיהל פון הייסער דאַנקבארקייט פאַר׳ן לעבען פילט איהם אָן.
אָבער וואָס העכער עס הויבט זיך אויף זיין נשמה, אַלץ קראַנק־
האפטער ווערט זי: פארניכט ער דאָך דאָס דאָזיגע וועזען, איז דאָך

דער שורש פון דעם אַלעם די בלינדע, אונערזעטליכע טירישע ליי־דענשאַפט! אפשר בעסער איז אנטלויפען? די קאָמענטאַטאָרען נעמען אָן, אז די סצענע „אין טאָל פון וואלד" קומט פאַר פאַר ג־עטכענס פאַלען. די קאָמענטאַטאָרען זיינען שרעקליך נאאיוו, פונקט ווי אַלטע מוידען.

„מיין ליידענשאַפט לעש איך אוים מיט געגוס,

און, געניסענדיג, פלאַמט ווידער אויף מיין ליידענשאַפט".

די דאָזיגע שפראַך איז אַפּנים, אומפאַרשטענדליך פאַר דייט־שע קאָמענטאַטאָרען.

די דאָזיגע ליידען, די דאָזיגע צווייפלען מאכען אומרוהיג מעפיסטאפעלען. פון וואנען נעמט זיך דער טרויער, די אַלע אויסברוכען?

און מיט'ן גאַנצען כח פון זיין צושטערענדען סאַרקאַזם, וואַרפט ער זיך אויף די אידעאַליסטישע, פּלאַטאָנישע, פאַר'חלום'־טע אויסברוכען פון פאַוסט'ן, מיט זיין גיכען צונג רייצט ער פאַוסט'ס זינליכקייט.

און פיהלענדיג זיין פאַרברעכען, און פיהלענדיג די שעדליכ־קייט פון זיין ליידענשאַפט, צולאָזט זיך פאַוסט, אין זיין יעדען וואָרט פיהלט זיך זיין פייערדיגער ווילען; די אקטיווע ליידענ־שאַפט, דער דורשט נאָך לעבען באַזיעגט אַלע, כאָטש דאָס געוויסען רעדט גאַנץ הויך און דער פאַרשטאַנד ווידערהאָלט זיינע פאָרוואור־פען.

די טראַגעדיע פון דער ליעבע וואַקסט. מאַרגאַריטאַ איז אין גאַנצען ליעבע. אויסער דער ליעבע בינדט איהר קיין זאַך ניט צו־זאַמען מיט פאַוסט'ן, און אויסער דעם האָט זי אויסער דער דאָזי־גער ליעבע קיין שום זאַך ניט אויף דער וועלט, אָבער פאַוסט, וואָס האָט זי נאָך ליעב, רייסט זיך שוין אין דער ברייטער וועלט אריין, ער גאַרט נאָך אַ ניי לעבען.

זיי לעבען אין פאַרשיידענע וועלטען; דאָס איז דער שורש פון יעדער ליעבעס־טראַגעדיע. מיט וואָס לעבט ער? ער האָט אַנדערע געפיהלען, געדאַנקען, אַן אַנדער גאָט! דאָס איז שרעק־ליך! די נאאיווע גרעטכען באַמיהט זיך צו בויען אַ בריק צווישען איהר גלויבען און פאַוסט'ס. אָבער זי פיהלט, אז אין פאַוסט'ן איז

דאָ צופיל פון מעפיסטאָפעל׳ן, צופיל אונגלויבען, קריטיק, און איהר ווערט שרעקליך, שרעקליך.

מאַרגאַריטאַ גיט אוועק אונצוטיילבאַר איהר גאַנץ לעבען פאַוסט׳ן. אוועקנעמענדיג זי פון איהרע נאָהענטע, פון איהר קרייז, אַרויסרייסענדיג זי פון דער גאַנצער וועלט, האָט פאַוסט זי אַריינ־געצויגען אין דעם שטראָם פון זיין לעבען. אַלץ, וואָס איז געווען נאָהענט צו איהר, איז אויפגעשטאַנען, געפּרוואווט צו קעמפען און... פאַרניכטעט געוואָרען אויף אַ פּאַטאַלען אופן פונ׳ם צוזאַמענשטויס מיט׳ן גיגאַנט, און דאָס בלוט פון די פאַרניכטעטע איז געפאַלען אויף מאַרגאַריטאַ׳ס קאָפּ. דאָס זיינען די דירעקטע פאָלגען פון דער ליעבע, וועלכע איז נאָר אַן עגאָאיסטישע ליידענשאַפט, אַ טיי־רישע ליידענשאַפט. אָבער גראָד די טיפענישען פון די דאָזיגע ליידען, וואָס זיינען דורך דער ליעבע געבאָרען געוואָרען, וועט אויפהויבען פאַוסט׳ס נשמה, טיעפער מאַכען זי, דיענען פאַר אַ לייטער צו העכערע פאָרמען פון לעבען.

אין אָנפאַנג באַווייזט זיך די ליעבע צו פאַוסט׳ן אין געשטאַלט פון פרויען־שעהנהייט, אין געשטאַלט פון אַן אבסטראַקטער, באַ־גערטער פרוי.

דערנאָך אין דער געשטאַלט פון דער קאָנקרעטער, פּראַכטפו־לער גרעטכען, וועלכע ער ליעבט מיט זיין לייב און נשמה, און וועל־כע ער האָט פאַרברענט מיט זיין ליידענשאַפט. ווייל זי איז בלויז געווען אַ שמעטערלינג, און ער — אַ ברענענדיגער פאַקעל. און ענדליך באַווייזט זיך פאַר איהם די ליעבע אין דער געשטאַלט פון אַ בילד, וואָס איז פול מיט אומערקלערבאַרען טרויער. די ליעבע איז אַ צו־זאָנדערבאַר געפיהל; ביי שטאַרקע נאַטורען איז עס פאַרבונדען מיט ליידען, — שאָפּענהויער׳ס שרעקליכער אורטייל וועגען דער ליעבע, ווערט אָפט באַשטעטיגט אין לעבען. מיר זיי־נען ווייט פון דעם געדאַנק, צו האַלטען יעדע ליעבע פאַר אומבאַ־דינגט טראַגיש. אָבער די טראַגישע ליעבע, די ליעבע וואָס גרענעצט זיך מיט טויט און פאַרצווייפלונג, פאַרנעמט זעהר אָפט אַ גרויסען אָרט אין דעם לעבען פון שטאַרקע נאַטורען.

לויט געטע׳ס מיינונג, האָט די שרעקליכע טראַגעדיע, וואָס האָט פּאַסירט מיט גרעטכען, אויפגעהויבען פאַוסט׳ס נשמה. ניט

נאָר איז ער ניט פאַרלאָרען געגאַנגען, פאַרניכטעט געוואָרען, נאָר ער איז דורכגעגאַנגען דורך אַלע ליידען און איז געוואָרען אומדער־גרייכבאַר הויך. גרעטכען'ס ליעבע איז געבליבען פאַר איהם אויף אייביג עפּעס, וואָס הויבט אויף, ווי מען זעהט עס פון דעם סימ־באָלישען עפּילאָג. דורך זיין גאַנצער שטורמישער קאַריערע דער־מאָנט אָפּט פאַוסט דעם גליקליכען און פיינליכען חלום פון זיין ערשטער ליעבע.

פאַוסט'ן איז געלונגען זיך אויסצוהיילען פון דעם שרעקליכען באַוואוסטזיין פון שולד, פון טרויער און מיטלייד מיט דער הילף פון דער אַלץ היילענדער צייט און, פריהער פון אַלץ, אַ דאַנק זיין לעבענס־באַגער, וואָס האָט איהם, ווי אַ מעכטיגער שטראָם, דורכ־געטראָגען דורך אַלע ליידען.

„דעם פאָרוואורפ'ס ברענענד־בייזע קויל נעמט ארויס,
וואשט אָפּ פון גייסט דעם דונסט פון פריהער־דיגע טעג!"

זינגט איבער איהם דער מלאך און די קליינע גייסטער, אריינגיסענ־דיג אין זיין הארץ אַ היילענד באַלזאַם, וועקען איהם אויף צום לע־בען.

און פאַוסט ערוואַכט פאַר אַ ניי לעבען.

ניך איז ער דורכגעגאַנגען דעם לעבענס מאַסקאַראַד, ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס געלד איז זיין געהיימע שפּרינג־פעדער. דאָס געיעג נאָך גענוס — זיין ציעל; אַז די גאַנצע, אַזוי־גערופענע, געזעלשאַפט איז פאַרפוילט, אונזיניג, קליינליך, און וועט אומפאַר־מיידליך פאַרניכטעט ווערען. אין דעם בילד פון דער געזעלשאַפט, וואָס געטע מאָלט, זעהען מיר די פראַנצויזישע געזעלשאַפט פון פאַר דער רעוואָלוציאָן. דער טייל „פאַוסט", דוכט אונז, איז דער ווייניגער באַדייטענדער. אָבער צווישען די פאַרגעניגענס און פאַר־ווײלונגען פון אָט דער דאָזיגער עלענדער געזעלשאַפט, פון וועלכער פאַוסט איז געוועזן גרייט זיך אָפּצוטרייסלען, האָט ער צופעליג גע־טראָפען אַ ערליך־טיעפע ערשיינונג, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט זיין נשמה — די קונסט. די ריינע קונסט — העלענא — האָט אָנגעפילט זיין נשמה. מיט זיין געוועהנליכער ליידענשאַפט, מיט זיין געוועהנליכען ענטוזיאַזם גיט זיך פאַוסט איבער צו זיין נייעם פאַרלאַנג, באַגער; ער זוכט די קוואַלען פון גריכישער שעהנהייט,

ער דערגרייכט דאָס אונמעגליכסטע, ער צערטעלט אין זיינע אָרעמס די פּאר איהם אויף ס'ניי אויפגעלעבטע העלענא. ברענענדיג פאר ליעבע, געבירט ער א נייע קונסט און באַהאַלט אויף אייביג, ווי א טייערע מתנה, העלענא'ס קלייד, ד י פ אָ ר ם פ ו ן ש ע ה נ- ה י י ט.

דער עפּיזאָד מיט העלענע'ן, מיט וועלכען געטע האָט באַציי-כענט אזא וויכטיגע ערשיינונג אין דעם לעבען פון א מענשען, ווי קונסט, ווי די קינסטלערישע שאַפונג, פאַרדיענט גרויס אויפמערק-זאַמקייט א דאַנק דער טיעפער און וואונדערבאַרער, געטליכער שעהנהייט, וועלכע, אמת, ווערט דעם לעזער געגעבען ניט מיט אמאָל. אָבער מיר קענען זיך לענגער ניט אָפּשטעלען אויף דעם וויכטיגען עפּיזאָד. מיט קינסטלערישען שאַפען קען זיך פאוסט ניט צופרידענשטעלען. וואָס דען פעהלט איהם איצט? קלייבט ער זיך ניט ארויף אויף דער לבנה?

וואָלט ער אפשר וועלען זיין איבערקלייבען אין א רוישיגער שטאָדט, פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, אינ-טריגען, קאַריערע, אָפּשטאַטען וויזיטען? שפּיעלען א ראָלע, וואו יעדער וועט זיך באַציהען מיט אכטונג צו איהם?

אָבער וואָס ארען פאוסט'ן די אַלע וואָס קאָנען איהם אָפּגע-בען עהרע? וואָס ארט איהם, וויפיעל פון דער דאָזיגער סטאָדע געפינט זיך אויף דער וועלט? דאָס דאַרף מען אריינקלאַפּען אין די קעפּ פון די העררען קאָמענטאַטאָרען, וועלכע מיינען, אז ענד-ליך ווערט פאוסט אַן אַלטרואיסט און א פילאַנטראָפּ. ער פיהלט אויף ס'ניי אין זיך מוט, ער וויל קעמפען, באַזיעגען, באַהערשען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל: הייסט עס, אז דו ווילסט איצט רוהם?

פ אַ ו ס ט: ניין, איך וויל מאַכט! כ'וויל אַנדערע אונ-טערטעניג מאַכען! עס האַנדעלט זיך ניט וועגען רוהם, נאָר וועגען קאַמף.

ניטשע! יאָ, אין די דאָזיגע לעצטע פּאָר ווערטער האָבען מיר דעם קווינטעסענץ פון ניטשע'ן: דעם ווילען צו מאַכט. און דאָך האָט ניטשע ניט פאַרשטאַנען די ענדע פון „פאוסט", ווען ער האָט געקאָנט כאַראַקטעריזירען פאוסט'ן ווי אַן אַלוועלטליכען ארומ-

רייזענדען, ווי אַן אונערזעטליכען בעאָבאַכטער, וואָס לויפט פאַרביי אַלע היסטאָרישע עפּאָכען, אַלע קונסטען, מיטאָלאָגיען און וויסענ־שאַפטען, ביי וועמען טיעפע געפיהלען פלאַמען אויף, אָבער פאַר־לעשען זיך גלייך, און וועמען קיין זאַך, אפילו ניט העלענאַ, קאָן אָנהאַלטען אויף לאַנג.

אורטיילט, לעזער, אַליין וואָס'ער ארומרייזער און בעאָבאַכטער פאוסט איז! אמת, דאָס גאַנצע לעבען האָט פאוסט פּרובירט, פאַר־זוכט, אָבער דאָס דאָזיגע פאַרזוכען, פּרובירען איז געווען טיעף, ביז טראַגיזם אַקטיוו. ביים ענדע פון זיין לעבען ווערט פאוסט, הויפּטזעכליך, אַ שעפּפער. ניטשע האָט פאַרקריפּעלט די ענדע פון פאוסט און דערמיט געוויזען, אַז אויך געניען, און דערביי אויך פילאָלאָגען, קאָנען גאַנץ אויבערפלעכליך לעזען גרויסע ווערק.

כמעט איינשטימיג צולאָזען זיך די קאָמענטאַטאָרען וועגען פאוסט'ס אַלטרואיזם און אייניגע אפילו באַהויפּטען, אַז זיין קאַמף מיט'ן ים, אַז זיין בויען פון די קאַנאַלען איז בלויז אַ סימבאָל, אַז אונטער דעם דאַרף פאַרשטאַנען ווערען אַ קאַמף געגען דער רע־וואָלוציאָן. אַזוי, אַז פאוסט איז אויף דער עלטער געוואָרען ניט בלויז אַ היילינגער, נאָר אַ זשאַנדאַר!

פאוסט איז אַ שעפּפער. זאָגט, וואָסער געמיינשאַפטליכעס האָט דער קינסטלער מיט אַלטרואיזם? וואָס האָט צו טאָן מיט אַלטרואיזם, וואָס ער האַקט אויס פון מאַרמאָר אַ סטאַטוע פון אַ געטין? ער אַרבייט הויפּטזעכליך פאַר דער פרייהייט פון זיין שעפּ־פערישען גייסט. קאָן דען פונקט אַזוי ניט אַרבייטען אַ געזעל־שאַפטליכער טוער? דאָס פאָלק, די געזעלשאַפט איז פאַר איהם דער שטיק מאַרמאָר פון וועלכען ער האַקט אויס די פּראַכטפולע מענשהייט, לויט זיין אידעאַל... וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט אַל־טרואיזם? עס אַרט איהם זעהר ווייניג אייער גליק, לעזער, און מעגליך, אַז צוליעב אייער גליק וועט ער ניט אָפּפערען אפילו מיט זיינעם אַ פינגער — אין געגענטייל, אויב איהר וועט זיך שטעלען איהם אין וועג וועט ער אייך פאַרניכטען; ער וועט, ווי היינריך, מיט פייער און שטיינער פאַרטיידיגען די מאַסע געגען איהר זעלבסט, — זי מוז ווערען שעהן, זי איז מאַטעריע, דורך איהר דאַרף דורכדרינגען דער שאַפענדער גייסט פון דעם זשעניע.

ריכטיג, אָבער דער קינסטלער בעהאַלט דאָך ניט זיין ווערק, איהם זיינען טייער די אַלע עסטעטישע גענוסען, וועלכע ער פאַר־שאַפט די מענשען; ער שאַפט זיין ווערק ניט פון וואַקס, נאָר פון מאַרמאָר, שאַפט עס פאַר דורות, פאַר דער אייביגקייט. איז דאָס אַלטרואיזם? דאָס איז דער פאַרלאַנג פון הערשאַפט איבער אַנ־דערע נשמות, דער באַגער אָפּצושטעמפּלען דאָס אייגענע האַרץ אין די הערצער פון אַנדערע, דאָס איז אַ ערליכער קאַמף פאַר באַהער־שונג, דאָס איז אַ קאַמף פאַר'ן לעבען פון זיינע אידעאַלען. „איך וויל לעבען אין די דורות. איך וויל איבערוועלטיגען, ווייל איך ברענג אַ שעהנהייט, וואָס איז פול מיט לעבען, ענערגיע!" דאָס איז אַ העכערער עגאָאיזם, אַן עגאָאיזם, וואָס געהט אַרויס פון די גרענעצען פון פשוט'ן שטרעבען נאָך די באַקוועמליכקייטען פון לעבען. אַזאַ מענש האָט אַ רעכט און אַ פליכט צו זיין גרויזאַם, ווען עס איז נויטיג, ווייל זיין זיעג איז דער זיעג פון העכערע לעבנס־פאָרמען. אָבער גרויזאַמקייטען דאַרף מען אויסמיידען ניט צוליעב אַלטרואיזם, נאָר דערפאַר ווייל דאָס פאַרקריפּעלט די קול־טור און וועקט אויף חיה'שע אינסטינקטען.

און פאַר זיך און פאַר אַנדערע פּרעדיגט פאוסט די רעליגיאָן פון אַקטיווען פּאָזיטיוויזם.

„איך האָב זיך גיך דורכגעטראָגען דורך דער וועלט, געכאַפּט זיך פאַר יעדען פאַרגעניגען, און וואָס עס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון דער האַנד — האָב איך גלייך פאַרגעסען, הנאה געהאַט פון דעם, וואָס עס איז פאַרבליבען. איך האָב בלויז געוואָלט די פאַר־לאַנגען אויספילען און ווידער אָנהויבען צו פאַרלאַנגען. — אַזוי בין איך דורכגעלאָפען דאָס גאַנצע לעבען. איצט לעב איך פאַר־שטענדיג, באַרעכענט, איך קאָן גענוג די וועלט צו וויסען, אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער וועג. בלינד איז דער, וואָס טראָגט זיך שטאָלץ מיט זיינע חלומות. בלייב שטעהן פעסט דאָ. פאַר דעם חכם איז אָט די וועלט קיין אונזין ניט. צו וואָס זיך אַרומטראָגען מיט געדאַנקען וועגען דער אייביגקייט? ער כאַפּט בלויז דאָס, מיט וואָס ער וועט זיך קענען צוזאַמענלעבען. אפילו אַזוי, וועט איהם אויך אויסקומען זיין גאַנץ לעבען צו קעמפען. טומעלט, רוישט, גייסטער! ער געהט זיך זיין וועג צו זוכען אומעטום גליק און

פיין, ניט פאַרברייננגענדיג קיין איינציגע רגע אין צופרידענהייט.״

אין דעם רוהיגען באַוואוסטזיין פון זיין קראַפט, אין דעם שטאָלץ־באַוואוסטזיניגען גליק פון דעם גרייזען פאוסט מישט זיך אריין, לויט דער מיינונג פון קאָמענטאַטאָרען א טיעפער טרויער. לויט דער מיינונג פון איניגע „דורכדרינגענדיגע לעזער״, אין דער ענדע פון „פאוסט״, פיהלט זיך געטע׳ס טיעפער טרויער. טרויער אין פינאַל פון „פאוסט״, טרויער אין פינאַל פון „האמלעט״, טרויער אין פינאַל פון דעם „פאַרזונקענעם גלאָק״, — דאָס אויג, וואָס זוכט טרויער, וועט עס אומעטום געפינען! וואָס אַנבעלאַנגט אונז, וועקען אין אונז אויף די דאָזיגע פינאַלען האָפנונג און מוטיגע ענערגיע!

די הערָאאישע שטרעבונגען וועלען קיינמאָל ניט געהן פאַרלאָרען, זיי בלייבען דער שטענדיגער אוצר פון דער מענשהייט, און רופען צו דעם קאַמף אַלס נייע קעמפער. מיר וויסען, אַז דער טריאומפירענדער פאַרטינבראַס וועט מיט א גוט וואָרט דערמאָנען האמלעט׳ן, אַז צוזאַמען מיט דענעמאַרק וועט ער איינהאַלטען דעם אָטעם הערענדיג האָראַציאָ׳ן וועגען האמלעט׳ס לעבען, וועגען זיינע ליידען, וועגען זיין פאַרשפּעטיגטען זיעג, פונקט ווי מיר הערען עס פון שעקספּיר׳ס מויל. היינריך איז געפאַלען ניט דערוואַרטענדיג זיך אויף דעם אויפגאַנג פון דער זון, אָבער די זוהן געהט שוין אויף און די זון וועט אויפגעהן ניט טראָץ איהם, ניט אומאָפּהענגיג פון איהם! אויף די רואינען פון זיין מאַרמאָרנעם חלום וועט א צווייטער אָנהויבען צו בויען. דאָס הערָאאישע וועט ניט אונטערגעהן אַזוי לאַנג ווי די מענשהייט לעבט! קאָן דען יעדער זיין א העלד? קאָן דען יעדער זיין א פאוסט? פאַרשטעהט זיך, אַז נישט! ביי אונז, דורכשניטליכע מענשען, קאָן ניט זיין קיין טיטאַנישער שוואונג, מיר זיינען באַרויבט פון דער פרייד צו באַפעהלען און באַגייסטערען טויזענדע מענשען; אָבער דערפאַר, באַמערקט, האָט פאוסט זיין גאַנצען לעבענס־וועג ניט געהאַט קיין איינציגען פריינד. „זשעניען און קעניגען זיינען איינזאַם״. פיעלע זשעניען, דערצו נאָך אינדיווידואַליסטען, למשל, בייראָן, ניטשע, האָבען זיך נעלאַננווייליגט, געבענקט אין דער דאָזיגער איינזאַמקייט. אויב פאוסט, פונקט ווי געטע, האָט ניט געפיהלט קיין נויטווענדיגקייט

אין פריינדשאַפט, פאַרקלענערט דען דאָס די פרייד פון מיטווירקונג, מיטהילף? ריעזען קעמפען איינצעלנע — מעגליך, אז אזוי איז פאַר זיי בעסער; מעגליך, אז איינזאַמע ריעזען זיינען מעכטיגער; באַדייטענדע מענשען קעמפען גרופּענווייז, און קליינע מענשען קעמפען אין גאַנצע אַרמייען, און אין אַזאַ געשטאַלט זיינען זיי אַ גרויסע קראַפט! וואָס ווייניגער אַ מענש פאַרמאָגט פּערזענליכע קראַפט און בעגאַבטקייט, אַלץ מעהר פריינד וועט איהם פאַרשאַפען דאָס סאָציאַלע געפיהל, דאָס פאַרטייאישע, דאָס קלאַסען־געפיהל. די מאַסע איז אין קיין פאַל ניט נידעריגער פאַר'ן זשעני, ווען זי קעמפט פאַר דער קולטור, פאַר אַ גאַנץ לעבען, פאַר בילדונג. *אָבער הויפּטזעכליך איז פון אונזער אַרבייט געדרונגען, אַז אין אַנגעזיכט פון שיקזאַל, איז נאָר דאָ איין איינציגע ווירדיגע פּאָזיציע — דער קאַמף מיט איהם, דאָס שטרעבען פאָראויס, דער פּראָגרעס, וועלכער וויל זיך ערגעץ ניט אָפּשטעלען, די באַפעסטיגונג פון'ם לעבען מיט אַלע זיינע אומבאַפרידיגונגען און פּיינען.*

„דער ווילען ווערט קיין מאָל ניט באַפרידיגט און אומערזעטליך איז זיין גייציגקייט", לערנט שאָפּענהויער; „קער זיך אָפּ פון איהם, זאָג דעם לעבען: ניין! פאַרזינק אין נירוואַנאַ!" יאָ, דער ווילען איז אומערזעטיגט און דער דאָזיגער אייביגער באַגער איז דער עצם פון לעבען, אָבער טויזענד מאָל זאָגען מיר דעם לעבען: יאָ! זאָל דאָס לעבען וואַקסען, און צוזאַמען מיט איהם — אונזערע פריידען און ליידען.

## שטאַפּלען פון קונסט.

דער טעאַטער, אַלס איינער פון די העכסטע אויסדרוקען פון קונסט, געפינט זיך אין אַזא ענגער פאַרבינדונג מיט אַלע ערשיינונגען פון קינסטלערישען שאַפען, דאָס זיינע שטופען, זיינע שטאַפּלען פון פּולקייט און פּאָלקאָמענהייט, פאַלען צוזאַמען מיט די שטאַפּלען פון דעם גרויסען לייטער פון קונסט.

אין דער קונסט איז פאַראַן אַ בולט־אויסגעדריקטע גראַדאַציע. איך רעד דאָ ניט וועגען די שטופען פון איהר היסטאָרישער ענטוויקלונג. מען קאָן אין אַלגעמיין ניט רעדען וועגען גלייכמעסיגען און פּלאַנמעסיגען פּראָגרעס פון קונסט, — די געשיכטע פון קונסט איז קאַפּריזנע און ציהט זיך ניט ווי אַ נישט־איבערגעריסענער שנור. אָבער אפילו ווען מיר נעמען איינצעלנע גלקליכע עפּאָכען, אין וועלכע קונסט האָט געהאַט אַ מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען פריי, פאָלגענדיג איהר אינערליכען געזעץ (אָדער בעסער געזאָגט, דעם ביאָלאָגיש־פּסיכישען געזעץ, לויט וועלכען יעדע אידעאָלאָגישע פונקציע פון דעם מוח ענטוויקעלט זיך), אפילו ווען מיר נעמען אָט די איינצעלנע גליקליכע עפּאָכען, געפינען מיר אין ערגעץ ניט קיין צוזאַמענפאַל פון די שטופען פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג מיט די גראַדאַציעס פון פולקייט און אינערליכער פאָלקאָמענהייט, וועגען וועלכער איך האָב בדעה דאָ צו ריידען.

מיט וואָס פאַר אַ קריטעריום באַנוצען מיר זיך אום אויפצודעקען די גראַדאַציעס אין קונסט? איך שלאָג פאָר אַלץ דעם זעלבען סאָציאַל־ביאָלאָגישען (און אין דער זעלבער צייט... רעליגיעזען) קריטעריום, וועגען וועלכען איך האָב ניט איין מאָל געשריבען. די אָנווענדונג פון דעם דאָזיגען קריטעריום אויף דער קונסט קאָן אוועקלעגען דעם פונדאַמענט פון אַ נייער עסטעטיק, וואָס זאָפּט מיט איהרע וואָרצלען איין די זאַפט אין דעם פרוכטבאַרען באָדען פון פיזיאָלאָגישע פאָרשונגען, בעת מיט איהרע בליהענדע צווייגען דערגרייכט זי ביז צום סאַמע הימעל פון די העכ־

סטע רעליגיעזע איבערלעבונגען. דעם דאָזיגען קריטעריום קאָן מען פאָרמולירען אויף צוויי אופנים:

1) אויף וויפיעל איז א געוויסע ערשיינונג פון דעם מענש־ליכען גייסט א פולער אויסדרוק פון דעם עצם פון דעם מענשליכען מין און פון זיינע באציהונגען צו דעם נישט־מענשליכען (צו דער סביבה)?

2) אויף וויפיעל העלפט א געוויסע ערשיינונג פון דעם מענש־ליכען גייסט דער פאָלקאָמענהייט פון דעם מין אין זיין נצחון אי־בער דעם ניט־מענשליכען (איבער דער סביבה)?

אלס אן ענטפער אויףביידע פראגען, ווען מען ווענדט זיי אָן אויף דעם געביט פון קונסט, באקומט זיך, ווי מיר שיינט, איינע און די זעלבע גראדאציע.

### דער ערשטער שטאַפּעל.

דער ערשטער שטאפּעל פון קונסט פאלט צוזאמען מיט דער ערשטער שטופע פון איהר היסטאָרישער עטוויקלונג און האָט א ריין פיזיאָלאָגישען וואָרצעל. די עמפּאַנגונגס־אָרגאַנען פון דעם מענשען זיינען פיזיאָלאָגיש פארבונדען מיט זיינע באוועגונגס־אָרגאַנען: דעם מענשען ווילט זיך, און אמאָל איז דאָס א נויט־ווענדיגקייט זאָגאר געגען זיין ווילען, נאָכצומאַכען די מעהר שלאָ־גענדע ערשיינונגען, וואָס מאַכען א טיעפען איינדרוק אויף זיין נשמה*) און אויך זיי צו קאָפּירען. צו קענען גענוי קאָפּירען זאַ־כען פון דער נאַטור פרעהט דעם ווייניג ענטוויקעלטען מענשען פונקט ווי דאָס פרעהט א קינד. אין דעם באַגינען פון זייער קונסט האָבען די איטאַליענער ניט געוואוסט פון קיין מעהר לויבענדען צונאָמען פאר א מאַהלער ווי Scimia della natura פון דער נאָטור. צו קאָנען זיך נאָכקרימען דער ווירקליכקייט איז, פאַרשטעהט זיך, קונסט אין דעם זין, וואָס מען קאָן דאָס טאָן ק ו נ צ י ג. פון דער לעגענדע וועגען זעווקסים'ען און פאראַנזיע

*) אונטער דעם וואָרט גייסט, נשמה, פאַרשטעה איך ניט קיין אַנ־דער זאַך ווי אַלע איבערלעבונגען פון א מענשען צוזאַמענגענומען, איבער־לעבונגען וואָס קריגען זייער צוזאַמענהאַנג און איינהייט פון דער איינ־הייט פון דער נערווען־סיסטעם, וואָס ענטשפּרעכט זיי.

ביז צום ראַט פון דעם גרויסען לעאָנארדאָ, אַז דער מאהלער זאָל זוכען מאַכען דאָס בילד עהנליך צו דער אָפּשפּיגלונג פון דעם אָרי־גינאַל אין אַ שפּיגעל, ביז צו דער ענטציקונג פון פיעלע מאָדערנע מבינים איבער קונסט מיט דער אַ מ ת ' ע ר שילדערונג פון די עפעקטען פון דער זון, א. ז. וו., ציהט זיך די קונסט פון נאָכמאַכען דער ווירקליכקייט. אויך איצט שפּיעלט אַזאַ נאָכמאַכונג אַ גרע־סערע ראָלע אויף אַלע געביטען פון קונסט, ווי עס קוקט אויס אויפ'ן ערשטען בליק. זי לייסטעט געוואַלדיגע דיענסטען דער אמת'ער שילדערונג אין דעם זין, וואָס זי העלפט זעהר פיעל דער ענטוויק־לונג פון קינסטלערישע מיטלען. דאָך פאַרבלייבט נאָך אַלץ אמת, דאָס וואָס וואָלפהאַנג געטע האָט געזאָגט, אַז „אַ לעבעדיגער הונד איז דאָך בעסער פון אַ הונד וואָס איז אַם טרייעסטען אויפגע־מאהלען".

דער אָנהויב פון טעאַטער באַשטעהט פון נאָכמאַכונג פון דעם לעבען אין די מימישע טאַנצען פון די ווילדע. די הויפּט כאַראַק־טערע אין די דאָזיגע טאַנצען, וועלכע מאַכען נאָך מיט אויסערגע־וועהנליכער קונציגקייט ווי אַ שטרויס געהט און טרינקט און ווי דער יעגער גנב'ט זיך אונטער, שטעהען אויף דעם נידריגסטען שטאַפּעל פון קונסט ; דער כאָר, וואָס טאַנצט ריטמיש אַרום די הויפּט כאַראַקטערע אָדער פּאַטשט ריטמיש מיט די הענד, אָדער האַלט ריטם מיט פּויקען, — כאָטש אַזאַ באַהויפּטונג וועט אפשר קלינגען זאָנדערבאַר, — שטעהט שוין אויף אַ העכערער שטופּע. דער עלעמענט פון נאָכמאַכען שפּיעלט אַ גרויסע ראָל אויך אין דעם מאָדערנעם טעאַטער, און אין אַ גרעסער אָדער קלענערער מאָס איז ער אַן אונבאַדינגטער עלעמענט אין יעדען טעאַטער.

דער צווייטער שטאַפּעל.

די פאָרמעלע עסטעטיק אונטערשיידעט אין קונסט ווערק דעם אינהאַלט און די פאָרם. דעם אינהאַלט גיט זי ניט צו קיין קינסט־לערישע באַדייטונג — דאָס איז געוועהנליכער מאַטעריאַל, גע־באָרגט דורך נאָכמאַכונג פון דער ווירקליכקייט. די קונסט איז אינגאַנצען קאָנצענטרירט אין דער פאָרם. פון ווירקליך גרויסער וויכטיגקייט אויף דעם געביט פון קונסט איז די טענדענץ פון טעג־

שען צו ענדערען די זאַכען וואָס ער שילדערט, באַוואוסטזיניג צו מאַכען זיי אַנדערש ווי די רעאַלע פּראָטאָטיפּען אָדער אָריגינאַלען. ער שטרעבט צו שילדערען זיי ווי זיי געפעלען איהם בעסער, אַזוי ווי זיי וואָלטען, נאָך זיין מיינונג, געדאַרפט זיין.

דער וואָרצעל פון דער דאָזיגער ערשיינונג איז אויך אַ פּיזיאָלאָגישער, אָבער די פּיזיאָלאָגישע ערשיינונג, וועלכע ליגט אין דעם גרונט פון דער שעפערישער פאַרענדערונג צי פון די געגענשטאַנדען אַליין צי פון זייער שילדערונג, איז דער גרונט פון דעם גאַנצען לעבען, פון דער גאַנצער מענשליכער וועלט. דער לעבעדיגער אָרגאַניזם האָט זיינע אייגענע געזעצען, זיינע אינערליכע באַדערפנישען, די באַפרידיגונג פון וועלכע גיבען איהם דאָס העכסטע גליק. זיינע חושים פון זעהן, הערען, שפּירען, שמעקען, אַזוי גוט ווי זיינע מוסקולען, זיין מאָגען, זיינע געשלעכטס־אָרגאַנען, פאָדערען פון דער סביבה באַשטימטע באַדינגונגען, באַשטימטע אייגענשאַפטען, אין דער אַנוועזענהייט פון וועלכע די דאָזיגע ערשיינונגען ווערען אַ טייל פון אונז, ווערען אַן עלעמענט, אַ שטיצע, אַ סטימול פון לעבען, און דערפאַר באַלוינט טאַקי דער מענש די געגענשטאַנדען און ערשיינונגען, וועלכע באַפרידיגען די דאָזיגע באַדערפנישען, מיט אַזוינע ווערטער, ווי ליעבליך, אַנגענעהם, שעהן, ענטציקענד, א. ז. וו.

פאַרמאָגענדיג אַ געוויסען איבערפלוס פון קרעפטען, מישט זיך דער מענש אריין אין דער ווירקליכקייט, און זוכט זי צו פאַרענדערען אויף זיין שטייגער, צו פאַרמענשליכען זי. די מיטלען און מעטאָדען פון אַזאַ פאַרמענשליכונג זיינען אונענדליך פאַרשידענאַרטיג, און בלויז אויסרעכענען זיי, וואָלט פאַרנומען פיעלע זייטען. עקאָנאָמיק, די דעקאָראַטיווע און פּאָליטישע קונסט, פּאָעזיע און מוזיק, פילאָזאָפיע און רעליגיע — דאָס זיינען מיטלען צו פאַרמענשליכען די וועלט.

די קינסטלערישע פאָרם האָט די זעלבע באַדייטונג, שפּיעלט די זעלבע ראָל: אין פאַראייניגען ערשיינונגען, אין אונטערשטרייכען באַשטימטע זייטען פון ערשיינונגען און אין קאָמביניערען זיי, שטרעבט די קינסטלערישע פאָרם אימער זיי נעהנטער צו ברייגגען צום אידעאַל פון׳ם מענשען, צו פאַרמענשליכען זיי

וואָס מעהר און אַרויסציהען פון זיי מעהר עסטעטישען גענוס, ווי די ווירקליכקייט גיט.

קונסט איז פריי. וואָס מען קאָן ניט דערגרייכען אין דער ווירקליכקייט איז גרינג צו דערגרייכען אין טרוים. דער טרוים (פאַנטאַזיע) איז דאָס קינד פון דער שטימע פון פיזיאָלאָגישע באַדערפנישען (אין דעם ברייטסטען זין — פון אַלע מענשליכע באַדערפנישען), דאָס דירעקט, אונמיטעלבאַר קינד פון בלויז דעם אָרגאַניזם, פונקט ווי אַטהענע איז געווען די טאָכטער פון בלויז איהר פאָטער — זעוס. אָבער נאָר דאַן לעבט דער טרוים אויף דער וואָהר, דאָס הייסט ער פאַרנעמט אַ פּלאַץ אין דער אָביעקטיווער וועלט, לעבט פאַר אַנדערע מיטמענשען, ווען ער איז פאַרקערפּערט. מען קאָן איהם פאַרווירקליכען, פאַרוואַנדלען איהם אין אַ ווירקליכקייט און דער ווירקליכקייט צוגעבען באַצויבערענדע שטריכען. אָבער דאָס איז שרעקליך שווער, ווייל די גראָבע, נידערטרעכטיגע מוטער — די מאַטעריע, די ווירקליכקייט, איז קאַרג און איינגעשפּאַרט: זי גיט זיך זעלטען אונטער און פון איהר וועדען געבוירען נישט מעהר ווי קליינינקע פאַרזעהענישען, וועלכע האָבען בלויז אַ ווייטע עהנליכקייט צום פאָטער — דעם מענשליכען גייסט. אָבער דעם טרוים קאָן מען געבען אַ קערפּערליכען אויסזעהן: מען קאָן איהם געבען אַ האַלב־עקזיסטענץ אין מאַרמאָר, אויפ'ן לייוונט, אין דעם פליהענדען וואָרט, אין קלאַנגען. דאָ עפענט זיך אַן אויסוועג פאַר דעם מענשענס בענקעניש, וואָס איז ניט בכח צו געבען דעם אידעאַל אַ ווירקליכען קערפּער, אין דער מאַטעריעלער וועלט אַ מענשליך שעהנע פאָרם. די עסטעטיק פון שילער און פון שעלינג איז באַגרינדעט אויף דער דאָזיגער פּסיכאָלאָגישער ערשיינונג. לויט נאָך שעלינג'ען עקזיסטירט די וועלט בלויז צוליעב דעם, אַז אויף דעם שפּיץ פון איהר שווערער פּיראַמידע, געמויערט מיט בלוט און טרערען, זאָל זיך באַווייזען דער קינסטלער. און ווייטער ציהט זיך שוין די ניט־מאַטעריעלע וועלט, ווייטער זיינען די אומזיכטבאַרע וואָלקענס פון די דופטען פון טרוים.

פאַר אַ פאַלשער אויסטייטשונג פון דער זעלבער ערשיינונג באַטראַכט איך אויך דעם פּלאַטאָנישען אידעאַליזם מיט אַלע זיינע

וואָרצלען און צווייגען: אנשטאט די באַדערפֿניסען פֿון דעם אָר־גאַניזם, וואָס זיינען אַזוי פּראָזאאיש אויסגעוואַקסען פֿון די בעמי־שע אייגענשאַפֿטען פֿון דער פּראָטאָפּלאַזם פֿון דעם ערשטען לעבע־דיגען יאָדערעל, און וואָס האָבען אַזוי טראַגיש אַוועקגעשטעלט דעם מורא'דיגען, פֿייערדיגען פֿראַגע־צייכען: זאָל אַ גאָט זיין אויף דער וועלט? זאָל דאָס לעבען זיין די קעניגין? זאָל דער אָרגאַניזם זיין דער וועלט־אַל? — אָנשטאט אָט דעם שטוינענדען קוואַל פֿון קינסטלערישען טרוימען און טרוימערישער קונסט, — האָט מען אונטערגערוקט די בלומרשט שוין עקזיסטירענדע אי־דעען, וועלכע זיינען אגב אַ מין אידעאַלע באַדערפֿנים פֿון דעם פֿאַנטאַסטישען איבערמענש, איבער־גייסט — גאָט. אין אַלגעמיין טראָגט דער רעליגיעזער און מעטאַפֿיזישער אידעאַליזם אַריבער די דראַמאַ פֿון דעם מענשען אין דער אומגעבונג, אין די הימעלשע ווייטקייטען, אין די פֿאַר־בראשית־צייטען, און פֿאַרענדערט זי אויף אַ זאָנדערבאַרען, אייגענאַרטיגען אופֿן, אום זי צו מאַכען גרעסער און ערהאַבענער. דער טריאומף פֿון ריינער קונסט, ריינער מענשליכקייט איז די אידעאַליסטישע קונסט, די קונסט פֿון טרוים. איהרע געשטאַלטען ווערען גענומען פֿון גן עדן, דאָס הייסט פֿון דער וועלט פֿון דעם מענשענס באַ־האַלטענע טרוימען, אָפּטמאָל אומבאַוואוסטזיניגע. „וואו האָט איהר געזעהן מוטערס, וואָס זיינען איונגער פֿאַר זייערע זיהן?“ האָט מען געפֿרעגט מיקעל־אַנדזשעלאָ וועגען זיין Pieta. „אין גן עדן“, האָט דער מייסטער געענטפֿערט. עס איז דאָך אַזוי זיס צו באַטראַכטען די טרוים־וועלט אַלס עקזיסטירענד ערגעץ־וואו, אַריבער די גרענעצען פֿון אונזער ערד און אונזער הימעל. עס ווילט זיך די ווירקליכע וועלט אַליין צו באַטראַכטען פֿאַר אַ בלויז־בער אָפּשפּיגלונג פֿון דער וועלט, ווי זי וואָלט באַ־דאַרפֿט זיין, ווי מיר וואָלטען זי ווע־לען האָבען, אין איהרע דונקעלע, ניט־העלע שעהנקייטען— אַלס די פֿאַרגעשטאַלטען פֿון אמת'ער שעהנקייט, וואָס פֿאַרדיענט אמת'ע ליעבע:

די ערדישע ליעבע איז זוכעניש בלויז:
דיין צוקונפֿטס־מאַן און אויך מיין ווייב —

נאָך זיי מיר בענקען, זיפצעןביידע;
דו זעהסט און פיהלסט אין מיר זיין עהנליכקייט;
מיך ציהט צו דיר ניט דו, נאָר זי,
איך דענק איך ליעב דיך, אויך דו ליעבסט מיך,
צוזאַמען אָבער זוכען מיר: דו—איהם, איך—זי.

עס דערגעהט דערצו, אז ליעבע אין דער ווירקליכקייט ווערט ערקלערט אַלס נידריג און פאַרברעכעריש. די געזונטע מעגליכקייט ווערט אָפּגעהאַקט, עס טריאומפירט דער עקסטאַז פון טויט, דער טרוים באַצייכענט שוין מעהר ניט קיין אידעאַל, וואָס דאַרף ווערען רעאַל פאַרווירקליכט אין דעם פּראָצעס פון אַלמענשליכען שאַפען, — קונסט ווערט פאַרוואַנדעלט אין א ראַפינירטען סם.

דער טעאַטער פון ריינעם טרוים האָט זעלטען אַן ערפאָלג, ווייל דער עצם פון טעאַטער איז באַוועגונג און קאַמף. פאַר דער לעצטער צייט, באַוואוסטזיניג אָדער אומבאַוואוסטזיניג, האָבען זיך אין דער וועלט פון טעאַטראַלער קונסט באַוויזען טענדענצען אין יענער ריכטונג: א סימן פון טיעפער מיעדקייט פון געוויסע גרופען אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט.

דער דריטער שטאַפּעל.

די מענשליכע לעבענסוויליגע עפּאָכען ווילען נעמען דעם וועלט־אָקס פאַר די הערנער. זיי ווילען זיך שלאָגען און ארבייטען. פאַר א ווערק פון אמת'ער מענשליכער קונסט באַטראַכטען זיי דאָס שעהנע לעבען, און דאָס רעאַלע לעבען — פאַר דעם אמת'ען מאַטעריאַל. די נאַטור — דאָס איז דער מאַרמאָר־פעלז; די מענשהייט — דאָס איז דער מייסטער; ארבייט, טעכניק — דאָס איז דער האַמער; גליק — דאָס איז די שיינענדע געטין, וועמעס נאַקעט לייב וועט ארויסקומען פון דעם פאַרמלאָזען פעלז אונטער די קלעפּ פון דעם שטאָלענעם האַמער, און — דאָס וואונדערבאַרסטע — די דאָזיגע געטין, ווערט נאָכדעם צוואוארימט און פאַררויטעלט אונטער דעם מייסטער'ס קושען, ווי א נייע גאַלאַטעא, און ווערט זיין לעבעדיגע פריינדין.

און זיי וועלען זיך קיינמאָל ניט אויפהערען ליעבען.

אָבער וואָס פאַר אַ ראָל שפּיעלט די קונסט אין די דאָזיגע מענשליכע עפּאָכען? די ראָל פון אַ גרויסען העלפער — אַ מיט־ארבייטער. אין די דאָזיגע עפּאָכען ווערען די בעסטע פאָרשטעהער פון קונסט מיטגעריסען פון לעבען. קונסט שטעלט זיך אַוועק אין איין רייהע מיט וויסענשאַפט. די קונסט שטודירט דאָס לעבען, גיט די מענשען אַ טיעפען וויסען פון דער ווירקליכקייט. דאָ איז ניט דער פּלאַץ זיך פאַנאַנדערצוקלייבען אין די אינטערעסאַנטע עהנליכקייטען און קאָנטראַסטען צווישען רייגער וויסענשאַפטלי־כער ערקענטניס און פאָרשענדער לערנענדער קונסט. עס איז גענוג צו זאָגען, אז די קינסטלערישע ערקענטניס זוכט צו ריידען ניט בלויז צום אינטעלעקט, נאָר אויך צו די געפיהלען, צו מאַכען די וועלט פארשטענדליך דורך דעם וואָס זי ווערט געמאַכט עמאָ־ציאָנאַל־נאָהענט באַקאַנט. און דעריבער קען די ערקענענדע קונסט, וועלכע מען קאָן מיט אָנשטריינגונג אויך אָנרופען נאַטוראַליזם (ניט באַגרעניצענדיג זיך מיט זאָלאָ'ס שול, נאַטירליך), זיך באַ־נוצען מיט מעטאָדען, וועלכע זיינען אין גאַנצען ניט פּאַסיג פאַר דער וויסענשאַפט: אַ טענדענציעזער אויסוואַהל פון פאַקטען און שטריכען, איבערטרייבונג, אַפּזיכטליכע פארבען־העלקייט, אַ שטרעבונג צו זיין געטרייער און אמת'ער פון דער נאַטור אַליין, דאָס הייסט, פאַרענדערען די פיזיאָנאָמיע פון ערשיינונגען, אויפ־דעקען זייערע איינענשאַפטען, זייער פאַרבאָרגענעם אינהאַלט. דאָס טיפּישע אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט איז דאָס דורכ־שניטליכע; דאָס טיפּישע אין דער קונסט־וועלט איז דאָס העלע. וויסענשאַפט זוכט דאָס געוועהנליכע, קונסט — דאָס אויסדריק־ליכע.

צו זיין אויסדריקליך מיינט צו באַזיצען אַ מאַקסימום נייע און פאַר דעם וועלט־פאָרשענדען מענשען וויכטיגע שטריכען. דער קינסטלער, דורך דער צויבער־קראַפט פון סטיל, מאַכט אַלצדינג אויסדריקליך. אין דעם הינזיכט יאָגט ער ווייט אַריבער די נאַטור. דער קינסטלער ערפינדעט אַלץ נייע מיטלען און מעטאָדען, ענטדעקט אַלץ נייע וועגען צו קרעפטיג קאָנצענטרירטער אויס־דריקליכקייט, און ווערט אזוי אַרום אַ גרויסער לעהרער פון לעבען, פאַר וועלכען ניט די קערפּערס און ניט די נשמות האָבען ניט קיין

סודות, וועלכער האָט ניט בלויז די ערשטווינענדע קראפט אליין אָנצוכאפפען דאָס הארץ פון יעדער ערשיינונג, נאָר אויך דאָס צו ענטפלעקען פאר אונז זינדיגע — מאכען מעגליך פאר אונז זיך צוצוריהרען מיט אונזער הארץ צו זיין געהיימניספולען קלאפפען.

דער גרויסער נאטוראליסטישער טעאטער ענטשפרעכט דער גרויסער נאטוראליסטישער קונסט. אָבער דער טעאטער, אלס די קונסט פון לעבעדיגער האנדלונג, באזיצט דעם כח אויף א נאטיר־ליכען אופן צו דערהויבען די דאָזיגע קונסט צו א העכערען שטאַ־פעל, פארוואנדלענדיג זי פון אַן אָביעקטיוו־ערקענענדער קונסט אין א פראָפעטיש־פיהרענדער. אָבער דער טעאטער פון ערקענט־ניס, ווי די גאנצע ערקענענדע קונסט, האָט, נאטירליך, זיינע איי־גענע ברייטע גראדאציעס, לויט נאָך דער קאָנצענטרירענדער קראפט פון סטיל און באגאבטקייט פון א געוויסער עפּאָכע, שולע אָדער איינצעלנעם קינסטלער. פון אונטען טראָגט דער טעאטער א לעבענס־באשרייבליכען כאראקטער, איז א רעזולטאט פון ניט־פרעטענציעזער באאָבאכטונג; פון אויבען נעמט ער אַן דעם כא־ראקטער פון קינסטלערישען אריינדרינגען אין די טיעפעניסען פון דער אלוועלטליכער דראמע אין דער קינסטלערישער ענטפלעקונג פון די דאָזיגע טיעפענישען.

### דער פערטער שטאפעל.

ווען א קינסטלער פון קאָלאָסאלער קראפט כאפט ארום אין סימבאָלען דאָס לעבען אין זיין גאנצער ברייטקייט און טיעפקייט; ווען ער זוכט צו פאָרמולירען אין ציטערענדע געשטאלטען די שטיי־גענדע און פאלענדע כוואליעס פון אָט דעם גאנצען אָקעאַן און ניט נאָר די איינגעשאפטען פון אַן איינציגען טראָפּען פון דעה לעבעדיגער סטיכיע, דערהויבט ער זיך, ניט ווילענדיג, צוערשט צו דעם פילאָזאָפישען באגריף פון זאכען און דערנאָך — צום רעליגיעזען. (מען דארף געדענקען, אז דאָ האנדעלט זיך ניט ווע־גען גראדאציע אין צייט, נאָר אין פאלקאָמענהייט). ווען דער קינסטלער דערגרייכט צו דער לעבעדיגער, הארציגער, אין בלוט און נערוועך־זאפט פארוואנדעלטער פילאָזאָפיע און רעליגיע, זעהט ער שוין איהר שפּיעל אין דעם קלענסטען טיילכעל פון לעבען. די

גאַנצע פּרעכטיגע פאַרשידענאַרטיגקייט פון לעבען גיסט זיך פאַר איהם צוזאַמען אין איין דראַמאַ, אַפילו אויב אין איהר זיינען דאָ אַ סך אַנטאַגאָניסטען. וועלכען ברעקעל פון לעבען ער זאָל ניט נעמען, וועט איהר גאַנצער גייסט זיך געפינען דערין. היראָשיגי האָט געזאָגט: „צו פופציג יאָהר האָב איך זיך אויסגעלערנט ווי עס איז צייכנען; מיינע עסקיזען זיינען געווען עהנליך צו לע־בעדיגע אָריגינאַלען. צו זעבציג האָב איך מיט איין שטריך אונ־טערגעכאַפּט דעם עצם. צו זיבעציג האָבען ביי מיר די פינטעלעך אָנגעהויבען לעבען.“

פילאָזאָפישע און רעליגיעזע באַגריפען פון דעם וועלט־אַל קאָנען זיין אינערליך פאַרשיידען, אָבער אַזוי ווי אַלע פילאָזאָפיעס און אַלע רעליגיעס זיינען וואַריאַציעס אויף דער טעמאַ וואָס איז אָוועקגעשטעלט געוואָרען פון שיקזאַל: ד ע ר מ ע נ ש א ו ן ד ע ר ו ו ע ל ט ־ א ל, זיינען זיי אין סאַמע עצם פאַרבונדען אין ענגער פאַרוואַנדשאַפט. ווי איך דענק, זיינען זיי אימער אָדער אויסדרוקען, אָדער פאַר־געפיהלען, אָדער פאַרדאַרבונגען פון איי־נעם און דעם זעלבען אמת: דאָס לעבען ליידעט. כאָטש זיין אי־נערליכער געזעץ איז גענוס און פאָלקאָמענהייט, ליידעט דאָס דער־פאַר, וואָס זיינע געזעצען זיינען ניט די געזעצען פון דעם וועלט־אַל, וואָס זיין ענטוויקלונג איז אַ קאַמף צווישען זיינע זעהנזוכטען אין דער געפיהללאָזער אומגעבונג.

דער קינסטלער, אַריינדרינגענדיג אין דעם האַרץ פון דער ווירקליכקייט, ליעבט וואַהנזיניג די דאָזיגע ווירקליכקייט, דעם גאַנצען פּראַכט פון פאַרבען, פאָרמען, פּאָטענציעלע גענוסען, וואָס זיינען אין איהר פאַרבאָרגען; ער האַסט זי פאַר איהר זינלאָזער גרויזאַמקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין קראַנקהייטען און טויט און אין דער שווערער אָפּהענגיגקייט פון דעם מענשען אָן די אָפּט נישטיג קליינע פאַרגעניגענס, וואָס זי טיילט איהם צו. אין דעם מענשען אַליין און אין דער געזעלשאַפט געפינט ער וואונדערבאַרע מעגליכקייטען, הויך־מוטיגע שטרעבונגען, שעפּפערישע זוכענישען, פּרוכטבאַרע ליידען, — אָבער אויך דעם שפּור פון קייטען, דעם שטעמפּעל פון שקלאַפעריי — נידעריגע שטריכען פון דערדריקט־קייט, פון גראָבען עגאָאיזם, טעמפּקייט, שקלאַפישער אונטערטע־

ניגקייט, פֿוסטער באַריהמעריי ; צוזאַמען מיט די מאָמענטאַנע פֿריידען זעהט ער דעם גרויען הינטערגרונט פֿון כראָנישער קריינקליכקייט ; ער זעהט צוקאַליעטשעטע פֿאָרמען, וועלכע וואָלטען געקענט זיין שעהן, ער שטויסט זיך אָן דעם פֿאַרדריסליכען, גראָבען ליידען, אָט דעם זינלאָזען ליידען, וואָס באַגלייט די סטיכישע שמיץ פֿון דעם „בייטש פֿון שיקזאַל“ איבער די מענשליכע פּנים׳ער.

דער קינסטלער זעהט דעם כאַאָס פֿון לעבען, אין וועלכען אַלע פֿאַרבען זיינען אויסגעמישט. ער הערט זיך צו צו די פֿאַרשייידענאַרטיג־קלינגענדע קרעכצען, רופֿען, געבעטען, לאָזונגען, אויסגעשרייען, וועלכע דריקען אַלע אויס דעם אייביגען דראַנג פֿון לעבען צו וואוקס, ליכט, גליק. און אין אָט דעם רייסען זיך צום אידעאַל, אין דעם אייביגען קאַמף פֿון דעם מענשען, דעם העכסטען טרעגער פֿון דעם לעבענספּרינציפּ, מיט דער שטיפֿמוטער, דער אומגעבונג, זעהט דער קינסטלער אַ טרייסט אין דער זינלאָזיגקייט דער צוריסענקייט, שמערצליכקייט פֿון עקזיסטענץ.

אַזאַ וועלט־אַנשויאונג, אין וועלכע פֿאָרמען זי זאָל זיך ניט אויסגיסען, איז אַ טראַגישע וועלט־אַנשויאונג.

דער מענש באַקעמפֿט דאָס העסליכע, דאָס גרויזאַמע, דאָס שרעקליכע, דאָס טריעבע אויף צווייערליי אופֿנים : אָדער ער דערהויבט עס צו ער מדרגה פֿון שעהנעם, אָדער ער דערנידעריגט עס צו דער מדרגה פֿון לעכערליכען.

וואָס מיינט עס צו דערהויבען אַ שרעקליכען און טרויעריגען פֿאַקט צו דער מדרגה פֿון שעהנעם ?

דער מענש, ווען ער זאָגט : „דאָס איז שעהן“, — דריקט ער אין עצם אויס דעם פֿאַקט, אַז אַ געוויסע ערשיינונג רופֿט אין איהם אַרויס אַן אַנגענעמע, דערהויבענדע איבערלעבונג. איז דאָס מעגליך, אַז טרויער און שרעק זאָלען פֿיהרען צו אַ דערהויבענעם געפֿיהל פֿון לעבען ? יאָ — ווען זיי ווערען געצייגט פֿון אַזאַ צייט, דאָס דער מענש נעמט זיי אָן אַלס עטוואָס ענג פֿאַרבונדען מיט עפּעס אַנדעריש, אומגעהייער גרעסערעס, — מיט גליק, וואָס איז אַ באַלוינונג פֿאַר דעם שרעק, מיט פֿרייד — פֿאַר מיטלייד. ליידען און אומגליק דאַרפֿען געוויזען ווערען אַלס אַקטען אין דעם גרויסען קאַמף פֿון גוטעס און שלעכטעס. אונטער אָט

דעם באַגריעף האָבען די זשעניען פון דער טראַגעדיען־קונסט און באַזונדערס פון דעם טראַגעדיען־טעאַטער פאַראייניגט די פאַר־שיידענע ערשיינונגען. אָבער אין דער טיעפעניש פון טיעפעני־שען איז דאָס תמיד געווען דער קאַמף צווישען דעם מענשליכען יסוד מיט דעם ניט־מענשליכען, דעם גייסטיגען מיט דעם גייסט־לאָזען, אין זיינע פאַרשיידענע שטופען.

דער מענש קאָן זיך אויף טריאומפירענד דערהויבען איבער דעם העסליכען, שרעקליכען און טרויעריגען, און ער שאָקעלט עס אָפּ פון זיך.

דער מענש לאַכט, ווען ער זעהט, אַז דאָס וואָס האָט זיך איהם פריהער אויסגעוויזען צו זיין ערנסט, איז אין דער אמת'ען אומ־באַדייטענד. דער העלד פון דער קאָמעדיע איז דער מענשליכער געלעכטער, וועלכער באַווייזט, אַז דער מענש איז בעסער, העכער, ריינער און שטאַרקער איידער דאָס וואָס ווערט פאָרגעשטעלט אין דער קאָמעדיע (דער דאָזיגער הויכער געלעכטער האָט, נאַטירליך, גאַרניט קיין געמיינשאַפטליכעס מיט דעם העסליכען הירזשען אי־בער וואולגאַרע סצענעס).

דער טראַגיקער דערהויבט זיך צום פילאָזאָפישען באַגריף פון לעבען, אַנדערש קען ער קיין טראַגיקער ניט זיין. ווייל בלויז דאַן, ווען ער דערהויבט דעם צושויער פילאָזאָפיש אריבער דעם איינ־צעלנעם פאַקט און גיט איהם אַ מעגליכקייט אריינצוקוקען דורך דער באַזונדערער ערשיינונג, ווי דורך אַ געפּאַרבט גלאָז, אין דער האַלב־דונקעלהייט פון דעם אַל־לעבען, — קאָן דער טראַגיקער שמיעדען מיט שרעק און טרויער די נשמות, וואָס זיינען פאַרטיג צו דעם לעבענס־קאַמף, זיי געבען אַ באַזעלענדע טרייסט און ליי־טערונג.

אָבער פאַר איהם איז פאַראַן נאָך אַ מדרגה — די מדרגה פון רעליגיעזער וועלט־אויסטייטשונג.

דאָס קאָן מען אַם בעסטען קלאָר מאַכען דורך ביישפּיעלען.

מיט פּראָספּערא'ס ליפּען אין „שטורעם" פאָרמולירט שעקס־פּיער זיין וועלט־אַנשויאונג און זיין שטעלונג צו קונסט אַזוי:

„...זיי זיינען אַלע גייסטער נאָר געווען
און זיינען אין דער דינער לופט פאַרשוואונדען,

די הויכע טורעמס, הערליכע פּאַלאַצען,
די פייערליכע טעמפּלען, און די ערד
אליין, מיט אלץ אויף איהר, וועט זיך אויפלייזען
און, ווי די נעבעלדיגע זעהונג דאָ,
אָהן שפּור פאַרשווינדען. פון דעם שטאָף פון טרוימען
באשאַפען זיינען מיר. ארומגערינגעלט
איז אונזער לעבען מיט א חלום..." (4טער אקט)

אין דעם פינפטען אקט דערגענצט פּראָספּעראָ דעם געדאַנק אזוי:

„...מיט וועמעס הילף,
כאָטש שוואך זיי זיינען, האָב איך דאך פאַרטונקעלט
די מיטאָג זון, און אויפגעוועקט די ווינטען,
און צווישען גרינעם ים און בלויען הימעל
ארויסגערופען קריעג; דעם שווערען דונער
נעגעבען פייער און גאָט'ס שטאַרקען דעמב
האָב איך מיט זיינע בליצען אויסגעריסען,
פאַרצערט די צעדערבוימער מיט זיין פייער;
און קברים האָבען זיך אליין געעפענט,
די מתים אויפגעוועקט אויף מיין באַפעהל,
און אלץ דורך מיין אלמעכטיגע צויבער־קונסט.
נאָר פון דעם צויבער זאָג איך זיך איצט אָפּ,
א הימעלשע מוזיק באגעהר איך איצט,
וואס ווירקען זאָל אויף זייערע געפיהלען..."

דאָס מיינט צו באזיצען א טיעף־פילאָזאָפישע עמפּפאנגונג פון דער וועלט. שעקספּיער איז פּעסימיסטיש זיכער אין דעם ענד־ליכען טריאומף פון טויט. דאָס פאַרגענגליכקייט פון לעבען — דאָס איז די טרייסט אין דעם לעבענס־טריעב. און אויב דער קינסטלער וועט ארויסרופען אין דעם דאָזיגען חלום נייע שרע־קענס־געשטאַלטען, איז דאָס בלויז אום קלאָרער צו באווייזען דעם ניט־ממשות'דיגען כאַראַקטער פון לעבען. לויט שעקספּיער'ס גע־דאַנק, וועלכען ער ווידערהאָלט אָפט, איז דער טעאַטער, די סצענע— א פילאָזאָפיע אַן און פאַר זיך. אָבער די קראַפט פון קונסט געהט

ווייטער: געבענדיג די שאָטענס פון לעבען א ריטמישען, מעלאָ־דישען, פאָרמעל־שעהנעם כאַראַקטער; ערהויבענדיג זיי צו דער מדרגה פון מוזיקאַלישע געשטאַלטען, פון דעם טרויעריגען ליעד,— באַרוהיגט דער קינסטלער די שטורמען פון דער נשמה און גיט איהר א מעגליכקייט צו פאַרגעסען זיך. אומגעפעהר דיזעלבע פילאָ־זאָפיע האָבען ווידערהאָלט שאָפּענהויער, וואַגנער און ניטשע אין דער פעסימיסטישער פעריאָדע פון זייער ענטוויקלונג.

ווען שעקספּיער וואָלט אין אַלעמען געבליבען טריי צו זיין פילאָזאָפיע, וואָלט די וועלט געווען פאַרלאָרען א סך, אָבער זיין האַרץ האָט געגעבען מעהר איידער זיין קאָפּ האָט געפאָדערט. טראָץ זיין פעסימיסטישער פילאָזאָפיע, גיט אונז שעקספּיער אין זיינע טראַגעדיען גרויסע מוסטערען פון מוט און מענליכקייט און רופט אונז אָפּטער צום ברויזענדען ים פון לעבען איידער אַוועק פון איהם — אין דעם קעניגרייך פון חלומות.

דאָך פאַרבלייבט פּראָספּעראָ'ס רעדע אַן אויסגעצייכענטער ביישפּיעל פון פילאָזאָפיש־טראַגישער וועלט־אַנשויאונג.

די רייד פון א צווייטען צויבערער, פאוסט, גיבען א ביי־שפּיעל פון א רעליגיעז־טראַגישער וועלט־אַנשויאונג.

„...אָט גנב'עט זיך א וועל; אויף טויזענט עקען,
אַליין אומפּרוכטבאַר, ברייננגט אומפּרוכטבאַרקייט,
און רוישט און וואַרפט דאָס וואַסער אויף די ברעגען,
פאַרטרינקט, באַדעקט—דעם טריבען, וויסטען ברעג.
א מעכטיגע, דאָ קעניגט איצט די וועל;
אוועק, און ניט ערפילט האָט זיך איצט קיין זאַך.
און טרוי'ריג איז מיר, און מיך שרעקט אַזוי,
די אומזיניגע קראַפט פון ווילדען עלעמענט.
אַלץ ווייטער רייסט זיך מיין נשמה;
דאָ וויל איך קעמפען איצט, דאָ וויל איך זיעגען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ'וויל דורכגעהן איצט דאָס העכסטע פאַרגעניגען:
דעם ים אַלמעכטיגען וויל איך פאַרטרייבען,
פון וואַסער־לויף די גרענעצען פאַרשמעלען,
די קראַפט פון שטאַרקען איינצוימען מיט וויסען.

— — — — — — — — — — — — — — —

דעם צויבער איצט פארוואַרף איך. כ'וויל פארגעסען
צו רופען שטענדיג נייסטער זיך צו הילף.
זאָל די נשמה שטאָלץ אליין זיך שטעלען
אנטקעגען שיקזאל.

— — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב פארשטאַנען דאָ די גאַנצע וועלט,
וואָס דאָרטען איז, וועט זיין פון אונז פארבאָרגען;
א נאַר נאַר קוקט מיט וואהנזיניגע בליקען
אהין, באוואָפענט בלויז מיט דעם געדאַנק,
געפינט אָן עהנליכען צו זיך איבער די שטערען!
דאָ איז דיין אָרט, דאָ זאָלסטו שטעהן נאָר פעסט!
צו וואָס, צו וואָס זיך לאָזען אין די ווייט?
ווער שטאַרק נאָר איז, דעם ענטפערט אויף די וועלט;
פאר דאָס, וואָס ער פארשטעהט, זאָל ער זיך נעמען,
און רוהיג און צופריעדען זיין מיט דעם!

— — — — — — — — — — — — — — —

כ'בין צו דער וויזהייט'ס לעצטען שלוס דערגאַנגען:
נאָר דער איז ווערט דאָס לעבען און די פרייהייט,
ווער שטענדיג גרייט איז דאָ פאר זיי צו קעמפען.

— — — — — — — — — — — — — — —

דאָס קינד, דער מאַן, דער זקן זייער לעבען
פארברייגגען וועלען צווישען אומגליק און געפאהר!
א קוואל פון פרייד, א טיעפער און א ריינער
איז לעבען צווישען זיי און זייערע זיעגען,
און צווישען זיי דאָ שטעהן אויף זייער ערד,
אויף זייער ערד, דער נײ־ערבאָבערטער,
מיט זייער פרייהייט פריי און שטאָלץ צו דיענען!
און קיינמאָל וועט ניט אָפּווישען די צייט.
בלייב שטעהן, דו שטראָם פון צייט, כ'האָב דורכגעלעבט

די שפּורען דאָ פון מיר און פון מיין מיה.
די אייביגקייט דאָ אין אייער אויגענבליק...“ *)

געוועהנליך באַטראַכט מען די דאָזיגע שורות גראַדע אַלס אַנטי־רעליגיעזע! אָבער אין זיי ווערט אויסגעדריקט די העכסטע רעליגיעזע אידעע — די אידעע פון אייביגען קאָלעקטיווען קאַמף פון לעבען מיט דער סטיכיע פאַר ענטוויקלונג און פרייהייט, די אידעע, דאָס דער טיעף־געפיהלטער באַוואוסטזיין פון אונזער פּלאַץ אין דעם דאָזיגען קאַמף דערהויבט די וועלט און דאָס לעבען, די ליידען און שטרייטען אין אונזערע אויגען צו דער מדרגה פון דעם שעהנעם און מאַכט פאַר אונז מעגליך צו זאָגען זיי אונזער גרויסען און מענליכען — „יאָ“.

די דאָזיגע רעליגיע איז אַן אייגענאַרטיגע פילאָזאָפיע, וועלכע לעזט פּאָזיטיוו די גרויסע פראַגע פון קאַמף צווישען לע־בען און נאַטור, און לעזט זי ניט אין זיכערהייט, ניט אין טערמי־נען פון וואוילזיין, נאָר אין האָפנונג און שעהנהייט.

דער רעליגיעזער טראַגיזם קאָן זיך אויסדריקען אין אַן אומ־ענדליכער פאַרשיידענאַרטיגקייט פון פאָרמען. אָבער ווען קונסט און דער טעאַטער דערהויבען זיך צו אַזאַ טראַגיזם, דערגרייכען זיי צו דעם שפּיץ — אויף דער דאָזיגער מדרגה גיבען זיי דעם מאַק־סימום אויסדרוק פון דעם מענשליכען מין (אַלס דעם טרעגער פון געפיהל, געדאַנק און באַוואוסטען ווילען, דערוויייל צוקאַליעטשעט און געדריקט פון דער נאַטור; אַלס דעם ניט־דערוואַקסענעם גאָט פון דעם וועלט־אַל אין געפענגניש) און העלפען אין אַ מאַקסימאַלער מאָס דער פאָלקאָמענהייט פון דעם מאַן און זיין טריאומף איבער דער נאַטור.

אום אויסצומיידען מיספאַרשטענדניסען אונטערשטרייך איך נאָך אַ מאָל: עס איז גאָרניט נויטיג, אַז די רעליגיעזע קאָנצעפּ־ציע פון דעם פּראָפעסער זאָל אויסגעדריקט ווערען פון אַ רעזאָני־רענדער פּערזאָן אין דער דראַמע, אָדער זי זאָל איבעראַל אַרויס־שטעקען פון דער דורכזיכטיגער טענדענץ. וואו דער קינסטלער מיט אַ טראַגישע נשמה זאָל ניט אָנכאַפּען דאָס לעבען, וועט דאָס

*) פערזען אין אידיש פון י. קיסין.

לעבען אין זיין שילדערונג אימער דערצעהלען דעם מענשליכען האַרץ זיין געהיימנים אין אַ נייער, אומערוואַרטעטער, ערשיטערענדער פאָרם.

## די שטאַפּלען פון סאָציאַליזם.

די אידעע פון סאָציאַליזם קען מען אויפנעמען און אויסטייטשען פארשיידען. זי איז קאָמפּליצירט. דאָ, נאָך מעהר ווי אין דעם ליטעראַטור פון קונסט, באַזייטיגט ניט יעדער נייער שריט דעם פריהערדיגען, נאָר, פאַרקעהרט, שליסט איהם איין אין אַ ברייטערע סיסטעם. דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגען די שטופען פון פולען אויסדרוק פון דעם סאָציאַליזם.

### דער ערשטער שטאַפּעל.

אויף דעם ערשטען שטאַפּעל שטעהט די אַזוי גערופענע סאָציאַלע פראַגע אַלס אַ פראַגע פון אומגלייכהייט פון מענשען, ניט ביאָלאָגישער, נאָר רעכטליכער און עקאָנאָמישער אומגלייכהייט. עס פלאַגט דער באַוואוסטזיין פון דעם טיעפען אומרעכט פון דעם פאַקט, וואָס אויף איין געזעלשאַפטליכען פאָליוס געפינט מען וואוילטאָג און איבערפלוס און אויף דעם צווייטען — דריקענדע, פינסטערע אָרימקייט.

ביי די פריווילעגירטע ווערט געבאָרען די אידעע פון פילאַנטראָפּישען סאָציאַליזם, ביי די שטיעף־קינדער פון דער געזעלשאַפט — דער סאָצאַליזם, וועלכען ענגעלס האָט באַצייכענט אַלס „דער קאָמוניזם, וואָס איז געגרינדעט אויסשליסליך אויף דער פאָדערונג פון גלייכהייט“, און וועגען וועלכען קאַוטסקי האָט געזאָגט אַז „ער איז גראָב און נאַאיוו, איהם האָט באַשאַפען ניט די סאָציאַלע וויטזיכטיגקייט, ניט אונאייגענוציג דענקען און פיהלען, נאָר די דרינגענדע מאַטעריעלע באַדערפנישען, דער קאַמף איבער קלאַסען־אינטערעסען“.

דער פילאַנטראָפּישער סאָציאַליזם, דער סאָציאַליזם פון מיטלייד מיט די פאָלקס־ליידען, האָט אָפּגעלעבט זיין צייט און איז געוואָרען ניט נאָר נוצלאָז, נאָר אין פיעלע פעלע שעדליך. די קונסט איז אָפט געשטאַנען אין דיענסט ביי דעם דאָזיגען סאָציאַליזם, אָבער זי האָט זיך זעלטען דערביי דערהויבען צו די ברייטע און ער־

פרעהענדע באַגאַ׳יפען; זי איז געבליבען מגיד׳יש, האָט פאַרגאָסען טרעהרען און אויסגעדריקט ענטריסטונג ווי אַ לייט־אַרטיקעל אין אַ עהרליכער צייטונג.

דער קאַמף פאַר עקאָנאָמישע אינטערעסען, געהייליגט פון דער אידעע פון גלייכהייט, איז נאָך איצט אויך דער שטיינערנער באָדען פון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַנדערע קינסטלער זיינען איהר געגאַנגען אַנטקעגען און זי באַשריבען מיט מעהר פאַר־שטאַנד און מיט טיעפערער סימפּאַטיע. זיי האָבען זיך אָבער ניט דערהויבען צו דעם העכסטען שטאַפּעל פון קונסט, פאַרבלייבענדיג אויף דער נאַטוראַליסטיש־ערקענענדער מדרגה. ביי די קינסטלער האָבען געסטייעט כחות צו שילדערען דעם עלענד, נויט, צאָרן פון דעם פּראָלעטאַריער, אָבער זיי האָבען מורא געהאַט צו פאַרשטעהן זיין באַגייסטערונג, ווי געשעמט זיך אַריינצוטראָגען „ראָמאַנטיזם“ אין דער ניכטערער שילדערונג פון זיין קאַמף. אַ קינסטלער, ניט קיין פּראָלעטאַריער, וועט זיך קוים איינגעבען צו באַשאַפען אַ מייס־טערווערק שטעהענדיג אויף דעם דאָזיגען נאַטוראַליסטישען שטאַ־פּעל. דאָך קען מען נישט ניט באַגריסען די טאַלאַנטפולע פּאַרזוכען פון אַזוינע שרייבער ווי מירבאָ, דעלעגראַציע, יושקעוויטש, און באַזונדערס גאָרקי. *)

### דער צווייטער שטאַפּעל.

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט דעם ערשטען מאָל ביז איהר צייט מיט אַזאַ קראַפט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט אויף פרייהייט פון יעדען מענשען. דער דורשט נאָך פרייהייט פון צווי־שען־מענשליכע באַציהונגען — דאָס איז דער הויפּט מאָראַלער נערוו פון דעם ענד פון דעם אכצעהנטען און דעם גאַנצען נייַנצעהנט׳ען יאָהרהונדערט.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, — און די מוטיגע מענשען, וואָס האָבען קיין מורא ניט געהאַט זיך אַריינטראַכטען, האָבען דאָס דערזעהן זעהר פריה, — אַז ניט פּאָליטישע און ניט זאָגאַר גיים־

*) די דאָזיגע שרייבער זוכען גראָדע אַרויסצוציהען פון די גרע־ניצען פון איינפאַכען נאַטוראַליזם און צוצוהערען זיך צו דעם „ראָמאַנטי־שען“ אין דער נשמה פון דעם פּראָלעטאַריער.

טיגע באפרייאונג איז גענוג און קאנקרעט מעגליך אהן דער עקא־נאמישער באפרייאונג פון מענשען. דער קאפיטאליסטישער טרוים צו דערגרייכען צו אזא פרייהייט אויף די יסודות פון פאנאנדער־טיילונג פון אייגענטום צווישען אלע, צו גרינדען א קעניגרייך פון גלייכע, אומאפהענגיגע בירגער־אייגענטימער, — דער דאזיגער טרוים איז פארשוואונדען. און דאן איז דער סאציאליזם ארויס־געטראטען אלס דער געזעצליכער פארטזעצער פון די באפרייאונגס טענדענצען פון דער רעוואלוציע: ער האט זיך אוועקגעשטעלט די אויפגאבע צו ארגאניזירען קאלעקטיווע אייגענטום פאר דער פולסטער באפרייאונג פון דעם מענשען.

קונסט ווערט לייכט מיטגעריסען פון פרייהייטס־אידעען, ווייל קיינער שעצט ניט פרייהייט אין אזא מאס ווי דער קינסטלער. די גלאריפיצירונג פון פרייהייט, אפט פול מיט ענטוזיאזם, האט גע־פיהרט צו דער באשאפונג פון גרויסע ווערק. אבער די קינסטלער האבען זעלטען באלייכטען די אידעע פון דער נויטווענדיגקייט איינצואָרדענען דאס קאלעקטיווע מענשליכע אייגענטום, אלס דעם איינציגען פונדאמענט, אויף וועלכען עס איז מעגליך אויפצושטע־לען דעם בנין פון פרייהייט. די ראמאנען פון בעלאמי און אפילו פון מאָריס און אייניגע פון די לעצטע ווערק פון דעם אייגענאר־טיגען געניאלען וועלט, ווייזט מיר אוים, לאזען איבער דעם לעזער קאלט. דאס זיינען צופיעל סאציאלע טראקטאטען און צו ווענינ קונסטווערק; אבער דאס ערגסטע איז, וואס דער גאנצער שטור־מישער שטרעבען צו פרייהייט קאן אפגעקיהלט ווערען מיט דער פראגע וואס זאראטוסטרא האט געשטעלט: „דו זאגסט מיר איך בין פריי, פריי... אבער צו ליעב וואס ביזטו פריי, ברודער מיינער?“

פרייהייט קען ניט זיין קיין ענד־ציעל. אלס אזא שטעלט זי זיך פאר בלויז פאר א שקלאף. אויב דער ענד־ציעל פון סאציאליזם איז פרייהייט, טא וואס איז דער ענד־ציעל פון פרייהייט? די התלהבות איבער „פוסטער פרייהייט“, וואס האט אין דער לעצטער צייט צוגעקראגען נייע כחות און איז נאך דערצו איבערגעפיהרט געוואָרען פון א מיסטישען ווידער־טעם, דאס איז די התלהבות פון דעם אילאט און דעם קאליקע, דעם מענשען וואס ווערט דערשטיקט

און וואָס רענקט דאַריבער אַז לופט, דאָס רעכט צו אָטעמען, איז אַ ציעל אין זיך. מען קען ניט אָפּלייקענען די גרויסע באַדייטונג פון דער רעוואָלוציאָנער־רופענדער, אַגיטאַציאָנער קונסט פון פריי־הייטס־ליעבע, אָבער זי איז זעהר ניט דויערהאַפט. די אידעע פון ריינער פרייהייט איז איינזייטיג, און דערפאַר אפשר פאַרבייטען זי די מענשען, וואָס קענען ניט אַריינלייגען אין איהר אַן אינהאַלט, אויף אַ מיסטישען טשאַד, פון וואָס זייער פרייהייט ווערט אָנגע־בלאָזען און רייסט זיך אין די וואָלקענס אַריין, אַלץ פאַרבלייבענדיג פוסט און לייכט, אָט טאַקע אַ דאַנק איהר ליידיגקייט.

דער פאַרדאָרבענער, ענטוישטער דורשט נאָך פרייהייט ווייזט זיך אַמאָל אַרויס אין אַן אונערוואַרטעטען געשטאַלט — ער ווערט אַ דורשט צו באַפרייען זיך פון בירגערליכע פליכטען, דאָס הייסט פשוט אַ דורשט נאָך עגאָאיסטישער אָפּגעזונדערטקייט פון דעם אַל־וועלטליכען פּראָצעס, פון דעם קאַמף פאַר קאָנקרעטער פרייהייט און איהר נייעם קאָנקרעטען אינהאַלט.

### דער דריטער שטאַפּעל.

טיעפער און העכער איז דער באַגריעף פון סאָציאַליזם, אַלס די נייע קאָלעקטיוויסטישע וועלט, וואָס ווערט געבאָרען אינוועניג אין דער אַלטער אינדיווידואַליסטישער וועלט. דער באַזיס פוןביידע וועלטען איז דער געזעלשאַפטליכער כאַראַקטער פון דעם פּראָצעס פון אַרבייט. אָבער פאַר דעם קינסטלער איז דאָ אַ סך וויכטיגער דער אינערליכער פּראָצעס — דער קאַמף אין דער נשמה פון דעם מענשען און דער מענשהייט צווישען די צוויי יסודות — אינדיי־ווידואַליזם און קאָלעקטיוויזם. איך פערזענליך גלויב, אַז די קאָ־לעקטיווע שטימונג, דער וואוקס פון דער נייער קאָלעקטיווער נשמה שטעלט מיט זיך פאָר ניט בלויז אַ געוואַלדיגען אינטערעס פאַר'ן קינסטלער, דעם נאַטוראַליסט־פאָרשער, נאָר אויך אַ געוואַלדיגע ווערט־זאַך, וואָס איז פעהיג צו באַזעעלען אויף מייסטערווערק דורכגעדרונגען מיט הויכען ענטוזיאַזם. צום באַדויערען האָבען זיך די קינסטלער פון אונזער צייט נאַטירליכערווייזע איבערגעגעבען צום אינדיווידואַליזם, וואָס איז כמעט גאָרנישט עמפּפענגליך צו די ערשיינונגען פון דער נייער קאָלעקטיווער נשמה, וואָס הויבט ערשט אָן אויספּרובירען איהרע דערווייל נאָך שוואַכע פליגלען.

זייער אומגליק ליגט אין דעם, וואָס איבעראַל נעמען זיי אָן די פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגישע ערשיינונג פון דעם המון אַלס דעם אמת'ען מוסטער פון קאָלעקטיווען דענקען און פיהלען, און די אמת'ע ערשיינונגען פון דער קאָלעקטיווער פּסיכיק, באַזונדערס די פיינערע, ווי צום ביישפּיעל די הויכע סימפּאַטיען פון די העלדען און מאַרטירער פון דער קאָלעקטיווער אידעע, אָדער דער דורשט נאָך רוהם, זיינען זיי גענייגט אָנצונעמען בלויז אין זייער אויסערליכען אינדיווידואַליזירטען אָנבליק, ניט באַמערקענדיג זייער טיעפערען געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער. ניט שוין־זשע וועט אויך דאָ אויסקומען וואַרטען אויף דעם קינסטלער־פּראָלעטאַריער אויסצודריקען די קאָלעקטיוו־שאַפענדע פּראָצעסען פון מענשליכען לעבען? איך דענק אַז ניט. אַפילו די קונסט אַליין, אויב די אומשטענדען וועלען איהר העלפען געפינען די נאָרמאַלע פאָרמען פון לעבען — קרייזען, שוהלען, ריכטונגען, — קען ברענגען צו ריכטיגע אויספיהרונגען. איך וויל זאָגען אַז דער קינסטלער וואָס געהט אָן מיט זיין ארבייט אַלס לעהרער און ערציהט שילער, וואָס פיהלט אַז ער גיט אויסדרוק צו גרופּען און מאַסען און איז זייער באַגייסטערער, קען ענטדעקען די ליכטיגע טיעפענישען פון דער נייער איבער־אינדיווידואַליסטישער נשמה דורך איינפאַכער זעלבסט־בעאָבאַכטונג. צום באַדויערען פיהרט איבער דער אינדיווואַליזם אונזערע קינסטלער. אָנשטאָט גרויסע פאָרמען פון קונסט, ש ו ל ע ן, זעהען מיר פאַר זיך אָן אָנגעשטרענגטע, היסטערישע שטרעבונג צו זיין אָריגינעל, אָפּגעזונדערט. אונזער קינסטלער קען כמעט אינגאַנצען ניט שאַפען קאָלעקטיוו, און דאָס נעמט ביי איהם אוועק די מעגליכקייט צו פאַרשטעהן די אויפגעהענדע און וואַקסענדע קאָלעקטיווע פּסיכיק.

### דער פערטער שטאַפּעל.

אָבער בלויז ווען מען באַטראַכט דאָ דעם שטאַנדפּונקט פון פילאָזאָפיע און געשיכטע, אַלס אַ נייע עפּאָכע אין דער מענשליכער קולטור, וואָס אונטערשיידט זיך ראַדיקאַל פון אַלע פריהערדיגע עפּאָכען, וועלכע די מענשהייט האָט דורכגעלעבט, באַקומט דער סאָציאַליזם זיין צוויבערענדען גלאַנץ. ארבייט, אין אַלע איהרע פאָרמען, איז אַ פּראָצעס פון דער פערמענשליכונג פון דער נאַטור, פון

איהר אונטערוואָרפענהייט צום פערנונפט, פון דער באַזיגונג פון דעם וועלט־אַל. זי קען אָבער ניט האָבען די דאָזיגע באַדייטונג אין דער פולער מאָס אַזוי לאַנג, ווי זי איז צוברעקעלט און ווערט אָנגעפיהרט כאַאָטיש. איהר צוברעקעלטקייט, איהר דעזאָרגאַניזאַציע דריקט זיך אויס אין דעם ערנידעריגענדען פאַקט, וואָס ער איז אַ שקלאַף פון דער עקאָנאָמישער סביבה, וואָס ער האָט אַליין באַשאַפען, פון זיינע אייגענע פּראָדוקציאָנס־מיטעל. ניט ווייניגער שרעקליך און ערנידעריגענד זיינען די קלאַסען־און נאַציאָנאַלע שטרייטען, וואָס באַוואָפענען מענשען איינע געגען די אַנדערע. די שטופּע פון טיעפער דעזאָרגאַניזאַציע, פון משונה'דיגער פערשווענדונג פון קולטורעלע כחות, פון אינערליכען שטרייט איז פאַטאַל אונפערמיידליך אין דעם וואוקס פון דער עקאָנאָמישער מעכטיגקייט פון מענשען, — אָבער איינמאַל איז זי באַגריפען ווערט זי אַ פלוך. אַ באַדייטענדע טייל פון די שמערצליכסטע און באַליידיגענדסטע ליידען פון מענשען ווערען פערשאַפט טאַקי פון די מענשען אַליין אין זייער בלינדען און פאַטאַלען שטרייט און צושפּאַלטונג צווישען זיך. דער פּראָצעס פון פאַרניכטען די אָפּהענגיגקייט פון דעם בעזועלטען מענשען אָן זיינע זעלבּ־לאָזע געצייג, פון פאַרניכטען קלאַסען־ און נאַציאָנען־שטרייט, איז שווער און קאָמפּליצירט, אָבער אַלס אַ רעזולטאַט פון דעם דאָזיגען פּראָצעס מוז פריי געלאָזען ווערען אָן אונגעהויערע קוואַנטיטעט פון לעבעדיגע קולטורעלע כחות. די האַסטיגקייט פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג פון דער מענשהייט וועט איבערשטייגען אַלע גרעניצען, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען. די מענשהייט וועט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ האַרמאָנישער משפחה פון געטער, וואָס וועט באַוואוסטזיניג פאַרפאָלגען איהר גרויסען ציעל — צו פאַרזיכערען די עקזיסטענץ און ענטוויקלונג אין דער וועלט פון גרויסע ערשיינונגען: גענוס, דענקען און שאַפען, — ערשיינונגען, וועלכע זיינען ענטשטאַנען אין דער וועלט אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ גליקליכען צוזאַמענפאַלען פון קלימאַטישע און כעמישע באַדינגונגען אויף אַ קליינער פּלאַנעטע און וועלכע געפינען זיך אין שטענדיגער געפאַהר פון זינלאָזען פערלוסט פון כחות אָדער זאָגאַר פון פאַרניכטונג אַלס אַ רעזולטאַט פון דעם גאַנג פון סטיכישע פּראָצעסען. די זעלבסטפאַרטיידיגונג פון

דעם מענשליכען מין איז ענג פאַרבונדען מיט אַנגריף. דער איי־בינער ציעל פון מענשען און דער ציעל, וואָס האַלט זיך אין איין דערוווייטערען פון איהם, איז צו ווערען אַ גאָט, דער אור־געדאַנק און דאָס פיהלענד הארץ פון דער וועלט. אויף דעם וועג פון פאַר־ווירקליכען דעם דאָזיגען טרוים, וואָס איז פאַלש און מיטהיש אויס־געדריקט געוואָרען אין די רעליגיען פון אַמאָל און היינט, וועלען באַשאַפען ווערען קאָלאָסאַלע קולטור־ווערק און עס וועט פאַרווירק־ליכט ווערען דער, אויף אונזער שפּראַך אונבאַשרייבליכער וואוקס פון ראַפינירטקייט פון דער אייגענשאַפט צו פיהלען און געניסען פון דער מאַכט פון געדאַנק און דער באַפעהלענדער מעכטיגקייט פון ווילען.

דער סאָציאַליזם אַ ל ס אַ ס אָ צ י אַ ל ע פּ ר אַ ג ע איז די פאָרבאַדינגונג פון אמת'ער קולטור; ער פאַרגיט זיך מיט דעם ציעל צו אָרגאַניזירען שוין איצט די אונגעהויערע אָבער צופול־ווערטע קרעפטען פון אונזער מין.

דער סאָציאַליזם אַ ל ס אַ ל ע ה ר ע איז די אמת'ע רעליגיע פון דער מענשהייט, ענטבלויזט פון די מיטהישע מאַנטלען, אין וועלכע די נישט געניגענדע ענטוויקלונג פון דעם אינטעלעקט און די געפיהלען פון אונזערע פאָטערס האָט זיי איינגעוויקעלט. ער פאַראייניגט אונזער „באַשיידענע", „מאַטעריאַליסטישע" ענט־שטעהונג, די אונפאַרמיידליכקייט פון ליידען, פון ערנידערונגען, וועלכע מיר האָבען דורכגעלעבט, פון נידערטרעכטיגקייטען און פעהלערען, וועלכע מיר זיינען באַגאַנגען; די אונפאַרמיידליכקייט פון דעם ביטערען בעכער פון ליידען, וואָס דאַרפען נאָך פאָרקומען, און צוזאַמען מיט דעם אַלעמען — די הויכקייט און גרויסקייט פון דער אויפגאַבע פון אַל־מענשליכען מיטאַרבייטען, וואָס שטעלט פאַר זיך אַלץ קלאָרער און קלאָרער דעם ציעל: עס מ ו ז ז י י ן אַ גאָט, אַ לעבעדיגער, אַן אַל־גליקליכער און אַל־מעכטיגער. מיר זיינען זיינע באַשעפער!

דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם דעקט אויף אַבסטראַקט און אין די גרונט־שטריכען דעם פּיינליכען, ריהרענדען, מאַיעסטעטישען און זאָנדערבאַרען פּראָצעס פון גאָט־שאַפונג, אַנדערש גע־רופען דעם ו ו י ר ט ש אַ פ ט ל י כ ע ן פּראָצעס. די קונסט,

די טראַגעדיען־קונסט, דאַרף אויפדעקען און לאָזען פיהלען דעם דאָזיגען פּראָצעס אין דער גאַנצער קאָנקרעטער הייסער פּיעל־פּאַר־ביגער, שטורמישער פּאַרענדערונג פון זיינע אונענדליכע ווירקליכע אָדער דענקבאַרע ערשיינונגען. יעדער אמת'ע טראַגעדיען־קונסט איז סאָציאַליסטיש. באַוואוסטזיניגע טראַגעדיען־קונסט איז דאָפּעלט סאָציאַליסטיש.

סאָציאַליזם נויטיגט זיך אין קונסט. יעדע אַגיטאַציע איז עמבריאָנישע קונסט. יעדע קונסט איז אַגיטאַציע. זי איז די ער־ציהונג פון נשמות, זייער קולטורעלע פּאַרוואַנדלונג. אויף דעם אַלגעמיינעם באָדען פון דער טראַגישער וועלט אַנשויאונג זיינען, נאַטירליך, מעגליך פיעלע ריכטונגען וואָס קענען שטרייטען איינע מיט דער אַנדערע. אָבער אַזאַ קאַמף קען געבוירען נייע לעבענס בליהטען, קען צוגעבען פלאַכען צו דער טויזענד־פלאַכיגער פיגור פון דער מענשליכער נשמה.

דער בונד צווישען דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם און אמת'ער קונסט איז אַ נאַטירליכע זאַך. צום באַדויערען פּאַר־שטעהן איצט ניט פיעלע די גאַנצע קולטורעלע באַדייטונג פון דעם סאָציאַליזם, און אין דער זעלבער צייט זיינען, צום באַדויערען, נייע מייסטערווערק פון אמת'ער קונסט זעהר זעלטען. דאָס אַלעם באַציהט זיך אויך אויף דעם טעאַטער, און מעהר און פריהער פאַר אַלעמען אויף דעם טעאַטער.

## דער צוקינפטיגער טעאַטער.

איך וועל פּראָבירען געבען כאָטש אַ קליינעם איבערבליק אי־בער דעם וואָס דער טעאַטער דאַרף זיין און וואָס ער וועט וואהר־שיינליך זיין אין דער צוקונפט. און איך בעט מען זאָל באַמערקען אַז אויב איך זאָג וואהרשיינליך, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס איך דערלאָז דעם געדאַנק, דאָס פיליכט איבערטרייב איך די באַדייטונג פון דעם טעאַטער אין דער צוקונפט פון אַ גליקלי־כער געזעלשאַפט, נאָר דערפאַר, וואָס איצט איז קוים מעגליך צו געפינען פאַרבען, וואָס זאָלען איבערגעבען די גרויסקייט פון דער קומענדער קולטורעלער ראָל פון טעאַטער.

דער באַוואוסטזיין פון דער לעבענס־טראַגעדיע וועט זיך, נאַטירליך, דערהויבען ביז צו דער העכסטער שטופע. די ראַפינירטקייט אַליין פון דער פאַנאַנדערגעוויקעלטער געטליכער נאַטור פון דעם לעבעדיגען אָרגאַניזם וועט פיהרען צו דעם, אַז די אָפּהענגיגקייט פון דעם מענשען אָן די שוואַרצע און קאַלטע טיעפענישען פון דעם אַלוועלטליכען שטח, וועלכע האָבען אין זיך פאַרבאָרגען זייערע טויטליכע איבערראַשונגען, און פון דער קינד־אויפפרעסענדער צייט—וועט זיך פיהלען נאָך שאַרפער; די אַלע פיעל־געשטאַלטיגע ערשיינונגען פון דער באַגרענעצטקייט פון אונזער גייסט און זיין געפאַנגשאַפט, דאָס הייסט, זיין נישט גענוגענדע ענטוויקלונג, די ווידערשפרוכען צווישען זיינע כמעט שוין געטליך־אָרגאַניזירטע אָרגאַנען פון טרוים און די נאָך גראָבע אָרגאַנען פון געפיהל און באַוועגונג, — דאָס אַלעס וועט אין דעם מענשען אַרויסרופען אַ שעפּפערישע בענקעניש און אומעט, אַ טיעפע, טרוימערישע, אין דער ווייטקייט שטרעבענדע מעלאַנכאָליע, פאַר וועלכער עס זיינען מעגליך בלויז צוויי אויסגאַנגען: די פייערטעג פון זעלבסט־פאַרגעסען — אין די מאָמענטען פון אָרגישער פרייד. אין די פייערטעג פון זעלבסט־פאַרטרויענדע אויפפאָדערונגען צו דער צוקונפט און ריהרענדע עראינערונגען וועגען דער פאַרגאַנגענהייט, — פייערטעג פון פאַראייניגונג מיט די אור־עלטערען און די קומענדע דורות, מיט די געשטאָרבענע ברידער און מיט די וואָס דאַרפען ערשט געבוירען ווערען. די רעטונג איז אין דעם שאַרפען גענוס פון דעם *מאָמענט* אָדער אין דעם אַלץ־אַרומנעהמענדען געפיהל פון איינהייט און *אייביגקייט* פון דעם וואַקסענדען מין.

די ביידע זאַכען וועלען נאָך מיין מיינונג, געפינען פּלאַץ אין דעם פרייען רעליגיעזען קולט פון דער צוקונפט. אַ פרייער, קינסטלערישער, אימער־שאַפענדער קולט, וועט פאַרוואַנדלען די טעמפּלען אין טעאַטערען און די טעאַטערען אין טעמפּלען.

דער געזעלשאַפטליכער טעאַטער וועט זיין דאָס פּלאַץ פאַר קאָלעקטיווע אויפפיהרונג פון טראַגעדיען, וואָס דאַרפען דערהויבען די נשמות צו רעליגיעזען עקסטאַז, צי דאָס איז אַ שטורמישער עקסטאַז צי אַ פילאָזאָפיש־רוהיגער. זייט ביי זייט מיט דער געזעלשאַפטליכער איניציאַטיווע, דאָס הייסט, דער אויפפיהרונג פון

טראַגעדיען און מוניציפּאַליטעטען, קונסט־אַקאַדעמיען און פאַר־וויילונגס־געזעלשאַפטען, — וועט אַ ברייט פּלאַץ אָפּגעגעבען ווערען צו פּריוואַטע איניציאַטיווע. פּאָעטען, מאַהלער, זינגער, מוזיקער, אַקטיאָרען, שעהנע מענער און שעהנע פרויען — קענען זיך פאַר־אייניגען אין פרייוויליגע געזעלשאַפטען מיט דעם אָפּיציעלען צוועק אויסצואַרבייטען און פאַרווירקליכען דעם טרוים פון וועלכען עס ניט איז דראַמאַטורג אָדער אַפילו פילאָזאָף. אַלס אַ רעזולטאַט פון דעם קאָלעקטיווען שאַפען פון גלייך־דענקענדע מיטבירגער און מיט־קינסטלער וועלען ענטשטעהן וואונדערליכע דראַמען, פּראָ־צעסיען, צערעמאָניען, וואָס וועלען אויסדריקען די אָדער יענע טענדענץ.

דער קולטורעלער אידעען קאַמף וועט געפינען אַן אויסדרוק הויפּטזעכליך דורך די דאָזיגע מיטעל.

היינט וועט אַ בעטריעבטער פּאָעט, וועלכער פאָדערט פריהער פאַר אַלעם אַז דאָס וואָס איז זאָל מיט מוט קאָנסטאַטירט ווערען, אויפפיהרען צוזאַמען מיט זיינע פריינד זיין יאָמער איבער דער שטערבליכקייט פון דעם מענשען, איבער דער רייפקייט, עלטער אין דעם פּראָצעס פון פוילען, וואָס לויערט אויף יעדער ערשיינונג פון שעהנקייט, און ער וועט אויפטרייסלען הערצער מיט דעם באַ־וואוסטזיין פון דעם שרעק פון לעבען און וועט מאַכען טויזענדער וויינען איבער דעם אייביג אָפּשטאַרבענדען לעבען. מאָרגען וועלען, אַלס אַן ענטפער צו איהם, דונערען די כאָרען פון אַ טראַגע־דיע, וואָס דערצעהלט וועגען דעם אייביגען זיעג פון לעבען.

היינט וועט אַ וואַגענדער אינדיווידואַליסט אַ שליידער טאָן אַ לייד־ענשאַפטליך וואָרט אין דעם פּנים פון קאָלעקטיוויטעט, און וועט פּראָקלאַמירען דאָס הייליג רעכט פאַרשוועכט פון סאָציאַליזם, דאָס רעכט צו געוועלטיגען איבער דעם מיט־מענש, איהם צו באַ־זיצען, איהם צו פּייניגען, דאָס רעכט אויף דעם העכסטען גענוס פון אונבאַגרענעצטער מאַכט איבער צו זיך עהנליכע. מאָרגען וועט די קאָלעקטיוויטעט איהם ענטפערען פּילייכט מיט אַ בייזער פּאַ־ראַדיע אויף זיין ניט־צוריקגעהאַלטענער לוסט פון אַ דעספּאָט.

און געגען דעם נישט־שטאַרבענדען טיפּ פון׳ם ק ל אַ ס י ג ע ר און ה אַ ר מ אָ נ י ס ט וועט אַרויסטרעטען דער נישט־שטאַר־

בענדער ר אַ מ אַ נ ט י ק ע ר. איינער וועט ריהמען דעם טרי־אומף פון דער פאָרם, פון רוהיג גליק, מאַיעסטעטישען אפּאָטהעאָז און גלייכגעוויכט, און אַ צווייטער וועט ווילד אויסשרייען אַז עס איז נויטיג צו צושמעטערען די בעסטע האַרמאָניע, אפילו בלויז צוליעב דעם, אַז מען זאָל ווייטער ליידען און שטרעבען. און דאָס אַלעס וועט זיין אין בילדער, אין קאָנפליקטען, פאַרבען, מוזיק און שעהנקייט.

אָבער זייט ביי זייט מיט דעם טעאַטער פאַר צעהנדליגע טויזענדער, מיט דעם טעאַטער פון בלענדענד־העלע אויפפיהרונגען, גרויסע אָ פּ ע ר ע ס, וועט אַ גוואַלדיגע ראָל שפּילען אויך דער אינטימער טעאַטער.

פּערזענליכע איבערלעבונגען וועלען געפינען אַן אויסדרוק אין מאָנאָלאָגען און דיאַלאָגען, קורצע אַקטען, איבערלעבונגען אין אַ ווינקעל. דאָס אַלעס וועט פּלייכט געשפּיעלט ווערען מעהרערע מאָל און אויף פאַרשידענע אופנים פון אַרטיסטען, וואָס די פאַרפאַסער וועלען אויסקלייבען און עס וועט ווערען דאָס אייגענטום פון אַלעמען מיט דער הילף פון דעם קינעמאַ־פאָנאָגראַף. זיצענדיג ביי זיך אין צימער מיט אַ פּאָר נאָהענטע וועט אונזער אור־אייניקעל קענען פאַר זיך אויסקלייבען אַ באַליעבטען אַקט פון דעם ווערק פון אַ געליעבטען פּאָעט, און פאַר איהם וועט זיך פאַנאַנדערוויקלען אַנ'אַנדער וועלט, און, אַ פרעהליכע אָדער אַן אומעטיגע, אַ שעהנע אָדער אַ שוידערליכע, וועט אַ פרעמדע נשמה, אַ פרעמדע וועלט, אַ פרעמד לעבען זיך פאַנאַנדערעפענען פאַר זיין אויער און אויג. איך גלויב, אַז מענשען וואָס זיינען טייער פאַר דער גאַנצער מענשהייט אָדער פאַר אַ געוויסער פאַמיליע, וועלען פאַראייביגען זייער זכרון אין דעם זעלבען אופן. אַ נייער זיעג איבער דעם טויט.

און וואָס פאַר אַ עדעלע אָפּפערליכקייט פון דער נשמה עס וועט זיך ענטוויקלען אין דער טעאַטער וועלט פון דער צוקונפט! דער צושויער אַזוי גוט ווי דער אַקטיאָר וועלען איבערלעבען טויזענדער לעבענס. די נשמות וועלען זיך פאַנאַנדערעפענען איינע

פאַר די אַנדערע, די ווענט פון אונזערע איינזאַמע וועלען פאַלען. אונזערע איינציקלעך וועלען פיהלען אַזוי ווי זיי זיינען ניטראַנען פון איין וועלט מאַרך, מאַלעקולען פון אַ וואַקסענדער וועלט־נשמה, פון דעם באַוואוסטזיין אין דעם הערשענדען ווילען פון אַ פּרעכטיגען וועלט־אַל.

און אימער פאָרווערטס!

## די קולטור־אויפגאַבען פונ'ם אַרבייטער־קלאַס.

עס איז טרויעריג, אָבער דאָך אַ פאַקט. די אַלגעמיינע קולטור ווערט אָוועקגעשטעלט ווי אַ סתירה צו די נאַציאָנאַלע קולטורען. די לעזונג פון אָט דער כלומר'שטדיגער סתירה איז אַלעמען בעקאַנט און פאַרשטענדליך. עס וואָלט געווען צו לאַנגווייליג אַריינצולאָזען זיך אין ויכוחים מיט די פּאַטריאָטען פונ'ם אַלט־כינעזישען שניט. זיי ווילען אָבצאַהמען זייער אייגענע קולטור פון דער אַלגעמיינער מיט אַ דיקער וואַנט. אפילו די מלחמה, וואָס האָט צוברעקעלט די מענשהייט ניט אַזוי אויף נאַציאָנאַלע ווי אויף מיליטעריש־פּאָליצייאישע שטיקער, האָט אויך נור אויף אַ קורצער צייט געליהען אָט די פּאַטריאָטען די היציגע ליעבע צום היימישען, און זייער ערפאָלג איז געווען נאָר אַן אויבערפלעכליכער: ער איז דאָך געקומען ניט אַזוי מאהבת מרדכי ווי משנאת המן.

די מענשהייט געהט אָהן אַן אָבהאַלט אַלץ ווייטער אויפ'ן וועג פון אינטערנאַציאָנאַלער קולטור. די נאַציאָנאַלע יסודות וועלען, נאַטירליך, נאָך בלייבען אַ לאַנגע צייט. דער אינטערנאַציאָנאַליזם האָט אָבער כלל ניט בדעה צו פאַרניכטען די נאַציאָנאַלע מאָטיווען אין דער אַלגעמיין מענשליכער סימפאָניע. זיין ציעל איז — זיי צו האַרמאָניזירען, זיי פריי צוזאַמענגיסען.

עס פּלאַצען די נאַציאָנאַלע ראַהמען. עס ווערען באַזיעגט די עפּאָכען: די שטופּען אויף דעם גרויסען לייטער פון דער וועלט־געשיכטע. ניט לאַנג צוריק האָט מען נאָך געקענט טרעפען מענשען, אפילו צווישען די געבילדעטסטע, וואָס האָבען בעטראַכט נאָר די מאָדערנע אייראָפּעאישע קולטור אַלס עכטע, ווערטפולע קולטור. אַלע אוצרות פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון די אָבגעשטאַנענע פעלקער האָבען געהאַט ביי זיי נור אַן אַרכעאָלאָגישען און עטנאָגראַפישען ווערט. אָפטער נאָך האָט מען זיך אָנגעשטויסען אויף יענע טיפּען, ביי וועמען די אָביעקטיווע מאָס פאַר קונסט און גייסטיגע ווערטען פון די אַמאָליגע עפּאָכען איז געוועזען זייער אייגענער געשמאַק אָדער דער געשמאַק פון זייער גרופּע. אייניגע

האָבען געלויבט אין טאָג אריין די ביזאַנטישע קונסט, אַנדערע האָבען זי פארדאמט און כורעים געפאלען פאַר דעם רענעסאַנס. צווישען די רענעסאַנס־חסידים זיינען אָבער אויך געווען חלוקי־דעות. איינינע זיינען נתפעל געוואָרען פאַר'ן רעליגיעזען ערנסט און דער נאאיווער טיעפקייט פונ'ם פריה־רענעסאַנס און האָבען ווינציג וואָס געהאַלטען פונ'ם פוסטען און טומעלדיגען 16־טען יאָהרהונדערט. אַנדערע ווידער האָבען צופויקט איבער דער וועלט דעם פאַלשטענדיגען נצחון פון הומאַניזם און דאָס אויפ־לעבען פון דער ריינער שעהנקייט דורך דער וואונדערבארער קראפט פון ראפאעל אָדער טיציאַן. אָט די טיפען האָבען אָבער קיין גוט וואָרט ניט געהאַט וועגען 14טען און 15טען יאהרהונדערט, א. ז. וו.

עס איז ניטאָ קיין עפּאָכע, וואָס זאָל ניט האָבען איהרע פאַר־טיידיגער. אפילו אונטערגאַנגס־עפּאָכען האָבען אויך זייערע מליצי־יושר. ניט לאַנג צוריק נאָך האָט מען געקוקט אויף דער באַראָק־ריכטונג ווי אויף דעם דייטליכען אונטערגאַנג פונ'ם ריינעם סטיל פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע. דאָך ווייסען מיר שוין איצטער, אז די טרעגער פון אָט דער ריכטונג זיינען דאָס געווען די גרויסע פוטוריסטען פונ'ם 17־טען יאָהרהונדערט. הכלל, פון די האַלץ פיגורען פון עפּעס א באטאקודער ביז די פארבען סימפאָניעס פון וויסטלער, און פון דעם אורטאַנץ ריטם ביז צו דעבוססי, האָבען מענשען שטענדיג געפונען זייערע געצקעס און אַלע מאָל מודיע געווען דער וועלט: „דאָס איז דער איינציגער גאָט, ניטאָ קיין אַנ־דערער!“

אָט די ענדערונגען אָבער האָבען אונז שטענדיג געהאָלפען באגרייפען די אַלגעמיין מענשליכע באדייטונג פון דער קינסטלע־רישער און גייסטיגער קולטור אין אַלע זייערע ערשיינונגען. די ענדערונגען זיינען זעהר נויטיג און מיר דארפען זיי באגריסען.

עס ווייזט אויס, אז דער יריד פון דעם עקלעקטיציזם האָט פאַר די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהרען א גרויסע טובה געטהאָן דער מענשהייט. די עקלעקטיקער האָבען צוגעוועהנט די מענשען ניט צו פארוואַרפען זאכען, וואָס זיינען אויף'ן ערשטען בליק אומ־פארשטענדליך; מען האַלט אין איין לערנען. מען פאַרטיעפט זיך אין יענעמס אַרגומענטען, עס וואַקסט די צאָהל פון מענשען,

וואָס קוקען מיט שטאָלץ אויף די אַנגעזאַמעלטע קונסט־אוצרות פון דער מענשהייט. מען האָט ליעב די מענשליכע פאַרגאַנגענהייט, מען שעצט דאָס שותפות׳דיגע שאַפען פון אַלע נאַציאָנען און אַלע יאהרהונדערטע.

אָט אַזוי, אייגענטליך, האַלט דאָס אין דעם געעגנזאַץ צווישען דער אַלגעמיינער קולטור און די נאַציאָנאַלע קולטורען, צווישען די קולטורען פון באַזונדערע עפּאָכען און דער אידעע פון דער אַלגע־מיין־מענשליכער קולטור.

אָבער די פראַגע וועגען דער שייכות פון אָט דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור צו די קלאַסען־קולטורען איז כמעט ניי און ווייניג באַארבייט. ווען די מאַרקסיסטען האָבען אָניעוויזען אויף אָט דעם געגענזאַץ האָט מען זיי באַגעגענט קאַלט, כמעט פיינדליך. האָט מען אָבער אַ שמועס געטהאָן מכח דער פּראָלעטאַרישער קול־טור, וואָס איז נאָך איצט אין איהרע וויקעלאַך, און אָנגעצייגט, אַז זי וועט אָבסאָלוט זיין אַנדערש פון דער בירגערליכער קולטור, איז מען מיט גזלנישער רציחה אָנגעפאַלען אויף אַזעלכע אפּיקור־סישע געדאַנקען.

וואָס? איהר ווילט שוין אַריבערטראָגען דעם קלאַסענקאַמף אויפ׳ן קולטורעלען געביעט אויך? וואו זיינען מיר עס אין דער וועלט? באַלד וועט מען שוין ריידען ניט נאָר פון פּראָלעטאַרישער מוזיק, נאָר אויך פון באָלשעוויסטישער סקולפּטור און פון מענשע־וויסטישער אַרכיטעקטור! אָט די פּאַרטיי מענשען וועלען באַלד אַלעס אין דער וועלט איינטיילען לויט די רובריקען פון זייער פּאַר־טיי־בוכהאַלטעריע.

נייען מאָס גליהענדע און שעהנע פראַזען קאָן מען אָנשיטען ביי אַזאַ גלענצענדער געלעגענהייט. ווי גרינג עס איז אַביסעל אָנצופאַלען אויף די פאַנאַטיקער־אפּיקורסים אינ׳ם נאָמען פון דעם „איינהייטליכען אידעאַל״, אין דעם נאָמען פון אַלעס „גרויסעס, שעהנעס״ א. ז. וו.

אָבער דאָס איז דאָך מעהר ניט ווי צופּוילטע פראַזעאָלאָגיע. אונטער איהר באַהאַלט זיך דער עקעלהאַפטער באַוואוסטזיין, אַז פאַר די דיענער פון אַ צופּוליטער קולטור איז פינסטערניש אַם בעסטען צוגעפּאַסט. אַלע יונים באַקומען דאַמאַלסט איין פּנים.

די וויסענשאַפטליך־סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטס־לעהרע האָט, צווישען איהרע אַנדערע פּרינציפּען, אויך פעסטגעשטעלט דעם פּרינציפּ, אַז יעדע קולטור באַזיצט איהר קלאַסענכאַראַקטער. (די איינציגע אויסנאַהמען זיינען נאָר די קולטורען פון דער פאַרהיס־טאָרישער עפּאָכע און פון דער צוקינפטיגער סאָציאַליסטישער גע־זעלשאַפט. אָט די געזעלשאַפטס־לעהרע מאַכט אַ קליינעם וועזען פון׳ם „לאו“, וואָס די עקלעקטיקער האָבען אויפגעהאַנגען אויף די טויערען פון׳ם קולטור־טעמפּעל. זי, די לעהרע, שפּאַנט אַריי־בער די טויערען און מעסט דאָרטען אַלעס מיט דער זעלבער קריי־טישער מאָס.

זעהר אָפט שטויסט מען זיך אָן אויפ׳ן געדאַנק, אַז דער אמת׳ער קוואַל פון אַלע קולטור־ווערטען איז די פּערזענליכקייט. אָבער צו אַזאַ מיינונג קאָן מען נאָר קומען ווען מען באַטראַכט די פּערזענליכקייט אַלס עטוואָס מיסטישעס, איבערנאַטירליכעס.

די וויסענשאַפט האָט שוין פאַלשטענדיג פאַרוואָרפען דעם גע־דאַנק, אַז דער אינדיווידועלער גייסט איז עפּעס אַזאַ מין איידעלע מאַטעריע, וואָס מען קאָן ניט אַנאַליזירען, אָדער מעסטען. די רעזולטאַטען פון דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג מכח דער פּערזענ־ליכקייט האָבען פּיעל באַרייכערט די ידיעות וועגען דעם מענשען. איצטער קאָנען שוין אַלע איינזעהן, אַז עס איז פּשוט אַ נויטווענ־דיגקייט אַוועקצושטעלען די פראַגען: פון וואַנען קוועלט אַרויס אָט די פּערזענליכקייט? וואו נעמט זי איהר אינהאַלט? ווען מיר זאָגען, פּשוט צוליעב איינפאַכקייט, אַז די פעהיגקייטען און באַגאַבונג פון אַ פּערזענליכקייט זיינען פּסיכאָלאָגישע ערשיינונגען, ווען מיר ערקלערען אָט די פּסיכאָלאָגישע ערשיינונגען דורך דעם ירושה־געזעץ און אַ רייהע ענדערונגען—וועט דאָס אויך ניט בייטען דאָס פעלד פון סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער אונטערזוכונג.

אמת, מען קאָן באַשטימטע געדאַנקען און געפיהלען פאַר־קערפּערן. מען קאָן זיי מעהר אָדער ווייניגער באַלייכטען און האַר־מאָניש צונויפקניפּען, אַ צווייטען אפילו איבערציינגען, אַז דאָס איז תורת משה. אָבער די פראַגען: „וואָס פאַר אַ מין געפיהלען און געדאַנקען זיינען זיי דאָס?“ פאַרוואָס גראָד ערשיינען זיי

אין אַזאַ צוזאַמענהאַנג און ניט אין קיין אַנדערן?" — אָט די פֿראַגען זיינען און בלייבען אַלץ סאָציאָלאָגישע פֿראַגען.

דער מענש, וואָס איז ניט מעהר ווי אַ „טאַבולאַ ראַזאַ", אַן אומבאַשריבענער בויגען פּאַפּיער, פֿאַנגט אָן נאָך אין די וויקעלאַך זיך פֿאַנאַנדערצוקלייבען אין די שרפּיטצייכענס פֿון לעבען. פֿון די ערשטע איינדריקע, פֿון די ערשטע ווירקונגען, וואָס ער באַקומט פֿון זיינע נעבען־מענשען, פֿון די ערשטע ערפֿאַהרונגען וועגען פֿרעמדע מענשען, וועגען זיין פֿאַמיליע, שוהלע און וועגען דער סאָציאַלער סטרוקטור בכלל ווענדט זיך זיין גאַנצער נשמה־אינהאַלט. די נשמה איז אַ מיניאַטור־פֿאָרם, געבויט פֿון די זעלביגע גייסטיגע און קראַפֿט־ליניעס ווי דאָס גאַנצע געזעלשאַפֿטליכע לעבען. זיינע געדאַנקען באַרגט דער מענש אויס פֿון דער אָדער יענער שוהלע, זיינע געפֿיהלען קריעגט ער פֿון די אָדער יענע סעקטען און גרופּען. זיי, די דאָזיגע געדאַנקען און געפֿיהלען, קאָמבינירען זיך שטענדיג לויט אַ געוויסען און אייגענאַרטיגען סדר אין איינקלאַנג מיט דער געאָגראַפֿישער און געזעלשאַפֿטליכער שטעלונג פֿונ'ם מענשען. די ערשטע רייהע ברעכט זיך איין אין דער צווייטער און פֿאַרענדערט זי. אָט אַזוי בויט זיך אויף די מענשליכע פּערזענליכקייט. די שאַרפֿקייט פֿון איהרע איבערלעבונגען, דער טעמפּ פֿון איהר רעאַגירען און די פֿרוכטבאַרקייט פֿון איהר שאַפֿען, ווערען אויך באַשטימט פֿון איהרע פּסיכאָלאָגישע אייגענטימליכקייטען. זיי באַרירען אָבער כלל ניט דעם אינהאַלט פֿון די איבערלעבונגען און פֿונ'ם שאַפֿען.

עס איז אונמעגליך זיך פֿאָרצושטעלען אין אַ קאָמפּליצירטער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, אַז צוויי אָדער מעהר יחידים זאָלען זיך צוזאַמענגיסען אין אַלע זייערע פּרטים. אָבער דאָ איז נאָר וויכטיג די רעלאַטיווע עהנליכקייט פֿון דער סביבה. אַן עהנליכקייט אין דער סביבה שאַפֿט אַ גייסטיגע קרבות צווישען פֿאַרשיעדענע פּערזענליכקייטען. די עהנליכע סביבות לייגען זיי אָפּט אין מויל אריין די זעלביגע שפּראַך, ניט נאָר בדרך משל, נאָר טאַקע פּשוטו כמשמעו.

ניט אַלע איבערלעבונגען און איינדריקע, ניט אַלע קרעפֿטען, וואָס שפּילען אַ ראָלע אין דעם גייסטיגען לעבען זיינען אַלץ

איינס שטאַרק. אייניגע זיינען באַדייטענדער און ווירקען אַ לענ־
גערע צייט. זיי זיינען אינ'ם באַוואוסטזיין מאָדעלען פאַר אַלע
אַנדערע איבערלעבונגען און איינדריקע, צווינגען אַרויף זייער
שטעמפּעל אויף זיי. און ווען די געשטאַלטען, ערינערונגען, גע־
דאַנקען און געפיהלען און אַלע אַנדערע איינוואוינער פונ'ם באַ־
וואוסטזיין פּאַסען זיך צו אַט די מאָדעלען ניט צו — ווערען זיי
איינפאַך, אָהן צערעמאָניעס, פאַרטריבען פון דאָרט.

ווער וויים ניט, אַז אין דער הינזיכט זיינען די עמפּינדונגען
דירעקט פאַרבונדען מיט דעם ווילען און זיינען איבערהויפּט שטאַר־
קער פון די אידעען? וועמען איז דען פרעמד דער פאַקט, אַז די
עמפּינדונגען, וואָס זיינען דירעקט פאַרקניפּט מיט די גרונד־באַ־
דערפעניסען, צייכענען זיך אויס מיט אַ באַזונדערער קראַפט און
נעהמען אַם־גרינגסטען אָן דעם כאַראַקטער פון „דאָמינאַציע“,
ד. ה. זיי ווערען דאָס יענע נשמה־עלעמענטען וועלכע באַהערשען
אַנדערע געדאַנקען אָדער אידעען. עס איז אָבער אַ פאַקט אַז
לא על הלחם לבדו יחיה האדם. דער מענש שטרעבט ניט נאָר
צו באַפרידיגען זיינע עלעמענטאַרע באַדערפעניסען, ער האָט
שוין געוואָרפען אַן אויג אויף דער אָנזאַמלונג פון עשירות. אָט
די אָנזאַמלונג קען אָבער קיינמאָל ניט באַפרידיגט ווערען, ווייל
יעדער צוואוּקס מיינט די פאַרגרעסערונג פון דער מאַכט פונ'ם
מענשען איבער זיין סביבה, איבער אַנדערע מענשען, ווי אויך די
באַפעסטיגונג פון אָט דער מאַכט, א. ז. וו.

און ניט נאָר רייכטום אַליין ברייננגט דאָס רעכט אויף גענוס,
זיכערט דעם מענשען אַלע זיינע עלעמענטאַרע רעכט, לאָזט איהם
צו צום סאַמע מזרח און שטעלט איהם העכער פון אַלע זיינע
מיטמענשען, נאָר אויך דער כבוד, דער יחוס, די דירעקטע און
אונמיטעלבאַרע פּאָליטישע מאַכט א. ז. וו.

פאַר אָט די אַלע זאַכען איז דער מענש גרייט צו קעמפען,
ווען ער האָט נאָר אַן אויסזיכט עטוואָס צו געווינען אָדער בכלל
ווען עס צוואוּקסט זיך ביי איהם דער אַפּעטיט. ספּעציעל זיי־
נען מענשען גרייט דערפאַר צו קעמפען, ווען זיי האָבען
שוין איינמאָל פאַרזוכט דעם זיסען טעם פון עלעמענטאַרע רעכט.

יענע זיינען גרייט מיט זייער גאנצער ענערגיע צו פארטיידיגען און באריייכערען זייערע געזעלשאפטליכע ערֿאבערונגען.

אינ׳ם קאמף פאר מאכט און רייכטום און, פון דער אנדערער זייט, אין דער זעלבסטפארטהיידיגונג געגען דער אומברחמנות׳דיגער אויסבייטונג, וואס קומט פון די הערשענדע קלאסען — אין אט דעם קאמף בילדען זיך יענע נאטירליכע פארבאנדען און ברור־דערשאפטען פון מענשען, מיט אונגעפעהר עהנליכע אינטערעסען, וואס מען רופט געוועהנליך קלאסען. אויפ׳ן באדען פון אט די קלאסען ווערען באשאפען פארטייען, סעקטען, שוהלען א. ז. וו.

מען דארף אבער ניט דענקען, אז דער אינטערעס איז אינ׳ם מענשליכען באוואוסטזיין שטענדיג אין זיין נאקעטען צושטאנד. און, אז זיין טרעגער ווייס פון איהם און טוט, וואס ער באפעהלט. דאס איז גראד, פארהעלטניסמעסיג, זעלטען דער פאל. אין דער טיפקייט פונ׳ם אונטערבאוואוסטזיין, אין פארבינדונג מיט אלע ערצויגענע געוועהנהייטען, דורכגעווייקט דורך־און־דורך מיט די עקזיסטירענדע לעהרען פון אומבאשריטענע ווארהייטען, פאר־פלייצט דער אינטערעס די גאנצע נשמה און בארגט איהר אויס די פאסיגע און באקוועמע פארמען. אט אויף אזא אופן בויט דער מענש זיין וועלטאנשויאונג אדער געפינט זי שוין פארטיגער־הייד. דער מענש איז טיעף איבערצייגט, אז ער איז דא מקיים די דינים פונ׳ם אביעקטיווען אמת, גוטעס און שעהנעס.

נאר פון א געוויסען שטח, ווייט פונ׳ם קאמף, קאן דער רוהיגער באאבאכטער איינזעהן דאס גרויסע סאציאלע געביי. דע־מאלט נאר רוקט עס זיך ארויס פונ׳ם צופעליגען און פון די אויס־נאמען שארף און גענוי. און ווען ער, דער בעאבאכטער, קלאסיפי־צירט די וועלט־אנשויאונגען און די קונסט־אוצרות זעהט ער, אז די יסודות פון עהנליכע פארמען זיינען עהנליכע אינטערעסען, בא־וואוסטע אדער אומבאוואוסטע.

דאס געוועב פון דער קולטור איז א מאדעל פון פיינקייט און עדעלקייט. אמת, מען קאן מיט א פעדאנטישע טעמפּקייט א נישטער טאן און זוכען עגאאיסטישע מאטיווען אומעטום. דאס איז אבער ניט דער שטייגער פון דער סאציאל־אנאליטישער עקא־נאמישער מעטאדע אין דער אויספארשונג פון דער קולטור. דאס

איז מעהר ניט ווי די קאָמפּראָמיטירענדע ערשיינונג פון עפּעס א מין מיזאַנטראָפּיע, רחמנא לצלן, וואָס זעהט אומעטום פאַלש־קייט, וואָס דערשפּירט כלומר'שט דעם אמת אונטער דעם „פיעל צופּויקטען אידעאַליזם".

דאָס איז אָבער דאָ ניט די פראַגע. דאָ האַנדעלט זיך וועגען דעם פאַטאַלען צוואַנג פון די עלעמענטאַרע אינטערעסען און ספּעציעל פון די גרופּען־אינטערעסען איבער דעם יחיד.

לאָמיר נעמען אַן אַריסטאָקראַטישע פּערזענליכקייט, למשל, אָדער א פאַרטרעטער פון דער גרויס־בורזשואַזיע; זיי האָבען טראַדיציעס, וואָס זייערע זיידעס האָבען נאָך אויסגעאַרבייט; זייערע פאַמיליעס און פריינד קניהען און בוקען זיך צום זעלּ־ביגען גאָט, צום קאָנסערוואַטיזם, צו דער, דורך אַלטקייט געהייליגטער, געזעלשאַפטס־אָרדנונג. אַלע גלויבען זיי, אַז די אינדוסטריע מוז געפיהרט ווערען פון די גאָטס־געבענשטע קאַפּיטאַלען. אָט די מענשען טוט טאַקע באמת וועה דאָס האַרץ, ווען זיי ריידען וועגען דעם אונטערגאַנג פון דער גאַנצער קולטור אין פאַל זייערע קלאַסען־שונאים זאָלען חלילה מנצח זיין. אזא נצחון שטעלט זיך זיי טאַקע באמת פאָר אין אזא ליכט. און ווען זיי סטראַשען, מיט צונויפגעדריקטע פויסטען און קריצענדע ציינער, צו קעמפען ביז'ן לעצטען טראָפּען בלוט געגען דער „אַנאַרכיע" און פאַר דער מענשהייט — מיינען זיי דאָס טאַקע ערנסט. פרעגט מען זיי אָבער, ווי אזוי זיי זיינען געקומען צו אזעלכע איבערציינגונגען, וואָסערע מעטאָדען האָבען זיי באַנוצט דערצו, און קומט מען צו נעהענטער צום קוואַל פון אָט די איבערציינגונגען און מעטאָדען — טאַפּט מען ממש אָן בידים זייערע אינטערעסען.

כל זמן א קלאַס איז געזונד און שטאַרק און האָט נאָך פאַר זיך א צוקונפט, מעג ער זיין ווי עקספּלואַטאַטאָריש, זיינען זיינע אינדיווידועלע פאַרטרעטער פעהיג צו העלדענטאַטען צוליעב אַלגעמיינע קלאַסען־אינטערעסען. ווען אָבער דער ציניש־אַנטפּלעקטער עגאָאיסטישער אינטערעס קריעגט די אויבערהאַנד איז דאָס אליין שוין א גוטער סמן, אַז דער קלאַס פאַנגט אָן צו פוילען און, אַז זיין אונטערגאַנג איז נאָהענט.

אויפ׳ן באדען פון די אינטערעסען פון דער אָדער יענער מעכטיגער געזעלשאַפטליכער גרופע שפּראָצען ארויס גאנצע און ספּעציעלע קולטורען, וואָס זיינען אינערליך צוזאַמענגעבונדען און, מעהר אָדער ווייניגער, איינהייטליך. די אויפפאסונג פון גאָט און דער וועלט, פון געזעלשאַפטליכער מאָראַל און רעכט, פון די ענטוויקלונגס־געזעצען פון דער געזעלשאַפט, די אויפפאסונג פון דעםווירטשאַפטליכען לעבען, די לעבענס־פאָרמען פון דער קונסט— דאָס אַלעס מוז אומבאַדינגט זיך איינפּאַסען איינס אינ׳ם אַנדערען, אַנדערש וואָלט די קולטור קיין קיום ניט געהאַט. איינער און דערזעלבער גייסט מוז באַהערשען אַלע איהרע צווייגען, ווייל אינ־נערליכע סתירות שוואַכען אָב די קולטור און פיהרען צו אַן אומ־זיסטיגען פאַרשווענדען פון כחות. נאָר נויטיגער פון אַלץ איז אָבער, אַז אַלע אידעען פון אָט דער קולטור, די שטימונגען און פאָרמען איהרע זאָלען ניט קומען אין קיין סתירה מיט די סאַמע יסודות, ד. ה. מיט די סאַמע פונדאַמענטאַלע אינטערעסען פון דער הערשענדער גרופע, מיט דעם, וואָס ס׳איז אבסאָלוט נויטיג פאַר איהר עקזיסטענץ, פאַר דער באַפעסטיגונג פון איהר מאַכט און איינפלוס אין דער געזעלשאַפט.

געוויס ווייס די געשיכטע און אויך דאָס מאָדערנע לעבען פון אַזעלכע געזעלשאַפטען, וואו די פיהרונג איז אין די הענט ניט פון איין גרופע, נאָר פון עטליכע. אַזוי זעהען מיר אין דעם היינטיגען דייטשלאַנד אָדער ענגלאַנד*) צוויי פּרינציפּיעל־גע־גענזעצליכע קולטורען — דאָס רעשטעל פונ׳ם פעאָדאַליזם און די קולטור פון דער גרויס־בורזשואַזיע. זיי לעבען און ווירקען גלייכצייטיג, איינע נעבען דער אַנדערער. די קלאַסענגעגענזאַצען צווישען זיי ווערען אָבער וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָבגעווישט: די פּריצים נעמען זיך אַלץ מעהר צו פאַבריקאַציע, און די בור־זשואַזע מאַגנאַטען שפּיעלען אַלץ אָפטער די ראָלע פון פּריצים.

די קולטור פון יעדער נאַציאָן, פון יעדער שטאַאט ווערט בכלל דיקטירט פון די הערשענדע קלאַסען. זיי שאַפען זי אָבער

*) די אָפּהאַנדלונג איז געשריבען אין די ערשטע חדשים נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון פריהלינג 1917.

ניט דירעקט. די אַרבייטער שאַפען די מאַטעריעלע קולטור און די פיינערע פאָרמען פון דער גייסטיגער קולטור שאַפען פאַבלייט פון דער אינטעליגענץ.

די אינטעליגענץ אָבער פאַרנעמט אַ מאָדנעם פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט. דירעקט באַזיצט זי ניט קיין מאַכט. עקאָנאָמיש איז זי אינגאַנצען אָבהענגיג פון די הערשענדע קלאַסען. איהרע איינציגע מיטגלידער שטעהען אויף פאַרשיעדענע שטופען פונ'ם געזעלשאַפטליכען לייטער. אַט די לאַגע פון דער אינטעליגענץ שפּיעגעלט זיך, נאַטירליך אָב אויף דער קולטור. ספּעציעל איז דאָס קענטליך אויף דער קונסט, וואָס שטעהט אַם ווייטסטען פונ'ם דירעקטען קאַמף. און אינטערעסאַנט דערביי איז, וואָס די אינטעליגענץ שטרענגט אָן אַלע איהרע כחות צו שאַפען זעלבסטשטענדיג. יעדער פּאַרזוך איהרער ווערט אָבער צוקלאַפּט פון דער הערשענדער קולטור. אמת, עס טרעפט אַמאָל, אַז אַ אינטעליגענט ווערט זעלבסטשטענדיג און אפילו מעכטיג. אָבער אזא פאַל פּאַסירט נאָר דעמאָלט, ווען דער אינטעליגענט איז גייסטיג פאַרבונדען מיט'ן וואַקסענדען און אונטערדריקטען קלאַס. אלא ניט, איז די מאַכט נאָר אַ רעזולטאַט פון דעמאַגאָגיע — אַ נעגאַטיווע און אומבאַדייטענדע ערשיינונג.

ביז צו אַ געוויסען גראַד זיינען די אונטערדריקטע אויך נהנה פון דער פּריצישער קולטור. אָבער זיי קוויקען זיך נאָר מיט די ביינער און ברעקלאַך, וואָס בלייבען פון דער סעודה. דאָס זיינען אָבער צרה'דיגע ברעקלאַך. דאָס פאָלק פאַרשטעהט קיינמאָל ניט זייער מהות, און האָט זיי פשוט פיינט.

כל־זמן אַ קלאַס מוז האָרעווען פאַר'ן טרוקען שטיקעל ברויט, נאָר כדי צו דערהאַלטען זיין לעבען — איז זיין קולטור אָרעם. נעבעכדיגע לעבענספאָרמען, דער אויסדרוק פון וועה, האָפנונג און האַס אין ליעדער, לעגענדען און מעשה'לעך, אַ פּרימיטיווע קונסט אין האַנדווערק — דאָס טאַקע, און מעהר ניט. אויב מיר באַגעגענען אַמאָל, אפילו אויף דער שטופע, פאָרמען און סימבאָלען, וואָס איבערראַשען אונז מיט זייער וואונדערבאַרער טיעפקייט און פרישקייט, זיינען זיי אָבער בשום־אופן ניט קיין פּועל־

יוצא פון דער אונטערדריקונגס־צייט, נאָר פשוט׳ע עראינערונגען פון די אמאָליגע פרייע דעמאָקראטישע לעבענס־פאָרמען.

די אונטערדריקונג פונ׳ם פויערים־שטאנד, וואָס איז געווען אונטעריאָכט ביי פארשיידענע פעלקער און אין פארשיידענע יאָהר־הונדערטע, שפיגעלט זיך אָפּ אויפ׳ן געביעט פון דער קולטור דורך א מורא׳דיגער אָרעמקייט פון דער פאָלקס־קונסט.

אין נאָך אַן ערגערע לאַגע איז געווען דער פראָלעטאריאט: אָפּגעריסען פון דער נאטור, צוגעשמידט צו דער טויטער מאשין, בארויבט פון דער פרייער צייט איז ער געווען פאר׳משפט צו אַן איינטאָניגער און קלענילכער עקזיסטענץ. עס וועהט אויף אייך א קעלט, ווען איהר לעזט אין אויספאָרשונגען פון דער ערש־טער ענקוויקלונגס־צייט פון גרויס־קאפיטאל וועגען דעם לעבען און נשמה־צושטאנד פונ׳ם פאבריק־ארבייטער.

דער פראָלעטאריאט איז אָבער די צווייטע זייט פון דעם קאַ־פיטאליסטישען מעדאל. ער איז שטענדיג אָנגעבונדען אַן דעם אינדוסטריעלען קלאַס, אַן דעם וועלט־מארק און אַן דער וויסענ־שאפטליכער טעכניק. און טאקע דערפאר, און אויך וויל ער איז שטענדיג צוזאמען און דיסציפּלינירט האָט ער זיך אַלץ ווייטער שטארקער ענטוויקעלט.

אקוראט ווי זיינע פארגענגער, די אויפגעקומענע קלאַסען, פאנגט דער פראָלעטאריאט אַן מיט זיין וואוקס, מיט דער פאר־שטארקונג פון זיין איינפלוס — א פיעל־געשטאלטיג שאפען אויפ׳ן קולטורעלען געביעט. נאָך אינ׳ם קעלער פון די קאפּיטאליסטי־שע פאלאצען פאנגט דער ארבייטער־קלאַס אַן צו שמידען זיין קול־טור: פריהער אלס שווערד, די קולטור פון קאמף געגען זיינע אונטער־דריקער און שפעטער אויך די קולטור אלס טרוים, די קולטור אלס ציעל פון זיינע שטרעבונגען, אלס זיין קלאַסען־אידעאל פון אמת און שעהנקייט.

אָפּט באגעגענט מען קולטור־סטראפּטשעס וואָס פאנגען אָן צו רעדען וועגען פראָלעטאריאט און זיינע אויפגאבען, וועגען דעם קומענדען סאָציאליזם מיט א מין, „שמשון, פלישתים עליך“, דער „המון“ געהט! ביי זיי איז די ארבייטער־באוועגונג — אַן אויפ־שטאנד פונ׳ם פארגראָבטען און נידעריגען פאָלק, וואָס שעצט

אַ פּאָר שטיוועל העכער פון שעקספּיר׳ס ווערק. ביי זיי הייסט דאָס די קומענדע הערשאַפט פון דער מיאוסער, שרייענדער און געשמאַקלאָזער גאַס, וואָס דאַרף גאָר קיין קונסט ניט, אָדער אפשר נאָך ערגער — וואָס ברענגט מיט זיך איהר אייגענע „קונץ“, דעם שרעקליכען גאַסען־שונד, וואָס טרעפט אויף דער האָר צו דעם געשמאַק פונ׳ם „ווערטען פובליקום“.

האַס און פּאַניק — דאָס איז דער ענטפער פון אַט די קולטור־מענשען אויפ׳ן ערפאָלג פון דער ארבייטער־באַוועגונג. שוין איצ־טער קעבלען זיי מיט צערטליכקייט די „פליישטעפּ פון מצרים“ און טרייבען פון זיי אַוועק דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין דער מדבר זוכען דאָס אומבאַקאַנטע לאַנד כנען. זיי באַמערקען אָבער ניט דאָס שוידערליכע, וואָס ליגט אינ׳ם טויט פון דער פאָלקס־קונסט, אין דער פּראָדוקציע פאַר׳ן מאַרק. זיי פארזעהען אַלע אייטערדיגע וואונדען פון דער קאַפּיטאַליסטישער קינסטלערישער קולטור, וואָס ברענגט אום אזוי פיעל גאונים וואָס קומען פון דעם פאָלק, וואָס הרג׳עט פשוט אַוועק יעדען, וואָס וויל דיענען דער אמת׳ער מוזע. אפילו די וואָס באפרידיגען דעם מאַרק, די נאָכפראַגע האָבען זיך פריהער אויך פארשאָלטען זייערע יאָהר און טעג ביז זיי האָבען, מיט טעמפּער גלייכגילטיגקייט, פאַר־שוועכט זייער באַרוף און פּראָסטיטואירט די קונסט.

די בעסטע פון אַט די קולטור־מענשען זיינען געוואָרען קול־טור־טרעגער. דער פּראָלעטאַרישער שטורם איז דאָך געוואָרען אַלץ ראַשינער און שטאַרקער. עס איז דערפאַר בעסער געוועזען אנטקעגנען צו נעהן דער טונקעלער מאַסע און אריינברייגען צו זיי, אם ווינצינסטען, אַ שטראַהל, אַ טראָפּען פון עלעמענטאַרער בילדונג.

אַט די גוטמיינענדע מיסיאָנערען פון שעהנקייט און אמת, וואָס זיינען אַוועק צו די ווילדע פון דאָרף אין שטאָדט, זיינען גע־וועזען אויף אַן אמת אויפריכטיג. זייער ארבייט איז טאַקע גע־ווען אַ נוצליכע. זיי האָבען צווישען די מאַסען פארשפּרייט יענע אוצרות פון דער מענשהייט, וואָס דיענען אַלס יסוד פאַר יעדער קולטור.

האָבען זיי אָבער פארגעסען, אַז די טרעגער פון די אומבאַ־

שטריטענע אמת'ן און אוצרות, אז דער פראָלעטאריאט פארמגאָט אליין א סך אוצרות, נאָך ניט קיין ענטוויקעלטע, און עס איז זיי קיינמאָל אפילו אין געדאנק ניט אריין, אז מען דארף ניט נאָר ברענגען, נאָר מען קאָן אויך נעמען א סך, מען קאָן זיך פיעל לערנען ביים ארבייטערקלאס.

אמת, די פראָלעטארישע קולטור, וואָס איז איצטער נאָר קענטיג אויף דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען געביט אין קאמפס־פאָרמען און אָרגאניזאציאָן, איז נאָך אין די וויקעלעך, אָבער אין אָט די זוויקעלעך זעהט מען א ריעזען־קינד.

פונדעסטוועגען איז ניט אמת, אז אויב די ארבייטער־מאסען און זייערע פריינד וועלען פאָלשטענדיג באגרייפען די שייכות צווישען דער קלאסען־קולטור און דער אלגעמיין־מענשליכער קול־טור, וועט דערפון חלילה עפּעס געשעהן. אדרבא, איצטער קאָן מען באגעגענען ארבייטער, וואָס טראָגען זיך ארום מיט די ווילדעסטע פאָרשטעלונגען וועגען דער שייכות. איך אליין לייקען אפילו ניט, אז צווישען די סאָציאליסטען שטויסט מען זיך אמאָל אָן אויף יונגע לייט, ניט אבסאָלוט קיין אומגעבילדעטע, וואָס געבען אייך פרעך א זאָג: „צו אלדי רוחות מיט דער בירגערליכער קולטור!“

צווישען אָט די בעשטימטע שונאים פון דער פארגאנגענהייט באמערקט מען צוויי טיפּען. עס זיינען דאָ צווישען זיי אסקעטען, פוריטאנער — נאָך היינע'ס טערמינאָלאָגיע — א אידישער טיפּ; זיי האלטען, אז די צוקונפט דארף זיך באגעהן אָהן „לוקסוס“. די ערנסטע ארבייטער וועלען באזונדערס אין דעם קאמף־פעריאָד ניט וועלען און ניט קיין צייט האָבען אָפּצוגעבען זיך מיט דער קונסט. אזוי זאָגען זיי. דער בעסטער פאַר־טרעטער פון אָט דער ריכטונג אין דער ליטעראטור איז דער סינדיקאליסט געאָרג סאָרעל. ער שטעלט זיך פאָר די קומענדע סאָציאליסטישע אָרדנונג אזוי ניכטער און פראקטיש, אז זי וואָלט זיך געפּאסט פאר א קוואקער (אמעריקאנער רעליגיעזע סעקטע).

מען באגעגענט אָבער אויך אַן אנדער טיפּ, דעם העלענישען טיפּ, נאָכ'ן זעלביגען היינע'ס טערמינאָלאָגיע. דאָס איז א טיפּ, וואָס האָפט, אז מיט'ן סאָציאליזם וועט אָנקומען דער גרויסער

שטראָם פון לעבענס־פרייד, וואָס איז גרייט איינצופיהרען מיט אַלע פּיווטשעווקעס דאָס לוסטיגע לעבען פון די אַמאָליגע גרי־כען. זעהר אָפט זיינען אָט די סאָציאַליסטען גענייגט צו זאָגען, אַז דער סאָציאַליזם דאַרף מעהר ניט האָבען ווי 3 טעג כּדי צו צושטערען דעם אַלטען טעמפּעל און אַ נייעם אויפבויען אויף זיין פּלאַץ.

מען קאָן ניט גענוג פּראָטעסטירען געגען אָט די איבער־טרייבונגען. די ערשטע פון זיי שטאַמען פון׳ם באַגרענעצטען באַוואוסטזיין פון די צוריקשטעהענדע פּראָלעטאַרישע עלעמענטען. אָט די איבערטרייבונגען שמייכלען זיי. די אַנדערע — זיינען ניט מעהר ווי אַ מין ראָמאַנטישער אויפשוואונג און זעלבסטפאַר־טרויען פון אַ געוויסען פּאַרטשריטליכען פּראָלעטאַרישען עלעמענט. אָט דער עלעמענט שוימט מיט ענערגיע און מוטה, אָבער געפינט זיך אונטער דער ווירקונג פון דער ירושה פון אַמאָליגע דורות. און אין אָט דער ירושה באַהעפטען זיך אויף אַ וואונדערבאַרען אופן דאָס שעהנע און מיאוסע.

אונזער ענטפער אויף די אַלע מיספערשטענדניסען איז קורץ און שאַרף. דער פּראָלעטאַריאַט איז לויט זיין עצם אַ קולטור־קלאַס. דער פּראָלעטאַריאַט גופא, זיין אָרגאַניזאַציע, זיין פּראָג־ראַם, זיין צוקונפט, דאָס אַלעס — איז אַ רעזולטאַט פון אַ הויכ־ענטוויקעלטען ווירטשאַפטליכען מעכאַניזם, אויפגעבויט פון׳ם קאַ־פּיטאַליזם. דעם פּראָלעטאַריאַט האַלט מען אָפּ אויף אַ קינסט־ליכען אופן פון דער וויסענשאַפט און קונסט; אָבער דער פּראָ־לעטאַריאַט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די מעהרהייט פון דער שטאָדטישער באַפעלקערונג, שטרעבט איבעראַל אָהן אָן אָבהאַלט צום וויסען און צו שעהנהייט.

אַקוראַט ווי די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָן איז אַ פּועל־יוצא פון דער קאַפּיטאַליסטישער, נאָר פונדעסטוועגען מאָדיפי־צירט זי איהר און פאַרבעסערט איהר, אַזוי איז די גאַנצע סאָ־ציאַליסטישע קולטור אַ נייער ערשט־צובליהטער, שעהנער צווייג פון דעם גרויסען בוים, פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור.

די קולטור פון דעם נייעם קלאַס איז אַ מין „תחית המתים“,

אַן אָרגאַנישע אומגעשטאַלטונג פון דער איינהייטליכער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור.

דער פּראָלעטאַריאַט מוז אין זיך אַריינציהען אַלע זאַפטען פון׳ם באָדען, וואָס איז דורות־לאַנג בעאַרבייט געוואָרען פאַר איהם, אַלעס געדולדיג אָפּהיטען ווי מען היט אָפּ אַ ליעבענדען זוהן. עס איז אָבער שווער צו גלויבען, אַז דער יורש זאָל זיך נוהג זיין מיט אָט דער ירושה זיינער ווי זיינע עלטערן. זיין באַוואוסטזיין איז באַלויכטען מיט אַ גאַנץ נייער ליכט; זיין האַרץ קלאַפּט לכתחילה אַנדערש. ער קאָן שוין ניט זיין געבונדען צו די אַלטע אָרדנונגס־פאָרמען. זיין אויפטוה וועט זיין אַ נייער, אַ גרעסער, אַ שעהנער.

* *
*

ווען מען רעדט פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור פאַרבייט מען זי אָפט מיט דער סאָציאַליסטישער קולטור. דערפון קומט אַרויס אַ פּלאָנטער אין די באַגריפען. די סאָציאַליסטישע קולטור אין די קומענדע — די פּראָלעטאַרישע קולטור איז די, וואָס ווערט שוין איצטער געשאַפען, אינ׳ם קאַמף, און טאַקע אינ׳ם שויס פון דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

דער גרויסער טעאָלאָג טאָמאַס פון אַקווינאַ האָט אָנגעוואָרפען אַ בילד, וואָס האָט געצייגט אַ די עהנליכקייט, אַ דעם חלום צווישען דער טריאומפירענדער קירכע, די קדושים, און דער קעמפענדער קירכע, די מאַרטירער און גלויבענס־לעהרער.

די ערשטע — די טריאומפירענדע קירכע — איז באַשטראַלט פון׳ם טריאומפירענדען ליכט פון זיעג, פון פרידען, איז שטענדיג נהנה מזיו השכינה. די קעמפענדע קירכע ווידער איז אינגאַנצען אינ׳ם צוואַנג פון׳ם שיקזאַל, אונטער שווערע קלעפּ פון איינציגע נידערלאַגעס, פול מיט קנאות פאַר דער אמונה. איהר וועג איז ול מיט צרות און דאגות. דאָרט איז דאָס „קעניגרייך פון גאָט“ דערגרייכט, דאָ זוכט מען זי ערשט. דאָרט איז אַלעס שוין פאַרווירקליכט, דאָ קוקט מען דאַרויף ערשט אַרויס. דאָרט איז די ווירקליכקייט, דאָ נאָר דער גלויבען און די האָפנונג.

אַט אַזאַ איינטיילונג פּאַסט זיך גראַד צו, ניט נאָר צו דער דער קירכע אַליין. מען קען זי אָנווענדען צו יעדער באַוועגונג וואָס קעמפּט פאַר אַ אידעאַל. אינ׳ם סאָציאַליזם זעהען מיר גאַנץ קלאָר די בלום, וואָס וועט זיך שפּעטער צועפּענען און אויך דאָס שטענגעל וואָס שפּאַרט אָב די בלום אַלץ העכער. די סאָציאַליס־טישע קולטור פון דער צוקונפט איז די אַלגעמיין־מענשליכע קול־טור און שטעהט איבער אַלע קלאַסען. דאָס איז אַ האַרמאָנישע און, לויט איהר עצם, אַ קלאַסישע קולטור. דער אינהאַלט איהרער און די פאָרם פּאַסען זיך איין איינע אין דער אַנדערער.

די קולטור פונ׳ם קעמפּענדען פּראָלעטאַריאַט איז אַ שאַרפע, אָפּגעזונדערטע קלאַסען־קולטור. זי איז דער רעזולטאַט פון קאַמף און, לויט איהר עצם, אַ ראָמאַנטישע קולטור. דער אינהאַלט האָט אַ סך אַריבערגעיאָגט איהר פאָרם, ווייל עס איז, פּשוט, אַן עבירה די צייט צו זוכען באַשטימטע פאָרמען פאַר אַט דעם שטורמישען און טראַגישען אינהאַלט.

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז ווייל די קולטורען זיינען זיך סותר איינע די אַנדערע, זיינען זיי פרעמד צווישען זיך. אדרבא, זיי זיינען זעהר גרויסע מחותנים.

מען קעמפּט דאָך פאַר׳ן אידעאַל פון אַ ברידערליכער קולטור, פאַר פאָלשטענדיגער פרייהייט. דער אידעאַל איז דאָך צו באַ־זיעגען דעם אינדיווידואַליזם, וואָס מזיק׳ט דעם מענשען, און איינפיהרען דעם קאָלעקטיווען מאַסען־לעבען ניט דורך צוואַנג נאָר דורך אַן אָרגאַנישער פרייער צוזאַמענשמעלצונג, אָדער בעסער גע־זאָגט, דורך אַן איבעראָרגאַנישער צוזאַמענשמעלצונג פון איינציגע אין איבער־פּערזענליכע איינהייטען. ניט נאָר דער אידעאַל שאַפט אינ׳ם ברען פונ׳ם קאַמף באַשטימטע פאָרמען פון טהעטיגקייט. פיעל מעהר פאָרמען וואַקסען אַרויס פון דער באַזונדערער לאַגע פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, און זיי מאַכען דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר׳ן אָרגאַניזירטעסטען און איינ־הייטליכסטען קלאַס אין דער היינטיגער געזעלשאַפט.

דער אידעאַל וואַקסט ניט אויף אַ באָדען, וואָס איז איהם לחלוטין פרעמד, ער וואַקסט ניט אָהן זריעה.

די מעטאָדען און וואפען, וואָס מען באַנוצט אינ׳ם קאמף פאר׳ן אידעאל, טאָרען איהם ניט סותר זיין.

מיר האָבען אָבער ניט קיין רעכט צו פארלאנגען פונ׳ם קעמפענדען פראָלעטאריאט די שעהנע פרוכט, די פאָלקאָמענהייט אין פאָרמען, וואָס וועלען זיך ארויסווייזען אין דער צוקונפט. דאָך זיינען דאָ גענוג אורזאכען צו דענקען, אז די פראָלעטארישע קולטור דוקא אלס קעמפענדע, ליידענדע און שטרעבענדע, באזיצט פיעל מעלות, וואָס געהערען לויט זייער עצם צו דער קולטור פונ׳ם טריאומפירענדען פראָלעטאריאט.

אָבער, פאר אלעמען, האָט דען אָט דער קעמפענדער פראָלעטאריאט א קולטור?

געווים האָט ער א קולטור. ראשית פארמאָגט ער אינ׳ם מארקסיזם כמעט דאָס וויכטיגסטע — א שעהנע און מעכטיגע אונטערזוכונגס־מעטאָדע פון סאָציאלע ערשיינונגען, דעם פונדאַמענט פון סאָציאלאָגיע און פאָליטישער עקאָנאָמיע, דעם עמוד התוך פון אן איינהייטליכער פילאָזאָפישער וועלט־אנשויאונג. אין זין באזיצט דער פראָלעטאריאט שוין איצטער אויפ׳ן גייסטיגען געביעט אזא רייכטום וואָס קאָן זיך פארגלייכען מיט די גלענצענדסטע אוצרות פונ׳ם מענשליכען פארשטאנד.

אחוץ דעם האָט דער פראָלעטאריאט אין א סך לענדער אן אומגעהויער גרויסען אָרגאניזאציאָנס־כח אויפ׳ן פאָליטישען פעלד. עס איז אמת, דער טויט האלט נאָך אלץ דעם לעבעדיגען אין זיינע אָרעמס. דער בירגערליכער פארלאמענטאריזם, דער בירגערליכער נאציאָנאליזם פליסט אין די אָדערן פונ׳ם יונגען פאָליטישען אָרגאניזם פון די פראָלעטארישע פארטייען, אפלו פונ׳ם אינטערנאציאָנאל גופא. אָבער ווי שארף עס איז דער היינטיגער קריזיס, ווי שרעקליך עס איז די קרענק, געגען וועלכער מיר די לינקע סאָציאל־דעמאָקראטען האָבען נאָך ביים סאמע אָנפאנג געוואָרענט, ווי נאהענט עס איז שוין געווען דער געדאנק ,אז דאָס איז א מסוכנ׳ע און טויטליכע קרענק, קאָן מען שוין איצט זאָגען, אז מען איז זי, ב״ה, איבערגעקומען, אז מען האָט זי מנצח געווען און אפילו אויסגענוצט. די פאָליטישע אָרגאניזאציעס פונ׳ם פראָלעטאריאט זיינען ארויסגעקומען פון אָט די אלע שרעקליכע

נסיונות שטאַרק און וועלן נאָך ווערן איינפלוסרייכער ווי פרי־הער. אויפ'ן ווירטשאַפטליכן געביעט זיינען די אַרבייטער אַוועק נאָך ווייטער.

דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס אין שטוטגאַרט צייגט אָן דער געוועקשאַפטס־באַוועגונג די סאָציאַליסטישע ציעלען. אין דער באַריהמטער רעזאָלוציע, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען שטעלט ער די באַוועגונג אויף איין שטופע מיט די פּאָליטישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

דער קאָנגרעס אין קאָפּענהאַגען טוט כמעט דאָס זעלביגע מיט דער גענאָסענשאַפטליכער באַוועגונג און מען האָט געקאָנט האָפען, אַז דער קאָנגרעס אין וויען וועט אונטערשטרייכען די אומגעהויערע וויכטיגקייט פון דער 4טער פּראָלעטאַרישער קולטור־פאָרם.

עס וואַקסען אויס פּראָלעטאַרישע גימנאַזיעס ביי פיעלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. עס געהט איבער אַ גאַנצע רייע פון זונטאַג־פאָלקס־גימנאַזיעס אין די הענד פון סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. עס וואַקסט אַלץ גרעסער די צאָהל פון פאַרשיידענע אַרבייטער קלובען, מיט וויסענשאַפטליכע און עסטעטישע אבזיכטען. די יוגענד־און־קינדער־באַוועגונג רוקט אַרויס אַלץ שאַרפער די פראַגען וועגען עלעמענטאַרע שולען. עס בעטען זיך ענדערונגען אין דער פּראָלעטאַרישער פאַמיליע און אין דער פּראָלעטאַרישער קיך כדי צו באַפרייען פון דאָרטען די פרוי. און וועגען פּראָלעטאַרישע קינדער־הייזער — מכח דער פראַגע האָט מען נאָך ביז איצט, ליידער, גאָר נישט געטאָן. דאָס זיינען, אין אַלגעמיינע שטריכען, די פראַגען, אויף וועלכע דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין אָנגעפאַנגען צו ענטפערען אי טעאָרעטיש אי פּראַקטיש. פאַר דער מלחמה האָבען וויניג סאָציאַליסטען געוואוסט פונ'ם אמת, וואָס ספּענסער האָט אַזוי קרעפטיג אַרויסגעפיהרט: „אפילו די בעסטע גייסטיגע בילדונג האָט אַ קנאַפּע ווירקונג אויפ'ן מענשענ'ס ווילען, די הויפּט זאַך איז דערביי אַז די אָרגאַניזאַציע פונ'ם גע־הילפס־לעבען". די עטישע און עסטעטישע ערציהונג פונ'ם יונגען פּראָלעטאַרישען דור אינ'ם גייסט פונ'ם סאָציאַליסטישען אידעאַל איז אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט. ראָזאַ לוקסעמבורג איז זעהר גערעכט בעת זי זאָגט, אַז מיר וועלען זיך אפילו פון אָרט נים

ריהרען, אויב מיר ווען ניט קלאָר פארשטעהן די אויפגאבען פון פראָלעטארישער זעלבסט־ערציהונג.

אויף דעם געביעט פון אויפקלערונג און אויף דעם שעפערישען געביעט, וואָס מוז באזונדערס העל זיך ארויסווייזען, איז נאָך פארהעלטניסמעסיג ווייניג אויפגעטאָן געוואָרען. די שטרעבונג דערצו איז שוין אָבער געווען און, נאָך פאר דער מלחמה, האָט מען שוין אָנגעפאנגען צו ארבייטען אין דער ריכטונג. די מלחמה האָט אזוי קלאָר און דייטליך אָנגעוויזען דעם פראָלעטאריאט אויף אָט דעם מאנגעל אין זיין קולטור, אז מיר קאָנען זיכער ערווארטען אין דער נאָהענטער צוקונפט אן אומגעהויערען אויפשוואונג אין דער ריכטונג. אפילו דער גרויסער חורבן, דער רעזולטאט פון דער מלחמה, וועט ניט זיין בכח אפצוהאלטען דעם פראָלעטאריאט אין אָט די שטרעבונגען.

די מלחמה און די אלגעמיינע אויפרודערונג האָבען רוסלאנד אוועקגעשטעלט אין א טראגישער לאגע. מיר אלע זיינען דורכ'ן גרויסען אומגליק אין א זעהר געדריקטער שטימונג. אלע פלאג פון דער וועלט הענגען איבער אונזערע קעפ. היינט רעדט מען פון א ברויט־מאנגעל, מאָרגען — פון ארבייטסלאָזיגקייט, שפעטער פון דער אָפענסיווע א. ז. וו. מען דארף פשוט זיין א משוגענער אויף די אלע סכנות די אויגען צו פארמאכען. פונדעסטוועגען איילט זיך אונטער דער ערוואכטער פראָלעטאריאט צו געניסען די גייסטיגע פרוכט. די גרויסע סכנה האלט איהם גאָר ניט אָפ. אין דעם ציינט זיך ארויס די שטרעבונג, ניט צו כאפען א נאש כל־זמן מען לעבט, נאָר טאקע צו שטילען זיין אומגעהויער גרויסען גייסטיגען הונגער, און טאקע אָפט דער קלאָרער באוואוסטזיין, אז אין דעם וויסען גופא שטעקט א געוואלדיגער כח.

די קונסט אָרגאניזירט פריהער פון אלעם די שטימונגען פון'ם יחיד, פון גרופען, קלאסען, גאנצע נאציאָנען א. ז. וו. די פראָלעטארישע קונסט איז דער אויסדרוק פון דעם אָרגאניזאציאָנס־פראָצעס פון זיין געמיט.

דארף די פראָלעטארישע קונסט זיין טענדענציעז?

וואָס הייסט דען טענדענציעז? געדיינקט איהר נאָך אנטאָן טשעכאָוו'ס בריעף? ער שניידט זיך דאָרט פשוט מיט מעסערס

און פּלאַגט זיך אַליין אַהן אַן אויפהער, דערפאַר ווייל עס פעהלט א גאָט אין די ווערק פון די היינטיגע קינסטלער, וואָס שטעהען כלומר׳שט איבער די קלאַסען. עס איז אָבער אונמעגליך, אַז ביי די קינסטלער, וואָס שטאַמען פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט אָדער וואָס זייגען דורכגעדרונגען מיט זיין גייסט, זאָל פעהלען אַ גאָט. דער לעבענס־קאַמף, דער צאָרן און די סאַטירע געגען די אונטערדריקער, די הייסע עקשנות׳דיגע האָפנונג אויף דער צוקונפט, די ברידער־ליכקייט און סאָלידאַריטעט פון מיט־אַרבייטער אויף איין־און־דעמזעלבען ווערק, דער באַוואוסטזיין אַז דאָס ווערק איז ערהאַבען, האָט אַן אַלגעמיין־מענשליכע באַדייטונג, דאָס אידעאַלע שאַפען, דאָס עטהישע שאַפען — דאָס אַלעס שטראָמט שטורמיש אריין אין די נשמות פון אָט די אַלע קינסטלער און פילט אָן זייערע ווערק מיט אַ גייסטיגען אינהאַלט. אַהן אידעען קען שוין אַזאַ קונסט ניט זיין. צוליעב וואָס דאַרף זי דען זוכען אַ טענדענץ? אַ טענדענץ איז אַ קינסטליך אויפגעבלאָזען ווערק — קאַלט און פרעמד, אויסגעסמאַקעט פונ׳ם פינגער.

אַזאַ טענדענץ האָט ניט קיין פּלאַץ אין קיין קונסט, און די פּראָלעטאַרישע קונסט אונטערשיידעט זיך ניט אין דעם פון קיין אַנדער קונסט. אין די יאָהרען 1905—1906 האָט מען אין רוס־לאַנד באַמערקט ערנסט שטרעמונגען אין אָט דער ריכטונג צווישען דעם פּעטראָגראַדער פּראָלעטאַריאַט. מיר האָבען שוין דעמאָלט פיעל ערוואַרטעט פון אָט דער באַוועגונג. וועט איהר דאָך מן הסתם זאָגען, אַז די ערוואַרטונגען זיינען ניט מקוים געוואָרען. איך וועל אָבער דאַרויף ענטפערען, אַז די געשיכטע האָט דעמאָלט, אַהן רחמנות, איבערגעריסען דעם גאָלדענעם פאָדים פון דער פרייער קולטור־אַרבייט אין רוסלאַנד. ערשט די פעברואַר־טעג פון 1917 האָבען אויף׳ס ניי צונויפגעקניפּט אָט די פאָדים, און די געזעל־שאַפטליכע כוחות שפּינען אָט דעם גאָלדענעם שנור ווייטער. מיר וועלען זיי העלפען! מיר וועלען ווייטער פאָרזעצען די אַרבייט, דאָס געוועב, וואָס די רעאַקציע האָט מיט מעסערס צושניטען. לאָמיר טיע־פער באַגרייפען, וועלכע ווירקליכע אויפגאַבען מיר קענען ערפילען— אויף דעם געביט פון די קולטור אויפגאַבען פונ׳ם אַרבייטער קלאַס. לאָמיר דאָס אַלע טאָן, פּראָלעטאַריער און פריינד פונ׳ם פּראָלעטאַ־

ריאט. מיר זיינען פארפליכטעט דאס צו טאן צוליעב רוסלאנד, צוליעב דעם סאציאליזם, צוליעב דער גאנצער מענשהייט.

עס איז אונמעגליך אין דעם עסעי אלעס ארומרעדען באריכות. עס איז אבער דאך נויטיג באריהרען נאך איין זייט פון דער פראגע, נעמליך: ווער זיינען דאס די פראלעטארישע קולטור־שאפער? ספעציעל, ווער שאפט איהרע פיינערע פארמען, וואס זיינען אם־ווייטסטען פונ׳ם טעגליכען קאמף?

נאטירליך, פאר אלעמען דער פראלעטאריאט גופא.

מיר שרעקען זיך ניט אפ פאר׳ן מאנגעל אין צייט אדער אין אנדערע מיטלען, פאר דער אונגעניגענדער פארבערייטונג, וואס בארויבען אונז פון דער מעגליכקייט ארויסצוקומען פון דער פינסטערניש און ארויסהייבען דעם קאפ אין דער פרייער אטמאספערע פון שאפען.

ווייל נאך אלעמען מוז מען דאך געדיינקען, אז אחוץ צייט און מיטלען דארף מען נאך האבען טאלאנט אויך, כדי צו ווערען א קינסטלער. עס איז ניטא קיין גרונד צוצולאזען דעם געדאנק, אז דער פראלעטאריאט דארף האבען א קלענערען פראצענט טאלאנטען ווי אנדערע קלאסען. געווים קען א גוטער טאלאנט, וואס איז געבארען געווארען ערגעץ אין א פויערים פאמיליע פון א פארווארפען דערפעל אדער גאר ערגעץ אין אן אינדוסטריעלען צענטער נאר ביי ארעמע עלטערן, גיכער צוגרונד געהן איידער א פארהעלטניסמעסיג קלענערער טאלאנט, וואס לעבט אונטער בעסערע באדינגונגען. בלייבט אזא טאלאנט אבער ביים לעבען, ווערט ער אנגעשטאהלט, נאכדעם ווי ער געהט דורך דורכ׳ן פייער פון יסורים, ער ווערט געלייטערט און באקומט א מין בראנפענדיגע שטארקייט און א טיעפערע בארמהערציגקייט, ווי די גרעסטע פיאנערען פונ׳ם פאלק, ווי, למשל, אונזערע צייט גענאסען מאקסים גארקי און מארטין אנדערסאן נעקסא.

אחוץ דעם, דער וואקסענדער איינפלוס פונ׳ם פראלעטאריאט לעגט אויס נייע וועגען פאר זיינע באגאבטע פערטרעטער. אויב היינט נאך קלינגען די ווערטער, אז דער טאלאנט קען זיך ארויסשלאגען אויפ׳ן וועג, ווי א חוזק, קען מען אבער באין אופן ניט לייקענען, אז א דאנק דעם ברייטען עפענטליכען לעבען פונ׳ם אר־

ביטער קלאַס, אַ דאַנק זײַנע אָרגאַניזאַציעס, פּרעסע און קולטורעלע בילדונגס־פּאַראײנען, קען אַ באַגאַבטער אַרבײטער זיך לאָזען הערען, קען געפינען גענוג שטיצע זיך צו ענטוויקלען.

דאָ שטויסען מיר זיך אָבער אָן אויף אַן אַנדער „ורימיניה“. מען זאָגט אונז, אַז וויבאַלד דער אַרבײטער האָט זיך, דורך זײַנע פעהיגקייטען און טאַלאַנט, אויפגעהויבען און געוואָרען אַ פּאַכמאַן, איז ער שוין אָפּגעריסען פון זײַן קלאַס. מען קען איהם שוין מעהר ניט באַטראַכטען פאַר אַן אַרבײטער. ער איז אין גרונד גענומען אַן אינטעליגענט פון אַרבײטער־יחוס.

דער אַנוואַנד האָט אָבער קיין האַפט ניט. געוויס, ווען אַ באַגאַבטער אַרבײטער פאַרגעסט די אידעע פון זײַן קלאַס און, אין זײַן יאַגעניש נאָך עולם־הזה, פאַרקויפט ער זיך צו הערשער — ווערט ער אויסגעשטראָכען פון דער אַרבײטער אַרמיי. ווען אָבער זײַן האַרץ קלאַפּט אין אַנקלאַנג מיט'ן האַרץ פון זײַן קלאַס, מאַכט דער איבערגאַנג פון דער מאַשין צום שרײַב־טיש, אַ קנאַפּען חלוק, ער דערווײַטערט זיך ניט דערמיט אַליין פון זײַן קלאַס. דער שטאַב פון אַן אַרמיי שטעהט זעלטען אין קאַמף מאַן געגען מאַן, פונדעסטוועגען איז ער דער וויכטיגסטער אָרגאַן פון דער אַרמיי. דער אַרבײטער קלאַס נויטיגט זיך, זעלבסטפאַרשטענדליך אין פּאָליטיק, אין קולטורעלע אַרבײטער, ער מוז האָבען זײַן שטאַב — אָבער דאָס וועט ניט ברענגען צו קיין סתירה צווישען זײַנע אינטעליגענטען און זײַנע איינפאַכע מיטגלידער.

אמת, אין דער געווערקשאַפטס־באַוועגונג און אין דער געגנאַסענשאַפטליכער באַוועגונג זײַנען פיעל פון די פיהרער אַראָפּ פון'ם דרך הישר. מען האָט אויף זיי געטײַטעלט מיט די פינגער. מען פלעגט זיי רופען אַרבײטער־אַריסטאָקראַטען, אָפּיצערען. אָבער דאָ האָבען געווירקט באַזונדערע אומשטאַנדען, וואָס האָבען די שוואַכערע פון די פיהרער געשפּאַרט צום אָפּאָרטוניזם. די ערשייגונג זעהט מען שוין ווייניגער אויפ'ן געביט פון'ם פּאָליטישען קאַמף אָדער צווישען יענע סינדיקאַטען, וואָס זײַנען רעוואָלוציאָנער, און כמעט גאָר ניט אויפ'ן געביט פון קולטורעלער בילדונגס־אַרבײט. דאָ געהען זיי אויף אמת פּראָלעטאַרישע וועגען. אַלענפאַלס דיענט דער וואָוילזײַן ביי אַ טאַלאַנט אַלס געגען־מיטעל צו אָפּשוואַכען די

קליין־בורזשואזע צוציהונגס־קראפט. דער טאלאנט וועט ניט פארגעסען זיינען ערשטע איינדריקע פון דער קינדהייט און וועט זיי ניט מוחל זיין, דער טאלאנט וועט ניט פארשווייגען דאס קרעכצען און זיפצען פון זיינע ברידער, ער וועט ניט פארלעשען דאס פייער פונ'ם קינסטלערישען קלאסענבאוואוסטזיין.

נאך מעהר, דער טאלאנט קאוועט צו די אינטעליגענץ פון אנדערע קלאסען צום פראלעטאריאט.

א גאנצע רייהע פון גרעסערע און מיטעלערע שריפטשטעלער און קינסטלער וואס שטאמען, לויט זייער יחוס און בילדונג, פון דער גרויס־בורזשואזייע אדער פונ'ם קליינבירגערטום, האבען אינגאנצען אפגעבראכען מיט זייערע קלאסען־קרובים, האבען געליטען עניום קשים פאר אזא שריט, און שטעהן איצטער מיט'ן פראלעטאריאט.

וואס ווייטער אלץ אפטער שטויסט מען זיך אן אויף אזעלכע פעלע, און מען קען זאגען, אז אין דער לעצטער צייט איז שוין ניטא קיין איין ווייטגעבילדעטער טאלאנט וואס זאל זיין פרעמד דער סאציאליסטישער באוועגונג און דעם פראלעטאריאט.

געוויס דער אינדיווידואליזם פון דער אינטעליגענץ און אפט אויך דאס אונגעבילדעטקייט אין א סך קרייזען פונ'ם פראלעטאריאט און אנדערע אורזאכען, פאר וועלכע איך האב דא ניט קיין פלאץ, לאזען ניט צו קיין פארשטענדניש צווישען דעם בעסטען טהייל פון דער אינטעליגענץ — יענע וואס זיינען טאקע ערנסט און ווילען דיענען דער מענשהייט — און דעם פראלעטאריאט. אבער אט די פארשטענדניש מוז קומען. שוין איצטער ווערט דער באנד צווישען זיי אלץ שטארקער און פעסטער. און וועט שוין אן אויפריכטיגער טאלאנט קומען צום פראלעטאריאט וועט ער זיכער דורכגעדרונגען ווערען מיט זיין גייסט און וועט וויסען ווי ארום ארויס־צוהעלפען דעם ארבייטער־קלאס ביי זיין נייעם בנין.

די אונטערשטע קלאסען קריגען אריין אין דער צייט פון זייער רעוואלוציאנערען אויפשוואונג אלץ מעהר איבערלויפער פון אנדערע קלאסען. אויך אויף דעם געביט פון קונסט וועט דער פראלעטאריאט סוף כל סוף געפינען זיין מארקס.

# צו אַלע לעהרער

די ווענדונג „צו אַלע לעהרער“ איז געשריבען פון א. וו. לונאַטשאַר־סקי׳ן גלייך נאָך דעם אָקטאָבער (נאָוועמבער נאָך׳ן אויסלענדישן קאַ־לענדאַר) רעוואָלוציע. די לעהרער זיינען געווען אין אַ באָיקאָט־שטרייק געגען דער רעוואָלוציאָנערער רעגיערונג פון דעם אַרבייטער קלאַס. זיי האָבען נית אנערקענט די מאַכט פון די סאָוועטען. לונאַטשאַרסקי׳ס ווענדונג האָט געהאַט די נויטיגע ווירקונג. די לעהרער האָבען דער־פיהלט דעם אמת פון זיין רוף, און זיי האָבען זיך געשטעלט אין דיענסט פון דעם פּראָלעטאַרישען רעזשים.

## צו אַלע לעהרער

**חברים!**

אינ'ם משך פון צעהנדליגע יאָהרען האָט די רוסישע אינטעלי־גענציע געדינט דאָס פאָלק און גרויסגעהאַלטען זיך מיט דיזער דינסט.

פאַר באַזונדערס וויכטיג האָט די אינטעליגענציע גערעכענט די אַרבייט פון בילדונג, פון אויפוועקען דעם באַוואוסטזיין פון די פאָלקס־מאַסען.

די בעסערע פאַרשטעהער פון דער אינטעליגענציע האָבען דער־ביי ניט געקוקט אויף זיך, אַלס אויף אויסערוועהלטע, געלעהרטע און טרעגער פון אַ העכערער קולטור, וועמענס באַרוף איז צו פריי־דיגען אַ נייעם עוואַנגעליום צו די „באַרבאַרען".

פאַרקעהרט, זיי האָבען ערוואַרטעט פון די ערוואַכטע מאַסען נייע שאַפענדע כחות, די פולסטע זעלבסטשטענדיגקייט, די גרינ־דונג פון אַ נייער געזעלשאַפטליכער, מאָראַלער און קינסטלערי־שער וועלט.

ניט קליין איז געווען די ווירקונג פון דער אינטעליגענציע אויף די ערוואַכונג פון פאָלק, אויפ'ן פראָצעס, דורך וועלכען דער אינ־סטינקטיווער דורשט נאָך גערעכטיגקייט פאַר די אונטערדריקטע האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין רעוואָלוציאָנערען באַוואוסטזיין, אין אַ פלאַמענדע סאָציאַלע אַקטיוויטעט.

אין פעברואַר 1917, האָט דאָס פאָלק געצוואונגען דורך דער נויט, אַראָפגעוואָרפען פון זיך דעם צופוילטען טראָן, און עס האָט זיך אָפגעשטעלט דער האַלב־פאַרשלאָפענער גיגאַנט, ניט וויסענדיג, וואָס צו טאָן ווייטער.

זיין גורל, זיין זיעג האָט דאָס פאָלק אַנפערטרויט די, וועלכע האָבען זיך ערוואָרבען גרויסע פאַרדינסטען אַלס קעמפער פון דער רעוואָלוציע, דעם בלאָק פון די גרעסטע נעמען אין דער רעוואָלוציאָ־נערער וועלט.

אָבער צווישען אַט די פאַרשטעהער פון דער אינטעליגענציע

זיינען געווען פאַרשפּרייט צוויי אידעען: די נויטווענדיגקייט פאָרט־צוזעצען די מלחמה מיט'ן אויסוועניגסטען שונא און די נויטווענ־דיגקייט אָנהאַלטען דעם סאָציאַלען פרידען מיט דער אייגענער בורזשואַזיע.

אָט די ביידע אידעען זיינען געווען טיעף ניט־פאָלקסטימליך. אָבער די אינטעליגענציע האָט איינגעשטילט דאָס פאָלק, ניט גע־מענדיג אין אכט די דערווייל נאָך שוואכע וואָרנונגען פון דער פּאַרטיי, וועלכע האָט שוין דאַן אונטערגעכאַפּט דעם זין פון די געשעהעניששען, זייער ווייטערדיגע ענטוויקלונג, די פאַרבאָרגענע ער־וואַרטונגען פון דער פאָלק נשמה.

די אינטעליגענציע, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַלס אַ פּאַרטייר־ריגונגס פּאַרטיי, איז אַוועק, צוזאַמען מיט דער קאָנטר־רעוואָלוציאָ־נערער בורזשואַזיע, אויף אַ וועג, וועלכער האָט געבראַכט רוסלאַנד אויפ'ן ברעג פון אָפּגרונט. די מאַסען האָבען געמאַכט אַ קאָנוואול־סיווע אָנשטרענגונג צו ראַטעווען זיך, צו ראַטעווען רוסלאַנד און צו ראַטעווען די רעוואָלוציע.

אָבער ניט דער באַוואוסטזיין פון געפאַהר, וועלכע די נייע לאַגע האָט באַשאַפען — ניט דאָס אַליין האָט געשטויסען די מאַסען צו דער דריטער רעוואָלוציע, צום אויפשטאַנד פון 25טען אָקטאָבער, וועלכער האָט אַרונטערגעוואָרפען די קאָאַליציע־מאַכט. אויך דער שטאַרקער דורשט נאָך סאָציאַלע גערעכטיגקייט, וועלכע דריקט זיך אויס אין שטרעבונג צו גרינדליכע סאָציאַלע רעפאָרמען, צום באַלדיגען דורכפיהר פון אייניגע גרונדלאַגען פון אַ שטופּענווייזער סאָציאַליסטישער פּראָגראַם האָט געפיהרט צום 25טען אָקטאָבער.

דאָס איז דער ערשטער מאָל, ווען די מאַסען אין רוסלאַנד זיי־נען ארויסגעטראָטען אינגאַנצען זעלבסטשטענדיג, מיט אַן אייגענער פּראָגראַם און מיט'ן פאַרלאַנג אַריינגעמען די מאַכט אין זייערע אייגענע הענט.

ווי זשע האָט באַגעגענט די אינטעליגענציע דעם הערָאָאישען פאַרזוך פון פּראָלעטאַריאַט צו באַשאַפען אַ שטאַרקע פאָלקס־רעגי־רונג, אָרגאַניזירען דאָס לאַנד און ענדיגען די מלחמה?

זי האָט באַגעגענט דיזען פאַרזוך מיט שנאה. ניט נאָר זי זאָגט זיך אָפּ פון העלפען דעם פּראָלעטאַריאַט — זי פּרועהט זיך

נאָך מיט יעדע פאַרשווערונג געגען איהם. איהר פּאַרדריסט, ווען זי זעהט, ווי דער יונגער גיגאַנט צוטרעט מיט זיינע זיעגרייכע פיס דעם קאָפּ פון קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען שלאַנג. מיט גיפטיגען פרייד באַטאָנט די אינטעליגענציע דעם פאַקט, אַז דער שטאַב פון דעם אַמאָל פאַרשקלאַפּטען קלאַס איז שוואַך, אַז אויף אַלע געביטען האָט ער אַזוי ווייניג אָפּיצירען.

מיט אונגעדולד האָט זי ערוואַרט אומגליקען. צוזאַמען מיט מיליוקאָוו׳ן האָט זי געגאַרט אַ נידערלאַגע בעסער איידער די פאָרטזעצונג פון דער גרויסער פאָלקס רעוואָלוציע. צוזאַמען מיט ריאַבושינסקי׳ן האָט זי אומגעדולדיג געגאַרט די ביינערדיגע האַנט פון הונגער, וועלכע האָט שוין אַרומגעכאַפּט דאָס פאָלקס האַלז.

זי, די אַמאָל אַזוי שטאָלצע אויף איהרע פרינציפּען, די פאָלקס־ליעבענדע, סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענציע, האָט זיך אומבאַוואוסטזיניג געווענדעט צו דער פאַרשלומפּערטער טעאָריע, מיט וועלכער עס האָט זיך אַמאָל געהאַט באַנוצט די זעלבסטהערשונג געגען אָט דערזעלבער אינטעליגענציע מיט איהרע פאָדערונגען. זי זאָגט, אַז די גרויסע רעוואָלוציע, וועלכע האָט איבערגעגעבען אין די הענט פון די סאָוועטען אַ האַלב רוסלאַנד אָדער מעהר, איז ניט קיין פאָלקס רעוואָלוציע — דאָס איז די אַרבייט פון די גרויזאַמע באָלשעוויקעס.

אַלץ ווערט פאַרענטפערט, ווי אין די אַמאָליגע צייטען: פאַר־פיהרער, טומעל־מאַכער, דעמאַגאָגען.

נאָר די באָלשעוויקעס אַליין זיינען געבליבען מיט׳ן פּראָלע־טאַריאַט. אויף זיי איז געלעגען די אומגעהויערע אויפגאַבע אויס־צופילען די גאַנצע אינטעליגענציע אין דער נייער פאָלקס־רעגירונג. טעות׳ען געמאַכט? — געוויס. אָבער אויב עס ווערען באַגאַנגען פעהלערען, אויב די לאַגע אין לאַנד ווערט וואָס ווייטער אַלץ ערגער, טאָ וואָרום זאָלט איהר, אינטעליגענטען, ניט פאַרריכ־טען די פעהלערען, ניט העלפען דאָס לאַנד?

איהר זייט ניט איינשטימיג מיט דער פּאָליטיק פון פּראָלע־טאַריאַט? זעהר גוט. קריטיקירט. עס איז דאָך ניט אמת, אַז מען האָט פון אייך אוועקגערויבט די פרייהייט פון פּראָפּאַגאַנדאַ: די סאָציאַליסטישע צייטונגען, וועלכע זיינען פאַר ווערען זיך,

רופֿען אָפען צום קאַמף מיט געוועהר אין האַנט געגען דאָס פֿאָלקס פֿאַרשטעהערשאַפֿט, און דאָך געהען זיי אַרויס, קיינער האָט זיי ניט אָפּגעשטעלט.

קיין שוואַרץ־מאה'דיגע צייטונג האָט קיינמאָל ניט געשריבען אין אַזאַ ווילדען טאָן, ווי דאָס טוען די צייטונגען פֿון די רעכטע סאָציאַליסטען, און ריידען וועגען דער אונמעגליכקייט פֿון אַ מעסי־גער און זאַכליכער קריטיק קאָן נאָר אַ באַוואוסטזיניג געוויסענלאָ־זער מענש.

נאָר זאָל שוין זיין, אַז אויפ'ן פּאָליטישען געביט קען די אינ־טעליגענציע גאָרנישט געבען דעם פּראָלעטאַריאַט און זיין רעגירונג, אויסער קאַמף און פֿאַראורטיילונג. פֿאַרוואָס אָבער באַיקאָטירען זיי אויך דעם פֿינאַנציעלען און נאַהרונגס סיסטעם פֿון לאַנד?

אבי נאָר אַראָפּרייסען די באָלשעוויקעס. זאָל אונטערגעהן די גאַנצע וועלט, אבי נאָר אונטער זיינע רואינען זאָלען זיין באַגראָ־בען די פֿאַרהאַסטע דעמאַגאָגען.

מיר זיינען אָבער געוואוינט איבערצוזעצען אַזוינע אַנטיפּאַ־טיעס אויפ'ן קלאַסען־שפּראַך. די אינטעליגענציע, וועלכע האָט גע־קענט אַרבייטען אויף די נייטראַלע געביטען מיט די הענקער מיט די ראָמאַנאָווס, וועלכע האָט צוזאַמען מיט די קאַפּיטאַליסטען ענער־גיש געפֿיהרט דאָס לאַנד צום אונטערגאַנג דורך דעם פֿאַרצויגענעם קריעג און בורזשואַזער ספּעקולאַציע, האָט אָבער צוזאַמען מיט'ן פּראָלעטאַריאַט שוין ניט געקענט מיטאַרבייטען!

איז עס מעגליך, אַז בלויז ווען איהר האָט געקוקט אויף זיך אַלס אויף אַפּעקונעס פֿון פֿאָלק, האָט איהר געקענט אַוועקגעבען פֿאַר איהם אייער אַרבייט, אייערע געדאַנקען און אייער לעבען, אָבער אין דער קריטישער צייט פֿון זיין ריזיקאַלישען און געצוואונ־גענעם אויפֿשטאַנד אום דעם ערשטען מאָל אין רוסלאַנד איבערנע־מען די מאַכט, זיינען ביי אייך פֿאַר'ן פּראָלעטאַריאַט געבליבען בלויז בייזהאַפֿטע סאָפיזמען?

וואָס איז דאָס? איז עס דער אומפֿאַרמיידליכער געגענזאַץ צווישען דער קליין־בורזשואַזיע און די אַרבייטער־מאַסען? זיינען דאָס די וועגען און מיטלען, וועלכע מאַכען די אינטעליגענציע

וואָס האָט זיך ערקלערט סאָציאַליסטיש, פּאַקטיש מעהר גענייגט צו די עקספּלואַטאַטאָרען איידער צו די עקספּלואַטירטע?

יע, דאָס איז עס. אויפ'ן וועג פון איהר ענטוויקלונג איז די אינטעליגענטע מאַסען קליין-בורזשואַזיש. זי איז דאָך אָבער אויך די טרעגערין פון באַזונדערע געזעלשאַפטליכע פונקציעס, די די-נערען און דער אָרגאַן פון געזעלשאַפטליכע אַנערקענונג און גע-פיהלען. לויט לאַסאַל'ס אויסדרוק, איז דער פאַרבאַנד צווישען דער וויסענשאַפט און דעם אַרבייטער קלאַס אַ נאַטירליכע זאַך. אַן אמת'ער קינסטלער דאַרף דאָך זיין מעהר עמפּינדליך צום אמת, צו דער שענקייט פון הערויזם און פון שטרעבען צו פרייהייט. אַ לעהרער, אַ ריכטיגער לעהרער, אַ לעהרער ווי ער באַדאַרף צו זיין — מוז דאָך זיין פריהער פון אַלע מיט'ן פּאָלק, אין אַלע זיינע איבער-לעבונגען, אין אַלע טעות'ן.

איז טאַקע ניטאָ קיין האָפנונג? וועט איהר טאַקע ניט פאַ-נאַנדער רייסען דעם טיוועלשען כסוף? דער פּראָלעטאַריאַט האָט אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כחות, אַראָפּגעוואָרפען די אַלטע אָרד-נונג, האָט ווייט פאַרשליידערט די ווילדע בורזשואַזיע, און איצטער, ווען ער שטעהט אויפ'ן ברעג פון אָפּגרונט, ווילען איהם אָנכאַפּען פאַר'ן האַלז דער פאָלקס-אינטעליגענט, דער מענשעוויסטישער סאָ-ציאַל-דעמאָקראַט און אַלע צוזאַמען אַריינפאַלען אין אַ קבר, וואו עס ווילען זיין באַגראָבען זיי אַלע צוזאַמען און זייערע געמיינשאַפט-ליכע האָפענונגען?

איהר, לעהרער און לערערינס, ווייזט אַ ביישפּיעל. נידער מיט'ן באָיקאָט. לאָמיר אַרבייטען, לאָמיר בויען די נייע פאָלקס שול. איך, דער פאָלקס-קאָמיסאַר פאַר בילדונג, וויל קיין זאַך ניט אַרויפצווינגען אויף אייך, איך וויל גאָרניט אַרויפצווינגען אויף דער שול. איך זאָג אָט וואָס: נידער מיט דער ביוראָקראַטיע. זי דאַרף זיין אונטערגעוואָרפען צו אייך. זאָל דער מיניסטעריום זיין פון היינט אָן בלויז אַן אויספיהרענדער אָרגאַן. לאָמיר אויס-בויען אונזער בילדונגס-פּאַרלאַמענט, אַלס אַ פאַרברייטערטער רע-גירונגס-קאָמיטעט פאַר פאָלקס-בילדונג, לאָמיר מיט אַלע כוחות באַשאַפען אַנשטאַט אַ מיניסטער אַ קאָמיסיע, וועלכע וועט ניט פאַרוואַלטען, וועט ניט אַרויסגעבען קיין פאַראָרדנונגען, נאָר וועט

גרינגער מאַכען די אַרבייט און וועט העלפען יעדער געזונטער אי־ניציאַטיווע. לאָמיר פאַרענדיגען דעם פּראָצעס פון דעצענטראַלי־זירונג פון דער שול, און איבערגעבען די פאַרוואַלטונג פון שול אין די הענט פון די אָרטיגע זעלבסטפאַרוואַלטונגען. פיעל אויפ־גאַבען עס שטעהען פאָר! קען מען זיי אַלע אויסרעכענען? און זיי אַלע דאַרפען געלעזט ווערען נאָר אויף איין וועג — די פּעדאַ־גאָגען זאָלען זיך שטענדיג מישב זיין וועגען אַלץ מיט די פאָר־שטעהער פון דער געזעלשאַפט און הויפּטזעכליך מיט די פאָרשטע־הער פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער מאַסען.

איך האָב פאַרעפענטליכט אַ סאָרט ערקלערונג וועגען די גרונד פּרינציפּען פון בילדונג אין רוסלאַנד און ניט לאַנג צוריק האָב איך באַקאַנט געמאַכט דעם באַפעהל פון צענטראַלען עקזעקוטיוו קאָ־מיטעט וועגען גרינדען אַ קאָמיסיע פאַר פאָלקס־בילדונג.

מעגליך — און טאַקע זיכער — זיי באַפרידיגען ניט אַלע־מען. אָבער די ערקלערונג איז נאָר מיין פּערזענליכע מיינונג, וועלכע איך וויל דורכפיהרען אין לעבען ניט אַלס אָנפיהרער, נאָר אַלס מיטאַרבייטער, און דער באַפעהל טראָגט נאָר אַ פאָרבערייי־טונגס כאַראַקטער, ווייל מ׳מוז דאָך באַשאַפען אַ וועלכען עס איז אַפּאַראַט, מיט וועלכען מ׳זאָל קענען אָנהויבען צו אַרבייטען.

פאַר מיר מאָלט זיך אַזאַ פּערספּעקטיווע. דער רעגירונגס קאָמיטעט וועגען פאָלקס בילדונג קלייבט זיך צונויף אויף אַן עקסטרא־זיצונג, ער אַרבייט אויס דעמאָקראַטישסטע גרונד־לאַגען פאַר דער צונויפרופונג פון אַ בילדונגס־צוזאַמענפאָהר פון פּעדאַ־גאָגען און געזעלשאַפטליכע פאָרשטעהער, הויפּטזעכליך פון די אָרגאַ־ניזירטע אַרבייטענדע מאַסען. דאָרטען אין פריינדליכער צוזאַ־מענאַרבייטען, דורך אַ פרייער דיסקוסיע וועלען מיר אויסאַרבייטען די גרונד־פּרינציפּען פון דער נייער פאָלקס־שול אין רוסלאַנד און מיר וועלען עס פאָרשלאָגען דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פאַר דער ענטגילטיגער באַשטעטיגונג.

לאָמיר באַשאַפען אויפ׳ן געביט פון בילדונג, אויפ׳ן הייליגס־טען געביט, די אַטמאָספערע פון מיטאַרבייטערשאַפט. דאָ זיינען די קלאַסען־פאַרשיידענהייטען ניט אַזוי שרעקליך. יעדער ערנסטער און געבילדעטער פּעדאַגאָג דורשט נאָך אַ פאָלקאָמענער שול,

אזא, וועלכע זאָל פאַרוואַנדלען דעם גרעסטען צאָהל בירגער אין גאַנצע, פולשטענדיג ענטוויקעלטע מענשען, נאָך דאָס זעלבע דורשט אויף דער פּראָלעטאַריאַט.

ווען די אינזשענערען און די ארבייטער זאָלען זוכען פּערפאָל־קאָמענסטע און פּראָדוקטיווע מאַשינען, ניט פיהלענדיג אויף זיך דעם דרוק פון דעם אונטערגעמערם חשבונות, נאָכפאָלגענדיג בלויז דעם איינציגען סימן פון געזעלשאַפטליכע נוצליכקייט — צו מאַכען די ארבייט מעהר פּראָדוקטיוו — דאַן וואָלטען זיי געקענט ארביי־טען צוזאַמען און צווישען זיי וואָלטען די קלענסטע רייבענישען ניט פאָרגעקומען.

דאָס זעלבע איז מיט דער שול.

דאָס פאָלק האָט זיך באפרייט. דאָס פאָלק איז געוואָרען דער בעל־הבית פון לאַנד. דאָס פאָלק פאַרלאַנגט מעהרער ליכט — מעהרער ליכט פאַר זיך און פאַר די קינדער. דער צוזאַמענפאָהר פון די סאָוועטען, וועלכער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט 15 מיליאָן פאָרטגעשריטענע בירגער, האָט מיך גערופען צו זיין דער קאָמיסאַר פון פאָלקס־בילדונג. אָהן פּרעטענזיעס, אָהן גאוה, מיט א שרעקען־געפיהל פון פאַראַנטוואָרטליכקייט, מיט יראת הכבוד, גרייט צו פאַרלאָזען מיין פּאָסטען און שטעלען זיך אין די רייהען ווי א פּראָס־טער סאָלדאַט, ווי נאָר דאָס פאָלק וועט עס פון מיר פאַרלאַנגען, האָב איך אויף זיך גענומען די פליכט און ווענדע זיך איצטער צו אייך, לעהרער און לעהרערינס פון רוסלאַנד: וואַרפט אוועק דעם אומווירדיגען באָיקאָט און לאָמיר דערוויילע ארבייטען צוזאַמען, ביז וואַנען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג וועט איינפיהרען א שטענדי־גע אָרדנונג אויפ'ן געביט פון פאָלקס־בילדונג.

איך רוף אייך אויסצופיהלען דאָס פאָלגענדע פּראָגראַם: צו־גרייטען אומגעזאַמט א בילדונגס־צוזאַמענפאָהר אויף די דעמאָקראַ־טישסטע פּרינציפען, און ביי דער ערשטער מעגליכקייט זאָל דער צוזאַמענפאָהר ווערען א ווירקליכקייט. פאַראייניגטע ארבייט פון פּראָלעטאַריאַט און פון דעם בעסטען טייל פון דער אינטעליגענציע צו באַשאַפען אַן איינהייטליכע, פרייע פאָלקס שול, אין ברייטעס־טען זינען פון דעם וואָרט.

בעת איך שרייב צו אייך, לעהרער און לעהרערינס, דיזען אויפ־רוף, פיהרט מיט מיין האַנט דער נייער בעל־הבית פון לאַנד — א יונגער, אומערפאַהרענער, אָבער א שטאַרקער: דאָס ארביימענדע פאָלק, וועמען איהר האָט שטענדיג געוואָלט דינען.

געהט צו איהם און העלפט איהם. ער האָט געזיעגט, ער איז אָבער איינזאַם. ער איז פול מיט כוחות, ער איז אָבער ארומגע־רינגעלט מיט אומגליקען. עהרע צו דעם, וואָס אין א שווערער צייט פון געבראַטענע נסיונות שטעהט מיט'ן פאָלק, ווי ער איז.

שאַנדע צו די יעניגע, וועלכע פארלאָזען איהם. און זייט וויסען — דער עקעלהאַפטער בונט, דער בונט פון דער אינטעליגענציע געגען דאָס ארבייטענדע פאָלק, אויב ער זאָל זיך פארציהען, וועט פארזעען דעם וועג פון זיינע ליידען מיט נייע דערנער — דאָס וועט אָבער ניט אָפּשטעלען זיין רייטוואָגען. דאָס פאָלק רופט אייך ארבייטען צוזאַמען, בויען צוזאמען די נייע שול. אויב איהר וועט זיך אָפּזאָגען, וועט ער פאָרטזעצען זיין ארבייט אליין מיט דער הילף פון זיינע טרייע, איבערגעגעבענע און פריינדליכע כחות.

דער וועג צו דער פארגאַנגענהייט איז אָפּגעשניטען!

פאָלקס קאָמיסאַר פאַר בילדונג.

**א. וו. לונאַטשאַרסקי.**

## רעוואָלוציע און קונסט

די רעוואָלוציע אַלס אַ ריזיקע פּילזײַטיקע דערשײַנונג איז אַף אַלערלײ אופנים פֿאַרבונדן מיט קונסט.

אויב מיר װעלן װאַרפֿן אַ בליק אַף דער אַלגעמײנער באַציהונג צװישן קונסט פ אַ ר דער רעוואָלוציע און קונסט א י צ ט , אַפֿן פֿינפֿטן יאָר פֿון דער רעוואָלוציע, װעלן מיר אומעטום דערקענען אַ זײער שטאַרקן קונסט־אײנפֿלוס. קודם כּל האָט די רעוואָלוציע געענדערט דעם לעבן־שטײגער פֿון די קינסטלער און זײער שײַכות צום מאַרק. אמת, אין דעם זין מעגן זיך די קינסטלער גיכער באַקלאָגן אַף דער רעוואָלוציע, אײדער זי בענטשן.

גראַד דעמאָלט װען די מלחמה און די בלאָקאַדע האָבן אַרױסגערופֿן צום לעבן דעם שטרענגן מיליטערישן קאָמוניזם, איז דער פּריוואַטער מאַרק אינגאַנצן אָפּגעװישט געוואָרן פֿאַר קונסטװערק, און די יעניקע קינסטלער, װעלכע האָבן געהאַט אַ נאָמען און װאָלטן לײַכט געקאָנט אָפּזעצן זײערע װערק אַפֿן פּריוואַטן מאַרק, זײַנען אַװעקגעשטעלט געוואָרן אין אַ שלעכטער לאַגע. צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע האָט דאָס זײ אָפּגעשטויסן פֿון דער רעוואָלוציע.

די פֿאַראָרעמונג פֿון רײַכע מעצענאַטן און קונסט־שטיצער האָט זיך, פֿאַרשטײט זיך, װײניקער אָפּגערופֿן אַף די יונגע קינסטלער, די ניט־אַנערקענטע, דערהויפּט אַף די קינסטלער פֿון דער לינקער ריכטונג, װעלכע האָבן אַפֿן מאַרק פֿריער אויך קײן דערפֿאָלג ניט געהאַט. די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג האָט באַלד אָנגענומען מיטלען, אַף װיפֿיל דאָס איז געװען מעגלאַך, צו פֿאַרבײַטן דעם ניט־עקזיסטירנדיקן מאַרק דורך מלוכה־באַשטעלונגען און אויפֿקויף פֿון בילדער. אָט די באַשטעלונגען האָבן אָנגערירט, דערהויפּט, יענע קינסטלער, װעלכע זײַנען גרײט געװען צו אַרבעטן פֿאַר דער רעוואָלוציע אין טעאַטער, דורך פּלאַקאַטן, דעקאָראַציעס, פֿאַר יום־טובים, רעוואָלוציאָנערע דענקמאַלן, קאָנצערטן פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט, און אַז. װ.

עס פֿאַרשטײט זיך, אַז די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע מיט זײער שװערער עקאָנאָמישער לאַגע האָבן פֿאַרערגערט דעם לעבנסשטײגער פֿון די קינסטלער. אָבער די

זעלביקע יאָרן זיינען געווען זייער אַ גרויסער שטוים פּאָראויס צו אַנטוויקלען די שאַפונגס־קראַפט ביי דער יוגנט.

נאָך וויכטיקער אפשר, איידער אָט די ריין־עקאָנאָמישע באַציאונגען, זיינען די פּסיכאָלאָגישע רעזולטאַטן, וואָס די רעוואָלוציע האָט געבראַכט.

דאָ קען מען זען צווייערליי דערשיינונגען: פון איין זייט האָט די רעוואָלוציע, אַלס אַ גראַנדיעזע סאָציאַלע געשעניש, אַלס אַ גוואַלדיקע און פילפאַרביקע דראַמע, געקאַנט געבן דער קונסט אַ ריזיקן מאַטעריאַל און אין אַ גרויסער מאָס אויסבילדן די נייע קינסטלערישע נשמה.

פונדעסטוועגן האָט זיך אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע איר איינפלוס ניט אַזוי געפילט אין דער קונסט. אמת, ס׳זיינען אָנגעשריבן געוואָרן בלאָק׳ס „צוועלף“ און נאָך אייניקע זאַכן, אַשטייגער מאַיאַקאָווסקי׳ס „מיסטעריע בוף“, ס׳זיינען געמאַכט געוואָרן אַ סך גוטע פּלאַקאַטן. אַ געוויסע צאָל ניש׳קשה׳דיקע דענקמאַלן, אָבער דאָס איז נאָך אַלץ וייט געווען פון פאָרשטעלן די רעוואָלוציע. אפשר נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס די רעוואָלוציע מיט איר ריזיקן אידעאישן און עמאָציאָנעלן אינהאַלט פאָדערט אַ מער אָדער ווייניקער רעאַליסטישן אויסדרוק, אַ דורכזיכטיקן אויסדרוק, אָנגעזעטיקט מיט אידעען און געפילן, און דערצו האָבן געפעלט קינסטלער. די רעאַליסטן און די ריכטונגען, וואָס זיינען נאָהענט צום רעאַליזם, האָבן זיך, ווי שוין אויבן באַמערקט, אַ סך ווייניקער אָפּגערופן אַף דער רעוואָלוציע, איידער אַנדערע ריכטונגען. די נייע ריכטונגען, וועמענס אַבסטראַקטע מעטאָדן זיינען זייער גוט פאַר קונסט־אינדוסטריע און אָרנאַמענט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו שוואַך צו קאָנען פּסיכאָלאָגיש אויסדריקן דעם נייעם אינהאַלט פון דער רעוואָלוציע. דער אמת איז, אַז גראָד אין די ערשטע יאָרן, ווען די השפעה פון דער רעוואָלוציע איז געווען אַם שטאַרקסטן און איר לעבן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַם שאַרפסטנס, האָט זי געשאַפן זייער ווייניק קינסטלערישע זאַכן.

פון דער אַנדערער זייט האָט די רעוואָלוציע ניט נאָר געקאָנט ווירקן אַף דער קונסט, נאָר זי האָט ג ע ד אַ ר פ ט ה אָ ב ן קונסט.

קונסט איז אַ מעכטיק מיטל פון אַגיטאַציע, און די רעוואָלוציע האָט געשטרעבט צוצופּאַסן צו זיך די קונסט פאַר אַגיטאַציע־צוועקן. אָבער זעלטן האָט מען געמערקט אַזוינע דערגרייכונגען, וואו אַגיטאַציע־קרעפטן זאָלן זיין פאַרבונדן

מיט אַן עכטער קינסטלערישער טיפקייט. דער אַגיטאַציע טעאַטער, טיילווייז די מוזיק, מער פון אַלע דער פּלאַקאַט האָבן אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע אָן אַ ספק געהאַט אַ באַדייטנדיקן ערפאָלג אין דעם זין פון פאַרשפּריי־טונג צווישן די מאַסן. אָבער זייער ווייניק פון יענע שאַפונגען קאָן מען איצט פאַררעכענען צווישן קונסט־ווערק.

פונדעסטוועגן איז דער הויפּט־טעזיס דאָך געבליבן ריכ־טיג. די רעוואָלוציע האָט געמוזט  ג ע ב ן  די קינסטלער זייער פיל, געבן זיי אַ נייעם אינהאַלט, און די רעוואָלוציע האָט  ג ע ד א ר פ ט  ה א ָ ב ן  די קונסט. פריער אָדער שפּעטער האָט געמוזט קומען אַ פאַרבאַנד צווישן רעוואָלוציע און קונסט. אויב מיר זאָלן וואַרפן אַ בליק אָפּן איצטיקן מאָמענט, וועלן מיר מערקן אַ גרויסן אונטערשיד אין פאַרגלייך מיט 1918 און 1919 *). קודם כל באַווייזט זיך ווידער דער פּריוואַטער מאַרק. די מלוכה, געצוואונגען איבערצוגיין צו אַ קמצנ׳ישער פּלאַנמעסיקער קונסט, האָט אַף אַ פּאָר יאָר אינ־גאַנצן אויפגעהערט קויפן אָדער באַשטעלן. פון דעם שטאַנד־פּונקט קאָן זיך דאַכטן, אַז מיטן קומען פון דעם „נעפּ“ האָט די ראָד זיך אַ דריי געטאָן אַף צוריק. און מיר זעען טאַקע, ווי אַזוי דער אַגיטאַציע־טעאַטער פאַרשווינדט כמעט אינ־גאַנצן און עס באַשאַפט זיך דער דעגענערירטער טעאַטער, עס באַווייזט זיך דער צווייטדייטיקער שענק — איינער פון די סמ׳ען פון דער בורזשואַזער וועלט; אין אַנדערע געביטן פון קונסט באַמערקט זיך אויך אַזאַ צוריקקער צו דער טרויער־דיקער פאַרגאַנגענהייט, הגם אין אַ קלענערער מאָס.

פונדעסטוועגן דאַרף מען ניט זיין פּעסימיסטיש, מען דאַרף זען די אַנדערע זייט. צוזאַמען מיט דער פאַרבעסערונג פון דעם לעבנסשטייגער, וואָס איז פאָרגעקומען אין די לעצ־טע רואיקע יאָרן, הייבט די רעוואָלוציע גראָד אָן צו האָבן אַ זייער שטאַרקע ווירקונג אַף דער נשמה פון דעם קינסטלער. עס איז שוין קלאָר, אַז די רעוואָלוציע האָט אַרויסגערוקט אַ גאַנצע מחנה שרייבער, וואָס טיילווייז רופן זיי זיך אַ־פּאָלי־טיש, נאָר וועלכע זינגען און רעדן דוקא וועגן דער רעוואָלוציע און גראָד אין רעוואָלוציאָנערן גייסט. עס איז נאַטירלאָך, אַז די אידעאיש־עמאַנציפּאַנעלע סטיכיע פון דער רעוואָלוציע זאָל זיך קודם כל אָפּשפּיגלען אין דער אינטעלעקטועלסטער פון אַלע קונסטן — דער ליטעראַטור. אָבער עס איז קיין ספק ניט, אַז זי שטרעבט זיך צו פאַרבינדן אויך מיט אַנדערע

*) געשריבן אין 1922.

קונסטן. עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס גראָד איצט ווערן באַשאַפן זשורנאַלן, זאַמל־ביכער, עס ווערן אָרגאַניזירט גע־זעלשאַפטן פון מאָלער און סקולפּטאָרן, עס הויבט זיך אָן די אַרבעט פון דעם אַרכיטעקטור־געדאַנק אין דער ריכטונג, אין וועלכער מ׳האָט ביז אַהער נאָר געפאָדערט אָבער ניט געפונען קיין אָנבאָט.

די צווייטע זייט פון דעם טעזיס, נעמלאַך, אַז די רע-וואָלוציע דאַרף האָבן די קונסט, וועט זיך אויך באַלד אַרויס־ווייזן אין לעבן. שוין איצט הערן מיר וועגן אַן אַל־רוסישער זאַמלונג צו בויען אַ גראַנדיעזן דענקמאָל פאַר די קרבנות פון דער רעוואָלוציע אויפן מאַרס־פעלד; מיר הערן וועגן אַ פאַר־לאַנג אויפצושטעלן אין מאָסקווע אַ גראַנדיעזן אַרבעט־פּאַלאַץ. און ענדלאַך דאָס לעצטע, דאָס פון וואָס איך האָב אָנגעהויבן: דער לעבנס־שטייגער, די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם קינסטלער. אמת, מיטן אָנקומען פון דעם „נעפּ“ ווערט דער קינסטלער ווידער געטריבן צום פּריוואַטן מאַרק. אָבער ווי לאַנג וועט עס דויערן? אויב אונזערע חשבונות זיינען אמת, און זיי זיינען דאָך אמת, איז אַ פראַגע: צי וועט די מלוכה אַלס קאַפּיטאַליסט, מיט איר שווערער אינדוסטריע און מיט די ריזיקע קרעפטן אַפן געביט פון אַנדערע אינ־דוסטריע־צווייגן, מיט איר שטיצע אַף שטייערן, מיט איר מאַכט אַרויסצולאָזן פּאַפּיר־געלט און, קודם כל, מיט איר גוואַלדיקן אידעאישן אינהאַלט, — צי וועט זי, סוף כל סוף, ניט זיין פיל שטאַרקער, איידער אַ וועלכע ניט איז קאַפּי־טאַליסטן, גרויסע אָדער קליינע, און צי וועט זי זיך ניט אַרויסווייזן פאַר אַ גראַנדיעזן מעצענאַט, גראָד אַ קולטורע־לער און אמת איידעלער מעצענאַט, פאַר אַלצדינג, וואָס איז דאָ לעבעדיקס אין קונסט?

די רעגירונג וועט, ווי שטענדיק, שטרעבן מיט אַלע מעגלאַכקייטן צו פאַרהיטן דאָס בעסטע אין דער אַלטער קונסט, ווייל באַקאַנטשאַפט מיט דער אַלטער קונסט איז נויטיק פאַר די ווייטערדיקע טריט פון דער באַנייטער קונסט. אין דער זעלביקער צייט וועט זי זיך באַמיען אַקטיוו אונטער־צושטיצן יעדע נייע שטרעבונג, וועלכע איז וויכטיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פאָלקס־מאַסן, און וועט קיינמאָל ניט שטערן דער אַנטוויקלונג פון דער נייער, אויב אפילו עס איז דאָ אַ צווייפל וועגן זיין וויכטיקייט, ווייל זי וועט ניט וועלן דערלאָזן אַ טעות און וועט ניט וועלן טויטן יונגערהייט דאָס, וואָס האָט אַ רעכט צו לעבן, נאָר ס׳איז נאָך ניט אונטער־געוואַקסן און ניט געוואָרן שטאַרק. אין דער נאָענטער צו־

קינפט וועט די קונסט, מסתמא, נאָך דאַרפן איבערלעבן אין רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד עטלאַכע זייער ביטערע מאָמענטן, ווייל די מיטלען פון דער מלוכה זיינען דערווייל קליין און וואַקסן לאַנגזאַם. דערלויבן זיך דעם לוקסוס פון אַ ברייטער קינסטלערישער שפע קאָנען מיר איצט ניט. אָבער די שווערע צייטן האַלטן שוין ביים סוף און די דאָזיקע אידעען, וואָס איך האָב דאָ אויסגעדריקט וועגן דער ווירקונג פון דער רעוואָלוציע אַף קונסט, וועגן דעם, אַז די רעוואָלוציע דאַרף האָבן די קינסטלער או אַז עס וואַקסט צווישן איר און זיי אַ פאַרבינדונג, וועלן זיך באַלד אַרויסווייזן ריכטיג.

## די קונסט־אויפגאַבן פון דער סאָוויעט־מאַכט

אויפקלערן די מאַסן איז איינע פון די צענטראַלע אויפ־גאַבן פון דער פּראָלעטאַריש־פּויערשער מאַכט. דער באַגריף „אויפקלערונג" נעמט אַריין אויך קינסטלערישע אויפקלערונג. פאַרן אַרבעטער און פּויער, פאַר זייערע אידעאָלאָגן, ווי פאַר די אידעאָלאָגן פון מעכטיקע, לעבנספולע, וואַקסנדיקע קלאַסן אין אַלע צייטן פון דער געשיכטע, איז די קונסט ניט קיין ציל פאַר זיך אַליין. ווען דאָס לעבן איז מעכטיג, מאַכט עס ניט פון קונסט קיין אָפּגאָט, נאָר אַ געצייג פאַר זיך, פאַרן לעבן, פאַר זיין וואוקס, פאַר זיין אַנטוויקלונג.

פון דעם שטאַנדפונקט, האָט דער אינהאַלט פון קונסט אַ באַזונדערע באַדייטונג. דאָס הייסט ניט, אַז די פאָרמע קאָן מען אוועקשטעלן אָן אַ זייט, וואָרום אָט דאָס איז דאָך טאַקי די צויבער־קראַפט פון קונסט, ווייל זי גיט אַ קינסטלערישע פאָרמע דעם אָדער יענעם לעבנס־אינהאַלט און הייבט אויף און פאַרשטאַרקט דערמיט די מעגלאַכקייט אַריינצודרינגען אין מענטשלאַכע הערצער.

אַף וויפיל מיר רעדן וועגן פּראָלעטאַריאַט און דעם רע־וואָלוציאָנערן פּויערטום, וואָס גייט מיט אים האַנט אין האַנט, איז דער צענטראַלער אינהאַלט פון אַלע זייטן פון זייער לעבן — דער קאַמף פאַר סאָציאַליזם און פאַרן סאָציאַליסטישן אידעאַל גופא. דעה דאָזיקער אינהאַלט איז אומענדלאַך פילזייטיג. ער פאַרכאַפּט די גאַנצע וועלט, ער צווינגט מענטשן צו קוקן מיט אַנדערע אויגן אַפן קאָסמאָס, אַף דער ערד, אַף דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אַף זיך אַליין, אַף יעדן מאָמענט פון דעם לעבן, אַף יעדער זאַך אַרום אונז. אָט דער אינהאַלט קאָן זיך אויסגיסן אין דער גאַנצער פאַרשידנאַרטיקייט פון מענטשלאַכע שאַפונגס־מיטלען בכלל, און אַלע פאָרמען פון קונסט־ווערק בפרט.

די סאָציאַליסטישע אויפקלערונג פון די מאַסן, וועלכע שטייט אין דעם צענטער פון אויפקלערונג בכלל און איז כמעט דער גאַנצער עצם פון אויפקלערונג, קאָן, פאַרשטייט זיך, ניט איגנאָרירן אַזאַ גיגאַנטיש מיטל, ווי קונסט.

לאָמיר זשע דאָס געדיינקען און לאָמיר צוגיין צו דער זעלביקער פראַגע פון אַ ביסל אַן אַנדער זייט. קונסט־

אויפקלערונג האָט צוויי זייטן, וועלכע זיינען איינע מיט דער אַנדערער פאַרבונדן, נאָר וועלכע זיינען אין דער זעלביקער צייט אָפּגעטיילט. פון איין זייט דאַרף קונסט־אויפקלערונג באַקאַנען די מאַסן מיט קונסט, פון דער אַנדערער זייט דאַרף זי ביי זיי אַליין אַרויסרופן יחידים און קאָלעקטיוון, וועלכע זאָלן ווערן די קונסט-אויסדריקער פון דער מאַסן-נשמה.

אַף וויפיל מיר קוקן אַרוים אַף אַקטיוון אויסדרוק פון די האָרעפּאַשנע מאַסן, מעגן מיר זיך רואיג אַף זיי פאַרלאָזן. אַלצדינג, וואָס וועט אַרויסגיין פון דעם אַרבעטער׳ס אָדער פּויער׳ס האַרץ, וועט אַזוי אָדער אַנדערש האָבן אַ שייכות צו דעם זין פון אַרבעט אין זיין איצטיקער אַנטוויקלונג־פּאַזע צום סאָציאַליזם. אָבער אַף וויפיל מיר רעדן וועגן דער ווירקונג פון קונסטווערק אַף די מאַסן, שטויסן מיר זיך אָן אַף דעם פאַקט, אַז מיר האָבן אין אונזערע הענט אַ קונסט אַ פאַרשידנאַרטיקע, אַ פאַרשידנווערטיקע, אַ קונסט, וואָס איז מער אָדער ווייניקער דערווייטערט פון אונזער אידעאַל אין פּרט פון אינהאַלט אָדער, אָפּט, אין פּרט פון אינהאַלטס־לאָזיקייט.

מ׳קאָן לייכט אַריינפאַלן אין אַ טעות און דענקען, אַז פאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן באַקאַנטשאַפט מיט ניט־סאָציאַליסטישע קונסט איז נוצלאָז אָדער אפילו שעדלאָך. עס איז מערקווירדיג, אַז אָט דער באַרבאַריזם באַווייזט זיך דאָ און דאָרט (אמת, זייער זעלטן) אפילו צווישן די פּראָלע־טאַריער און די פּויערים; מערסטנס איז דאָס צו מערקן צווישן די אינטעליגענטישע איבערלויפער, וואָס האָבן זיך אַנגעשלאָסן אָן די האָרעפּאַשנע מאַסן.

דער אמת איז, אַז היינט צו טאָג איז נאָך דאָ זייער ווייניק סאָציאַליסטישע קונסט, און ס׳וואָלט זייער שמאָל גע־האַלטן מיט דער קונסט־אויפקלערונג פון די מאַסן, אויב מיר וואָלטן זיך באַגנוגנט מיט אָט־דעם קינסטלערישן מינימום.

די קינסטלערישע אויפקלערונג פון די מאַסן דאַרף אוועק-געשטעלט ווערן אַ סך, אַ סך ברייטער.

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז די פאָרמעלע זייט פון קונסט איז גוואַלדיג וויכטיג. נאָר פאָלקאָמענע פאָרמען, ד. ה. די פייאיקייט אָנצורירן אַ געפיל אין דעם מענטשן, אים געבן פאַרגעניגן, אויפרודערן אין אים ליבשאַפט־ און שיינקייטס־געפילן, נאָר אויסדרוקספולקייט, אַן עקאָנאָמיע פון מיטלען, וואָס מיר רופן דאָס שיין, גראַציעז, אַ. אז. וו., גיט דעם ווערק אַ רעכט צו רעכענען זיך פאַר קונסט.

דעריבער, אויב מיר זאָגן זיך אָפּ פון אַ קונסט־אינהאַלט

און רעדן נאָר וועגן דער פאָרם, און אויך וועגן דער פאַרבינ־דונג פון דער פאָרמע מיט יעדן מעגלאַכן אינהאַלט, ווערט אונז באַלד קלאָר, אַז קיין אמת קונסטווערק קאָן ניט ווערן איגנאָרירט.

די אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע גאונים פון אַלע צייטן און אַלע פעלקער זיינען דורך פאַרשידענע מיטלען דיק־טירט דורך דער גאַנצער געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג, צוגע־גאַנגען צו דער פּראָבלעמע פון קינסטלעריש אויסדריקן זייער פסיכיק. די ריזיקע משא פון מעטאָדן און פאָרמען, וואָס מ׳האָט דערביי אַנטדעקט — פון דער זייער פּרימיטיווער האַלץ־שניצונג פון אַ ווילדן, פון דער עלטסטער מענטשלאַכער מעלאָדיע איבער די העכסטע קונסט־הויכן, אין אַלטן גריכנ־טום, אין דער רענעסאַנס־עפּאָכע, א. אַז. וו. — גיבן אונז אַ קאָלאָסאַלע לוקסוס־רייכע לערע פון קינסטלערישקייט אַלס אַזעלכע.

ווער קאָן אַף זיך נעמען די אחריות צו זאָגן, אַז דער פּראָלעטאַריער און דער פויער דאַרפן ניט זיין געבילדעט אין דעם זין פון אַ טיפער באַקאַנטשאַפט מיט אַלע פאַרגאַנגענע מאָמענטן פון דער מענטשהייט? אַ באַקאַנטשאַפט מיט די קונסט־פאָרמען פון דער פאַרגאַנגענהייט איז באַזונדערס וויכ־טיג פאַרן וואוקס פון קונסט־אַקטיוויטעט צווישן די מאַסן.

אַ קונסט־ווערק, וואָס לויטן אינהאַלט איז דאָס פרעמד, אָבער לויט דער פאָרמע איז דאָס פאָלקאָמען, קאָן געבן דעם אַרבעטער און דעם פויער אפשר נאָר אַן אומקלאָרע באַפרי־דיגונג פון אַ האַלב־זינלאַכן כאַראַקטער. אָבער דער יעניגער אַרבעטער אָדער פויער, וועלכער וועט אַליין זיך פאַראינטע־רעסירן מיט דעם געהיימניש פון קונסט־פאַרקערפּערונג, קאָן אפילו אין אַ אידעאיש־פיינטלאַכן קונסט־ווערק געפינען אַ גרויסן לערער, אויב ער וועט נאָר פּרובן אַנאַליזירן דאָס ווערק און אַריינדרינגען אין דעם וועזן פון זיין אויפבוי.

איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם קונסט־אינהאַלט.

קונסט איז אַ גיגאַנטיש ליד פון דעם מענטשן וועגן זיך אַליין און זיין סביבה. קונסט אין אַלגעמיין איז איין גרויסע לירישע און פאַנטאַסטישע אויטאָביאָגראַפיע פון אונזער מין. ווי לעבערלאַך, ווי נישטיג זעען אויס די, וועלכע בלעטערן אָט דעם גיגאַנטישן בוך, וואָס זיינע אותיות זיינען טעמפּלען, געטער, פּאָעמען, סימפאָניעס, און דערקלערן, אַז דאָס אַלעס איז אינטערעסאַנט נאָר דורך דער אויסוויינקסטער שיינקייט און אַז בעצם האָט דער אינהאַלט קיין דירעקטע שייכות ניט צו קונסט אַלס אַזעלכע.

נאָך אַמאָל: פאַר מעכטיגע און לעבנספולע קלאַסן איז אַזאַ זקנ'ישע פאָרמעלע באַציאונג צו קונסט באמת זינלאָז.

לויט דעם אינהאַלט שפּיגלט די קונסט אָפּ דורך אַ יחיד דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבן פון דער מענשהייט. אַט דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבן טראָגט אין אַלע צייטן און ביי אַלע פעלקער דעם שטעמפּל פון דעם הערשנדיקן קלאַס, אָדער זי דריקט אויס דעם קאַמף פון די קלאַסן פאַר הערשאַפט.

צווישן אייניקע פון אָט די קלאַסן און דעם אַרבעטס־פאָלק, וואָס הייבט אויף אַ רעוואָלט פאַר פרייהייט און גליק, איז אָפט פאַראַן אַ טיפע קרובה'שאַפט; עס איז פאַראַן אויך אַזוינע, וועמענס צילן און איבערלעבונגען זיינען זייער איינג פאַרבונדן מיט דער היינטיקער צייט: ענדלאַד זיינען פאַראַן אויך אַזוינע, וואָס לויט זייער עצם מוזן זיי זיין פיינט־לאַך דעם אַרבעטס־אידעאַל.

אָבער הייסט עס, אַז צוליב דעם מוזן מיר זיך אָפּזאָגן פון באַקאַנען דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויערטום מיט דער קונסט פון דער פאַרגאַנגענהייט און זיך באַגנוגענען נאָר מיט דעם, וואָס לויט זיין אינהאַלט איז עס נאָענט צום אינהאַלט פון זייערע נשמות? איך רעכן, אַז מען דאַרף זייער שטאַרק פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ פּעדאַגאָגישער באַציאונג צו די פאָלקס־מאַסן. איך בין טיף איבערצייגט, און איך זע דאָס אויף דער דערפאַרונג פון יעדן טאָג, אַז די פירער, וועלכע שטאַמען פון די מאַסן גופא, ווייזן קיינמאָל ניט אַרויס אַזאַ הויכמוטיקע אַפּיטראָפּס'ישע באַציאונג צו קונסט. דאָ האָבן מיר די אַלטע קולטור־טרעגערייי, נאָר אויף אַ לינקער זייט. דער קולטור־טרעגער פון די הערשנדיקע קלאַסן האָט גאָר ניט לאַנג גע־שטרעבט אָנצובינדן דעם פּויערטום און דעם פּראָלעטאַריאַט דאָס, וואָס ער האָט גערעכנט, אַז עס וועט דערציען די מאַסן; דער קולטור־טרעגער פון די אינטעליגענטישע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּן בויגט איצט איבער דעם שטעקן אויף אַן אַנדער זייט און וויל דוקא באַשטימען, וואָס איז גוט און וואָס איז ניט גוט פאַר די אַרבעטער־מאַסן.

ניין, די קונסט פון דער פאַרגאַנגענהייט מוז אינגאַנצן געהערן די אַרבעטער און פּויערים. אמת, עס וואָלט געווען לעכערלאַך, ווען מיר וואָלטן אין דער הינזיכט אַרויסגעוויזן אַ טעמפּן גלייכגילט, געוויס וועלן מיר אַליין, פּונקט ווי אונ־זער גרויסע פאָלקס־אַודיטאָריע, זיך אינטערעסירן אַ סך מער מיט די יעניגע קונסט־ווערק, וועלכע פאַרדינען אונזער ליב־שאַפט. אָבער מ'טאָר ניט פאַרגעסן, אַז ס'איז ניטאָ אויף דער וועלט אַן אמת קונסט־ווערק, ד. ה. אַ קונסט־ווערק, וואָס

שפּיגלט אַף אַן אמת אָפּ אין אַ פּאַסנדיקער פֿאָרמע די אָדער יענע מענטשלאַכע איבערלעבונגען, וועלכע מען וואָלט געמעגט אַרויסוואַרפֿן פֿון דעם מענטשלאַכן זכרון און וואָס מען דאַרף אַף דעם קוקן ווי טריף פֿאַרן האָרעפּאַשנעם מענטשן, דעם יורש פֿון דער אַלטער קולטור.

און ווען מיר גייען צו צו אַזוינע קונסט־ווערק, וואו עס איז אויסגעדריקט די שטרעבונג פֿון דעם מענטשן צו גליק, צום סאָציאַליסטישן אמת, וואו ס'איז דאָ אַ פֿריילאַכע באַ־ציאונג צום לעבן, אַ קאַמף מיט די פֿינסטערע כחות, א. אַז. וו., זעען מיר פֿאַר אונז עפּעס ווי פּלאַקערס, אָדער ווי שטערן, וועלכע באַלייכטן קינסטלעריש דעם וועג פֿון די האָרעפּאַשנע מאַסן. אמת, אָט די מאַסן וועלן אָנצינדן זייערע אייגענע סיגנאַל-פֿייערן, זיי וועלן אָנצינדן זייער אייגענע זון, אָבער דערווייל איז אָט די ירושה פֿון פֿאַרגאַנגענע צייטן אַזאַ גיגאַנ־טישער אוצר, אַז ניט ווילנדיק ווערט מען אויפֿגעבראַכט ווען מען זעט, ווי עפּעס אַ באַוואוסטזיניקער אָדער אומבאַוואוסט־זיניקער דעמאַגאָג, וואָס האָט ניט דורכגעטראַכט דעם גע־דאַנק ביזן סוף, וויל פֿאַרשטעלן אָט די גרויסע ירושה פֿון דעם אַרבעטער'ס און פּויער'ס אויגן און אים איינרעדן, אַז ער דאַרף קוקן נאָר אַף יענעם נאָך שוואַכן ליכט, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן אין דער קונסט־וועלט פֿון די לעצטע טעג.

דער בילדונגס־קאָמיסאַריאַט פֿון די סאָוויעטן האָט אַזוי פֿאַרשטאַנען זיין אויפֿגאַבע.

אַרויסגייענדיק פֿון אָט דעם שטאַנדפּונקט, האָט דער ביל־דונגס־קאָמיסאַריאַט אָפּגעגעבן אַ סך אויפֿמערקזאַמקייט און אַרבעט צו באַהאַלטן אומבאַרירט די יעניקע זאַכן און טראַ־דיציעס, וואו עס לעבט די פֿאַרגאַנגענע צייט, דורך וועלכע די קונסט פֿון די אַלטע קונסט־עפּאָכן קאָן ווירקן אַף דער גרויסער קונסט־עפּאָכע, וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן אין היינטיקער צייט.

אַפֿן געביט פֿון אָפּהיטן די מוזעאומס, פּאַלאַצן, פּאַרקן, אַלטערטום־דענקמאַלן, א. אַז. וו., אַפֿן געביט פֿון אָפּהיטן דעם בעסטן רעפּערטואַר און די בעסטע טעאַטראַלישע טראַ־דיציעס, אַפֿן געביט פֿון אָפּהיטן די ביבליאָטעקן, מוזיק־אינסטרומענטן, מוזיקאַלישע קאָלעקטיוון א. אַז. וו., זיינען מיר געגאַנגען אַפֿן וועג פֿון לעבעדיק אָפּהיטן דאָס פֿאָלקס־רייכטום. מיר אונטערשטרייכן דאָס וואָרט „לעבעדיק“, ווייל ס'האָט זיך געהאַנדלט ניט נאָר וועגן אָפּהיטן דאָס, וואָס איז געבליבן פֿון פֿאַרגאַנגענע עפּאָכן, נאָר אויך געבן אָט דער ירושה אַזוינע פֿאָרמען, וואָס זאָלן זיין צוגענגלאַך פֿאַר די

פאָלקס־מאַסן.

און כאָטש דער ביטערער לעבנס־שטייגער, אין וועלכן מיר האָבן געלעבט אַ דאַנק דעם בירגער־קריג און דעם אָנפאַל פון אונזער איוויינינקסטער און פון דער וועלט־רעאַקציע, האָט כמעט אוממעגלאַך געמאַכט פאַר די מאַסן צו אָטעמען פריי, פונדעסטוועגן קאָנען מיר זאָגן מיט שטאָלץ, אַז די קונסט האָט זיך אין אַ קאָלאָסאַלער מאָס צוגערוקט צו די מאַסן.

פון דער אַנדערער זייט זיינען געשאַפן געוואָרן דער „פראָלעטקולט“ און אַ מאַסע שולן אָפן געביט פון פלאַסטישער און טאָן-קונסט, ליטעראַטור, א. אז. וו. וואָס אין פאַרגלייך מיט אונזערע שווערע אומשטענדן איז דאָס אַ ריזיקע אַרבעט.

מיר וועלן אויך ווייטער גיין אַף דעם וועג, מאַכן די קינסטלערישע אויטאָביאָגראַפיע פון דער מענטשהייט צו־געגלאַך צו יעדן אַרבעטסמאַן דורך אַ גרויסער צאָל עקזעמפּ־לאַרן, העלפן באַשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז אָט דער אַרבעטסמאַן זאָל אַריינשרייבן אין דער אויטאָביאָגראַפיע זיין אייגענעם רויטן און גאָלדענעם בלאַט, — דאָס איז די אויפגאַבע פון דעם בילדונגס־קאָמיסאַריאַט אָפן געביט פון קינסטלערישער אויפקלערונג.

## אגיטאַציע און קונסט

טאָלסטאָי, אין זיין באַרימטן ווערק וועגן קונסט, איז נאָענט צוגעגאַנגען צום אמת'ן ווען פון קונסט אַלס אַ סאָציאַלע דערשיינונג. טאָלסטאָי'ס פאָרמולירונג איז אַלעמען באַקאַנט. קונסט, זאָגט ער, איז אַ מעכטיגע פאָרמע פון אַנשטעקן מענטשן מיט די געפילן פון'ם קינסטלער און פון די, וואָס רינגלען אים אַרום.

אין דעם געזעלשאַפטלאַכן מענטשלאַכן לעבן קאָן טאַקע באמת ניט אויפקומען קיין איינציגער וויכטיגער פאַקטאָר, וועלכער זאָל ניט פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיע פון דעם מענטש'ס עקזיסטענץ־קאַמף קעגן דער נאַטור און אין דעם אינעווייניקסטן קאַמף פון אייניגע קלאַסן קעגן די צווייטע.

קונסט איז געקומען אױף דער וועלט ניט צוליב דעם, כדי צו פאַרצירן די אַרומיגע זאַכן, פאַרשאַפן פאַרגעניגן דורך אירע פאָרמען, אָדער דורך דעם שפּיל פון בילדער. ניין. קונסט שטאַמט פון אַ טיפער געזעלשאַפטלאַכער באַדערפניש.

די געזעלשאַפט איז אויפגעבויט אױף אַן אויסטויש פון אינדיווידועלע באַוואוסטזיינס, אױף אַ פאַרקער צווישן די נשמות פון מענטשן. פאַר אַזאַ פאַרקער פאַרמאָגט דער מענטש קלאַנגען, וועלכע פאַרוואַנדלען זיך ביסלאַכווייז אין ווערטער, מימיק, זשעסטן, צו וועלכע עס ווערן שפּעטער צוגעגעבן צייכנס אויסגעשטעמפּלט אױף האָלץ, שטיין, מאַאיסקערנער א. אז. וו. פון אָט די צייכנס, דורך וועלכע דער מענטש שטרעבט צו פאַרצייכענען זאַכן פאַר זיך אַליין צום געדענקען אָדער פאַר די קומענדיקע דורות, וואַקסט נאָכדעם אויס דער היעראָגליפישער אַלף־בית און דער אַלף־בית וואָס איז געבויט אױף קלאַנגען, עס וואַקסן אויס אילוסטראַציעס צו אזוינע שרייב־צייכנס, די דאָזיקע אילוסטראַציעס פאַרוואַנדלען זיך שפּעטער אין מאַלעריי און סקולפּטור, — אַן אַנטוויקלונג וואָס מיר קאָנען באַשיינפּערלאַך זען אין די היעראָגליפישע כתבים פון עגיפּטן, עס וואַקסט אויס די גאַנצע מאָנומענטאַלע קונסט, וועלכע שטרעבט דורך גראַנדיעזע בנינים צו פאַראייביקן די אָדער יענע געשעענישן, די אָדער יענע קולטור. פון דער אַנדערער זייט וואַקסן אַרויס פון

דער מענטשלאַכער שפּראַך מיט אירע אַרטיקולירטע ווערטער, מיט אירע לעבעדיקע אינטאָנאַציעס און מיט אירע זשעסטן, וואָס אַקאָמפּאַנירן דאָס וואָרט, — די ריטמישע פּאָעזיע, געזאַנג, טאַנץ־ליד, סיי אינדיווידועלע, סיי סאָציאַלע.

מעלאָדיע און זשעסט, פאַרבונדן מיט אינסטרומענטאַלער מוזיק, אַנטוויקלען זיך פון איין זייט אין דער ריכטונג פון טעאַטער, רעליגיעזע צערעמאָניעס, פון דער אַנדערער זייט גיבן זיי אַ פייערלאַכן, אַזוי צו זאָגן, אָפיציעלן שטעמפּל אַלע וויכטיגע פּאַסירונגען פון דעם פּריוואַטן לעבן : געבורט, דערוואַקסענקייט, חתונה, טויט, און אַף אַזאַ אופן נעמען זיי אַרום מיט זייער ריטמיש־געאָרדענטער אַטמאָספערע דאָס לעבן פון שבטים און פעלקער. מען דאַרף באַזונדערס באַמערקן, אַז אויך די שפּילן פון דערוואַקסענע — אַ ליד געזונגען פאַר אַן עולם, אַ צערעמאָניע, פון די פּרימיטיווע צערעמאָניעס פון אויסטראַלישע שוואַרצע און ביז אַ גרויסן פּאַראַד פון דער רויטער אַרמיי, — זיינען אויך אַ מעכטיג מיטל פון פאַראייניקן די מענטשן. ניט אומזיסט געברויכן מיר די ווערטער „כאָר“, „האַרמאָניע“, „צוזאַמענקלאַנג“, ווען מיר ווילן אויסדריקן אונזערע סאָציאַלע אידעאַלן, ניט אומזיסט טראָגן מיר אַריבער די באַגריפן „דיסהאַרמאָניע“, „דיסאָנאַנס“ אין יענע געביטן, וואו עס איז ניטאָ קיין איינײקייט.

די גריכישע קולטור האָט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אַרומצונעמען אירע בירגער דורך די גרויסאַרטיקע אויפגאַבן פון איר נאַציאָנאַלער אַרכיטעקטור, ווי אַזוי איבערצופילן זיין לעבן מיט „מוזיק“, ד. ה. מיט וואונדערבאַרער פאַראייניגונג פון קונסט און וויסנשאַפט, וועלכע האָבן אָנגעסטראָיעט די נשמה פון דעם יונגען דור אין איינקלאַנג מיט דער קולטור פון אַ גאַנצן פאָלק.

די גריכישע סקולפּטור האָט געשטעלט פאַרן בירגער אַ דערגרייכבאַרן אידעאַל אין דער פאָרמע פון אַטלעטן־סטאַטועז און אַן אומדערגרייכבאַרן און אייביק־שיינענדן אידעאַל פון אַן אומשטערבלאַכן מענטשן אין דער געשטאַלט פון געטער און געטינס. די גריכישע קונסט מיט אירע הויך־פּונקטן אין די פּאָעמען פון האָמער און די טראַגעדיעס פון סאָפאָקלעס איז געווען איין גרויסער דערציאונגס־שטראָם.

די גריכן האָבן פאַרשטאַנען, אַז גראָד קונסט איז ניט קיין פּוסטער שפּיל, נאָר די נשמה פון דער נאַציע, וואָס טיילט זי אָפּ פון די אַרומיקע באַרבאַרן.

ניטאָ אַזאַ געזונט פאָלק, ניטאָ אַזאַ געזונטער קלאַס,

וואָס זאָלן ניט זוכן אָט די אויסערגעוויינלאַך מעכטיקע פאָרמע פון שפּראַך, — די קונסט־שפּראַך.

נאָר פאַרצערטלטע און צום טויט פאַראורטיילטע קלאַסן, וועלכע האָבן שוין באמת ניט וואָס צו זאָגן, פאַרוואַנדלען קונסט אין אַ בלויזער פאָרמע, אין שיינקייט אָן און פאַר זיך. דעם קונסט־גענוס אָן און פאַר זיך פאַרוואַנדלען זיי אין אַ ציל פון קונסט, בשעת אין אמת'ן זיינען שיינקייט און גענוס נאָר באַגלייטער פון יענער שטאַרקער, בילדער־רייכער און אָרגאַניזירטער שפּראַך, דורך וועלכער די נשמה פון דעם מייסטער רעדט צו די נשמות פון זיינע צייט־גענאָסן.

דער פּראָלעטאַריאַט און זיין פירענדיקע פּאַרטיי, די קאָמוניסטן, נויטיקן זיך גוואַלדיג אין דער מעגלאַכקייט אָנצושטעקן די נשמות פון די מאַסן מיט זייער שטימונג. צוזאַמען מיט דער באַדערפניש אויפצוכוואַליען די געפילן פון די מאַסן, ד. ה. צו אַגיטירן, גייט די באַדערפניש צו באַלויכטן זייער באַוואוסטזיין דורך די אידעען פון דעם וויסנשאַפטלאַכן סאָציאַליזם, ד. ה. צו פּראָפּאַגאַנדירן.

אָן אַגיטאַציע איז די פּראָפּאַגאַנדע טויט. נאָר ווען איר רודערט אויף די געפילן פון אַ מענטשן, ווירקט איר אַף זיין ווילי. בען מיר לויבן דעם אָדער יענעם רעדנער, דעם אָדער יענעם רעוואָלוציאָנערן אויפקלער, לויבן מיר די קונסט פון זיין רעדע: וואָס גרעסער זיין קונסט, אַלץ גרעסער וועט ער אויפרודערן די אַרומיקע, אַלץ מער וועט ער זיי אָנשטעקן מיט זיינע געפילן.

אַגיטאַציע פאַר די גרעסטע אידעאַלן שטרעבט ניט ווילנדיק צו זיין וואָס קינסטלערישער און בילדער־רייכער, זיך צו פאַרקערפּערן אמהעלסטן אין אזוינע פאָרמען, וואָס דערשיטערן די נשמה. פון דער אַנדערער זייט, ווען די קונסט איז געזונט, ווען זי ציט אַריין אין איר שטראָם די בעסטע מענטשן פון די בעסטע גרופּן פון איר צייט, פילט זי זיך במילא אָן מיט די גרעסטע אידעען און געפילן פון איר צייט און ווערט אַליין אַ קלינגענדיקע, פאַרביקע אַגיטאַציע פון דער מענטשהייט. זי הייבט אויף די מענטשהייט אַף די הויכקייטן פון ענטוזיאַזם און פון זעלבסט־אָפּער פון יחידים פאַרן גאַנצן.

מיר דאַכט זיך, אַז די געדאַנקען, וואָס זיינען דאָ אָנגעוואָרפן, באַווייזן גענוג, וואָס פאַר אַן אויסשליסלאַכן אינטערעס צו קונסט עס דאַרפן האָבן אונזערע פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן, וועמעס ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע איז צו דערציען אין דעם גייסט פון דעם רעוואָלוציאָנערן אי-

דעאַל די גרויסע און דערווייל נאָך מערסטנס טונקעלע און ווייניק באַוועגלאַכע פּאָלקס-מאַסע.

אַריינגיין אין איינצלהייטן וועגן דער פּאָליטיק פון די מלוכה־אָרגאַנען, וואָס פאַרוואַלטן מיטן קינסטלערישן לעבן, איז דאָ ניט דער פּלאַץ. ס'וואָלט זיך נאָר געוואָלט, אַז אין דעם טאָג פון דער סאָוויעט־פּראָפּאַגאַנדע זאָל די שטים פון קונסט קלינגען אַם רייִנסטן און אַם העכסטן, און אַז פון דער אַנדערער זייט, אין דעם טאָג פון אָט דער פּראָפּאַגאַנדע, זאָל מען ניט פאַרגעסן אונטערצושטרייכן די באַדייטונג פון איינעם פון די וויכטיקסטע געציייגן — אידעאישע, אין באַגייסטערונג פלאַמענדיקע קונסט.

# ערקלערונג פון אומבאקאנטע ווערטער

## אַ

אָדיססע — א העלדען געריכט פון דעם באריהמטען גרי־כישען דיכטער האָמער, וועגען דעם צוריקקומען פון דעם טראָ־יאנישען העלד אָדיסעי (אוליסעס), וועלכער האָט געוואנדערט 10 יאָהר צו געפינען דעם וועג צו זיין היימאט.

אוניווערזום — דער וועלט־אל, די גאנצע וועלט.

אטהענע — א געטין אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע. לויט דער לעגענדע איז זי געבוירען געוואָרען פון דעם קאָפּ פון איהר פאָטער, דעם מעכטיגען גאָט זעאוס.

אילאָט — א שקלאָף אין אלטען גריכענלאנד.

אינטונאַציע—אַ גייסטיגע פעהיגקייט צו באַגרייפען זאַכען אָהן דער הילף פון באַווייזען, אַ פעהיגקייט צו „דערפילען“ אמת׳ן.

אינטואציע — א גייסטיגע פעהיגקייט צו באגרייפען זא־זען אָהן דער הילף פון באַווייזען, א פעהיגקייט צו „דערפיהלען אמת׳ן.

איראַציאָנאליזם — אונפערנינפטיגקייט ; אָפּלייקענען די פעהיגקייט פון שכל צו אורטיילען וועגען זאכען.

אסאציאטיוו — פארבונדען (אין ערינערונג) מיט אנאנדער זאך.

אַפּריאָרי — אָנצונעהמען א מיינונג אָדער א געדאנק א פּ ר י אָ ר י מיינט אָנצונעהמען עס א י י ד ע ר עס איז באַשטע־טיגט געוואָרען דורך באווייזען.

אסקעט — נזיר, איינער, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון אלע תאוות עולם הזה, פון וועלטליכע פערגעניגענס.

אָרגיע — אן אויסגעלאסענע זויפעריי ביי די אלט־גריכען לכבוד באקכוס, דעם גאָט פון וויין.

## ג

גאלאטעא — אין דער אלט־גריכישער מיטאָלאָגיע — א נימפע, א וואסער־געטין, וואָס פערזאָניפיצירט דעם שטילען רו־היגען ים.

## ד

דיפערענציאציע — אין ביאָלאָגיע — א שטופענווייזע ענדערונג אין דעם געבוי פון קערפער ; אין לאָגיק — דאָס אונ־טערשיידען לויט כאראקטעריסטישע אייגענשאַפטען.

דעקאַדענץ — דאָס אונטערגעהן, דאָס זינקען, אַ ריכטונג אין קונסט, וועלכע באַהויפּטעט אַז לאָגישער זין און רעאַליזם איז ניט דער עיקר פון פּאָעזיע אין קונסט.

## ה

העגעמאָניע — אויבערהערשאַפט, פיהרערשאַפט.

העראָסטראַט — נאָמען פון אַ גריך, וועלכער האָט אונטער־געצונדען אַ טעמפּעל כדי זיך באַריהמט צו מאַכען. דער נאָמען ווערט באַנוצט צו כאַראַקטעריזירען איינעם, וואָס באַגעהט אַ משוגענע טאַט כדי זיך צו מאַכען „באַריהמט".

## ו

וואָלטעריאַנסטוואָ—די לעהרע, פּרינציפּען אָדער האַנד־לונגען פון וואָלטער, דעם באַריהמטען פראַנצויזישען דענקער און שרייבער, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון די פריוהייטס־אידעען אַם ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט.

וואַקכאַנאַליע — שכרות, הולטאַיסטווע; אַ טרינק־יום־טוב אין אַלטען גריכענלאַנד לכבוד באַקכוס, דעם גאָט פון וויין.

## ז

זעאוס—דער הויפּט פון דער גריכישער געטליכער משפחה.

זעפיר — אַ לייכטער ווינטעלע.

## ט

טעאָלאָגיע — די וויסענשאַפט וואָס גיט זיך אָפּ מיט שטו־דירען און פאָרשען רעליגיעס.

טיראַליאָר — אַ יעגער, וואָס פאָהרט פאָרויס, אין דער שפּיץ פון דער יעגער־גרופּ.

## מ

מאַלעקול — דער קלענסטער טייל פון אַ שטאָף, וואָס קען עקזיסטירען באַזונדער און אַנהאַלטען די כעמישע אייגענשאַפטען פון דעם שטאָף.

מאָניזם — אַ פילאָזאָפישע לעהרע לויט וועלכער אַלע ער־שיינונגען, גייסטיגע און פיזישע, האָבען איין אורזאַכע און זיינען פון זעלבען וועזען. אַלס די איינציגע אורזאַכע ווערט אָנגעגעבען אָדער דער גייסט (אידעאַליסטישער מאָניזם) אָדער

דער שטאָף (מאַטעריאַליסטישער מאָניזם).

מיזאַנטראָפּיע — מענטשן־האַס, פיינדשאַפט צו מענטשן.

מיסטיפיצירען — אָפּנאַרען, פאַרבלענדען, פאַרטומלען: איינהילען געוועהנליכע זאַכען אין אַ געהיימניס כדי צו פאַר־בלענדען.

מעטאַפיזיק — די וויסענשאַפט איבער זאַכען און פּרינ־ציפּען אין דער פיזישער און גייסטיגער וועלט, וועלכע קענען באַגריפען ווערען נאָר מיט׳ן שכל, אָבער ניט דורך די חושים און ערפאַהרונג.

## נ

נאַטוראַליזם — אין אַ ליטעראַטור און קונסט — אַ שול וואָס באַהויפּטעט, אַז אַ קינסטלער דאַרף שילדערען זיין געגענ־שטאַנד מיט אַלע איינצעלהייטען און אַז אין אַזאַ פּינקטליכער שילדערונג פון זאַכען באַשטעהט די הויפּט־אויפגאַבע פון קונסט.

נירוואַנאַ — אַ צושטאַנד פון פאַלשטענדיגער גייסטיגער רוה, ווען דער מענש האָט ניט קיין שום פאַרלאַנגען, געפיהלען און געדאַנקען. לויט דער בודיסטישער רעליגיע דאַרף דער מענש טויטען אין זיך אַלע געפיהלען און ליידענשאַפטען און שטרעבען צו נירוואַנאַ.

## ר

רענעסאַנס — די עפּאָכע אין דער געשיכטע פון די איי־ראָפּעאישע פעלקער צום ענד פון מיטעלאַלטער (פון 14טען ביז 17טען יאָהרהונדערט) וועלכע כאַראַקטעריזירט זיך מיט דער ווידעראויפלעבונג פון דער קלאַסישער ליטעראַטור און קונסט.— ווידערגעבורט, ווידעראויפלעבען.

## ס

סאָפיזם — אַ פאַלשער שלוס, אַ פּלפּול, אַ שוינבאַרער, אָבער אין עצם פאַלשער לאָגישער באַווייז.

סאַנטשאָ־פּאַנסאָ — דער וואָפּען־טרעגער פון דעם ריטער דאָן קיכאָט, דער הויפּט העלד פון דעם באַריהמטען „דאָן קיכאָט“ פון דעם שפּאַנישען שרייבער סערוואַנטעס.

סטאָיקער — איינער וואָס באַציהט זיך רוהיג און גלייכ־גילטיג צו פריידען און ליידען; אַ שטרענגער מאָראַליסט.

סילאָגיזם — אַ לאָגישע שלוספאָלגערונג וואָס ווערט צו־זאַמענגעשטעלט פון דריי זאַצען, וואו דער לעצטער זאַץ איז דער נויטיגער שלוס פון די ערשטע צוויי. צום ביישפּיל: 1) יעדער מענש מוז שטאַרבען; 2) חיים איז אַ מענש; 3) פאָלגליך, חיים מוז שטאַרבען.

סינטעטיש — פון סינטעז. דאָס לעצטע מיינט אַ פאַראייניגונג פון באַזונדערע עלעמענטען אין איין נייער פאָרם; אין לאָגיק — די פאַראייניגונג פון איינפאַכע באַגריפען אין אַ העכערען באַגריף; אין כעמיע — צוזאַמענשטעלען אַ שטאָף פון די עלעמענטען.

סיקאָפאַנט — אַ שמייכלער, אַ חונף, אַ טעלערלעקער, אַ מוסר.

## ע

עמאָציע — געפיהל, אויפרעגונג פון געפיהלען, ריהרונג.

עקלעקטיק(ער) — איינער וואָס נעהמט ניט אָן קיין פעסט באַשטימטע סיסטעם אין דער פילאָזאָפיע אָדער וויסענשאַפט, נאָר ער נעהמט אָן פאַרשידענע טיילען פון פאַרשידענע סיסטעמען.

עסעי — אַ קורצע נישט סיסטעמאַטישע אָפּהאַנדלונג.

## פּ

פּאַריפראַזירען — איבערגעבען איינעמס טעקסט מיט אייגענע ווערטער כדי צו מאַכען איהם קלאָר און פאַרשטענדליך.

פּאַראָקסיזם — אַ פּעריאָדישער אויסברוך פון אַ קראַנקהייט, אַ ספּאַזמע, אַ קאָנוואולסיע.

פּאַריסעי — איינער וואָס היט אָפּ שטרענג די אויסערליכע פאָרמען פון רעליגיע; אַ היפּאָקריט, אַ צבוע׳ק.

פּיליסטער — אַ שמאָלקעפּיגער מענש; אַ מענש מיט אַ שמאָלען און אויבערפלעכליכען בליק אויפ׳ן לעבען.

פּלאַסטיק — די פּלאַסטישע קונסט, אַרכיטעקטור אָדער סקולפּטור; אַ זאַך איז פּלאַסטיש ווען זי לאָזט זיך פאָרמירען און בילדען ווי מען וויל, ווען זי לאָזט זיך קנעטען.

פּראָטאָטיפּ — אַן אָריגינאַל, פון וועלכען עטוואָס ווערט נאָכגעמאַכט; אַ מוסטער.

פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגיש — גייסטיג קראַנק.

## צ

ציניקער — איינער פון דער פילאָזאָפישער סעקטע אין אַלט־גריכענלאַנד, וועלכע האָט געלערענט, אַז דער העכסטער ציעל אין לעבען איז טוגענד. אין דעם געוועהנליכען געברויך איז אַ ציניקער דער, וואָס לאַכט אָפּ פון אַלעס וואָס איז טייער און הייליג.

## ק

קריטעריום — אַ פּרוביר־שטיין; די מאָס דורך וועלכער מען שאַצט אָפּ אַ זאַך.

# אינהאַלט